# נביאים געשטאלטן

האמר לירושלם תושב,
לערי יהודה תבנינה
וחורבותיה אקומם ...
(ישעיה מ"ד).



לעאָן האַלפּערן

# נביאים געשטאַלטן

דאָס לעבן און שאפן פון אונדזערע נביאים, זייער
ווירקונג אפן לעבן פון דער אומה, זייער וועלט־באנעם
און זייער קאמף קעגן דער סאָציאַל־געזעלשאפטלעכער
אָרדענונג אין זייערע תקופות.

אַרויסגעגעבן פון אַ ספּעציעלן
געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט

מאָנטעווידעאָ
ה׳תש״י
1950

*Editorial e Imprenta*
*"ANCLA"*
*de Bdo. Margulies*



פאַרלאַג און דרוקעריי
„עוגן"
פון דב מרגליות

# איינלייטונג

כמעט צוויי טויזנט יאָר זיינען מיר געווען אָפּגעריסן פון אונדזער פאַטערלאַנד ארץ ישראל. צוויי טויזנט יאָר זיינען מיר געווען נע ונד אין גלות. צוזאַמען מיט אונדז האָבן אויך געוואַנדערט אין גלות אונדזערע נביאים. זיי האָבן אָבער געהאַט אַ בעסערן מזל ווי מיר. אין דער צייט ווען מיר זיינען אויסגעשטאַנען די שרעקלעכסטע נגישות און אכזריות־דיקע פאַרפאָלגונגען, ווען אונדזער אומה האָט געדראָט די סכנה אומ־צוקומען דורך פייער און שווערד, דורך געצוווּנגענע און פרייוויליקע אסי־מילאַציע, דורך שמד און ביטערע גזירות, זיינען אונדזערע נביאים אופּ־געכאַפּט געוואָרן אין גלות מיט אָפענע אָרעמס. די רוימיש־קאַטוילישע קירך האָט זיי גענומען פאַר זיך, די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע פאַר זיך און דער איסלאַמיזם האָט זיי געשלעפּט צו זיך.

היינט, מיט דער צוריקדעראָבערונג פון אונדזער באָדן, מיט דער ווידעראופלעבונג פון אונדזער פאַטערלאַנד ישראל, אינעם מאָמענט ווען אונדזער אומה ווערט אויסגעלייזט פון גלות, האָבן מיר צוריקדעראָבערט און אויסגעלייזט אונדזערע נביאים פון פרעמדע הענט. מיר גיבן די נבי־אים קיינעם ניט אָפּ. די נביאים זיינען אַ פּראָדוקט פון יידישן שעפע־רישן כח. זייער נבואה איז די ערשטע און אייביקע ליטעראַטור שאַפונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דוקא אויף אונדזער אייגענעם באָדן. נביאות איז דער אייביקער עקספּאַנאַט פון הויכן יידישן גייסט. דורך די נבי־אים האָבן מיר געשטעלט דעם יידישן חותם אויף דער וועלט. דער ליידנ־שאַפטלעכער פּראָטעסט פון די נביאים קעגן דער אומגערעכטיקייט אין דער וועלט, איז אונדזער פאָלקס־פּראָטעסט. דער אייביקער רוף פון די נביאים צו שלום, צו אייניקייט, צו אמת און יושר, צו פרייהייט און גלייכהייט איז אונדזער רוף. די גייסטיקע דערהויבונג פון דער מענטש־הייט, אויף וועלכער די נביאים האָבן מיט אַזאַ עקשנותדיקייט באַשטאַנען,

איז אויך אונדזער עקשנות׳דיקער ווילן. דער אינהאַלט פון זייער נבואה איז געוואָרן די אינספּיראַציע פונעם בעסטן טייל פון דער מענטשהייט אין אַלע צייטן. קיין שענערע און העכערע אידעאַלן, ווי זיי האָבן געפּרעדיקט פאַרן מענטשן אויף דער וועלט, זיינען ניטאָ און קענען ניט זיין.

ניט אומזיסט זאָגט די דעקלאַראַציע פון ישראל׳ס אומאָפּהענגיקייט, אַז מדינת ישראל ווערט איינגעאָרדנט אין הסכם מיט די אָנווייזונגען און ווונטשן פון די נביאים. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער פּרעזידענט פון ישראל, דר. חיים ווייצמאַן, האָט געענטפערט דער רבנים־דעלעגאַציע, בעת׳ן באַגריסן אים לכבוד זיין אויסדערוויילט ווערן אַלס נשיא פון ישראל, אַז ישראל וועט געבויט ווערן אין איינקלאַנג מיט דעם ווילן פון אונדזערע נביאים. זיי, די נביאים, הייסט עס, זייערע אידעאַלן בילדן דעם פונדאַמענט אויף וועלכן עס באַזירט זיך די נייע סטרוקטור פון אונדזער לאַנד. אינגאַנצן אונדזערע זיינען די נביאים. זיי זיינען דער אויטענטישער טייל פון אונדזער מלוכה. עס איז ניט מער ווי רעכט און אפשר גאָר אַ גרויסער נאַציאָנאַלער חוב, צו קענען און צו וויסן, וואָס די נביאים באַדייטן און וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר, פאַר דעם לעבן און באַפעסטיקונג פון דעם באַנייטן פאָטערלאַנד־ישראל.

די דאָזיקע אַרבעט האָט דעם צוועק צו באַקענען דעם עולם מיט אונדזערע נביאים. עס זיינען פאַראַן אַ סך יידן, וואָס קענען די נביאים נאָך פון חדר צייט, אָבער זייער פאַרנעפּלט, ניט קלאָר. עס זיינען פאַראַן אַ סך וואָס האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען און שטודירן די נביאים און זיי איז לחלוטין פרעמד די ראָל וואָס זיי האָבן אַמאָל געשפּילט אין אונדזער פאָלקס־לעבן. פאַראַן ווידער אַ טייל יידן, וואָס קוקן אויף די נביאים דורך פרעמדע ברילן. די דאָזיקע באַשיידענע אַרבעט, כאָטש זייער אַ סינטעטישע, איז זי אָבער געשריבן ווי אַן אינטערעסאַנטער לייען מאַטעריאַל, אין אַ פּאָפּולערער פאָרם, כדי אַלע קלאַסן יידן זאָלן קענען האָבן אַן איבערבליק איבער די ווירקונג פון די נביאים, אויפן לעבן פון פאָלק און דער מלוכה אין זייערע רעספּעקטיווע תקופות. די דאָזיקע אַרבעט גיט אַ באַגריף דעם לייענער, וואָס אַזוינס איז אַ נביא, זייער ראָל אַלס סאָציאַל־פּאָליטישע קעמפער, זייערע טרוימען און אילוזיעס, זייערע אידעאַלן און זייערע טיפע בליקן איבער דער צוקונפט

פון פאלק ישראל, איז פארבינדונג מיט דער צוקונפט פון דער גאנצער מענטשהייט.

בא דער געלעגנהייט האלט איך פאר מיין חוב צו מאכן פאלגנדיקע דערקלערונגען:

1) אלס מאטעריאל פאר מיין ארבעט האב איך מיר באנוצט מיט דובנאווס געשיכטע, די מפרשים: בן־זאב, ש. ל. גארדאן, רד"ק, ביאור און אנד.

2) די איבערגעזעצטע ציטאטן וואס ווערן געבראכט אין דער ארבעט, זיינען אין א גרויסער מאס פריי איבערזעצט פון מיר אליין. צום טייל האב איך מיר געהאלטן אן די איבערזעצונגען פון יהואש, ביאור און אין די גרעניצן פון די מאדערנסטע מפרשים.

3) אז די ארבעט פרעטענדירט ניט צו זיין אן אויסשעפנדיקע, איז איבעריק צו דערקלערן. איך האב נאר אין א זייער קאנצענטרירטע פארם ארומגענומען די ארויסגעזאגטע געדאנקען פון די נביאים. א סך געדאנקען און נביאות האב איך אויסגעלאזן.

4) די ארבעט גייט ניט האנט בא האנט מיט די רעדאקציאנעלע טיילן פון תנ"ך. ווי באקאנט איז די רעדאקציע אין תנ"ך ניט קיין כראנאלאגישע. א נבואה וואס איז געזאגט געווארן שפעטער געפינען מיר פריער און פארקערט. איך האב די ארבעט געמאכט ניט ווי עס איז געארדנט אין תנ"ך נאר אין הסכם מיט דער תקופה און היסטארישן גאנג פון די באטרעפנדיקע פאלקס־איבערלעבונגען.

און לסוף וויל איך דערקלערן, אז צוטרעטנדיק צו דער דאזיקער ארבעט האב איך בשום אופן ניט געהאט אין זינען וועלכע ניט איז מאטעריעלע נוצן. מיט מיין גאנצער אביעקטיווקייט האב איך געוואלט דינען אונדזער געזעלשאפט, וואס האט בא פארשידענע געלעגנהייטן מיר ארויסגעוויזן איר אופמערקזאמקייט. איך וויל וויזן דעם עולם די ליכטיקע געשטאלטן פון אונדזערע נביאים און באקאנען דעם יידישן לייענער מיט די תקופות אין וועלכע זיי האבן געלעבט און געשאפן זייער אייביק ווערק. אויב דאס איז מיר געלונגען, כאטש גאר אין א קליינער מאס און די געזעלשאפט וועט אופנעמען גינסטיק מיין ארבעט, וועט דאס זיין די בעסטע סאטיספאקציע פאר מיר.

**בא דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן מיין הארציקן יישר כח,** דעם גוטן פריינט פנחס שאפפעל פאר זיין דערמוטיקונג און מיטהילף אין דער דאזיקער ארבעט, שטעלנדיק צו מיין דיספאזיציע, זיין ווערטפולע ביבליאטעק, צו יעדער צייט ווען איך האב באדארפט.

**דער מחבר**

## ישראל אפן גרענעץ צווישן די שופטים תקופה און גרינדונג פון דער ערשטער מלוכה.

„שקול שמואל כנגד משה ואהרן"

דער ערשטער, וואס איז דערשינען אף דער ארענע פון די נביאים און איז אונדז באקאנט פון תנ"ך, איז געווען — שמואל הנביא.

כדי בעסער זיך צו באקענען מיט דער גרויסער פערזענלעכקייט פון דעם נביא ,וואס פארנעמט א בכבוד׳יקען פלאץ אין אונדזער געשיכטע און טיפער צו באגרייפן זיין איינפלוס און השפעה אפן געשיכטלעכן לעבן פון אונדזער פאלק בכלל, באזונדערס אף די דורות, וואס האבן געלעבט צווישן דיביידע תקופות, צווישן דער שופטים תקופה און דער תקופה, ווען מלכות ישראל איז באפעסטיקט געווארן דורך דעם פאלקס־העלד, דוד המלך, איז כדאי צו געבן א קאנדענסירטן איבערזיכט איבער דעם פאליטישן, גייסטיקן און סאציאלן לעבן פון ישראל אין יענער תקופה.

אין דער לאנגער געשיכטע פון יידישן פאלק, פאר דער צייט וואס זיי האבן געלעבט אין ארץ ישראל, איז ניט צו פארצייכענען קיין ערגערן מצב פון די יידן ווי אין דער שופטים תקופה.

פאליטיש זיינען יידן געווען צו יענער צייט נישטיק. אקארשט צע־טיילט צווישן די שבטים דאס דעראבערטע לאנד, זיינען זיי נאך געווען פאליטיש פולשטענדיק צעפאלן. די שבטים צווישן זיך האבן גע־לעבט צעריסן און צעשפאלטן. ארום און ארום ארומגערינגלט פון שכנים, וואס האבן זיך דערקלערט פאר די פארביסנסטע שונאים פון ישראל. די שכנים האבן פארשטאנען אויסצונוצן די צעשפליטערטקייט צווישן די שבטים, דאס פעלן פון א צענטראלע פארבינדונג צווישן זיך. מען איז זיי נאכאנאנד באפאלן, אטאקירט, בארויבט, דערנידעריקט ווען און ווי זיי האבן נאר געקענט. באזונדערס שטארק האט ישראל דעמאלט גע־ליטן פון זייערע שכנים, די פלשתים. דאס פאלק ישראל איז צו יענער

צייט געווען א פאלק פון ערד־ארבעטער און בהמות־האדעווער. האבן נאר די פלשתים געמערקט, אז די יידן האבן עפעס, זיינען זיי באפאלן די גרענעצן דערפער און אוועקגענומען בא דער יידישער באפעלקערונג זייער שניט, פארכאפט זייערע בהמות, פארברענט זייערע הייזער, טויטן און פארניכטן די געפאנגענע יידן און אנגעווארפן א שרעק אף די שבטים. ישראל איז געווען אזוי שענדלעך אונטערדריקט פון די פלשתים, אז די לעצטע האבן ניט דערלויבט די יידן צו האבן אן אייגענעם שמיד, אויס מורא טאמער וועט דער שמיד אויסארבעטן וואפן מיט וואס צו באקעמפן זייערע שונאים. ניט געווען בא יידן דער בארופענער מאן, וואס זאל קענען פארבינדן די איינצלנע שבטים און ארגאניזירן אן אפווער מלחמה קעגן די שונאים. אויב, פון צייט צו צייט האט זיך יא געפונען איינער אדער א צווייטער מוטיקער מאן, וואס האט זיך קעגנגעשטעלט די שונאים, האט ער נאר געקענט גרופירן ארום זיך א גרופע געוואגטע, פארביטערטע, שטארק געליטענע יידן פון דעם אדער יענעם שבט, וואס זיינען ארויסגעטרעטן אין אפווער קעגן דעם שונא און אף א געוויסע צייט דער־ווייטערט פון זייערע גרענעצן דעם אנגרייפער. קוים איז נאר דער שונא געקומען צו זיך פון דעם איבעראשנדיקן ווידערשטאנד פון ישראל, האט ער מיט מער אכזריות און מיט מער שנאה באנייט זיינע אנגריפן און רויבעריען. אזוי האט זיך געצויגן די גאנצע צייט פון דער שופטים תקופה.

גייסטיק איז ישראל געשטאנען אין יענער תקופה זייער נידעריק. דאס פאלק איז געווען אומוויסנד און פארגרעבט. די תורה, וואס איז פראקלאמירט געווארן דורך משה'ן, אלס באזע פון יידישן לעבן, אלס יסוד פון דער יידישער קולטור, האבן די יידן ניט געקענט. פון דער ריי־נער יידישער אמונה — דער מקור פון מאנאטעאיסטישער וועלט־אנ־שויונג, זיינען די יידן געווען דערווייטערט. נאטירלעך, אז אונטער די אומשטענדן, האבן די יידן, באזונדערס די וואס האבן געלעבט אין די גרענעץ־געגנטן, זייער גיך איבערגענומען און אדאפטירט די קולטן פון זייערע שכנים. דער בעל קולט, עשתרות, דגון און אנדערע היידענישע אפגעטער איז אריינגעדרונגען טיף אין די נשמות פון יענע יידן. מען האט איבערגענומען און זיך איינגעלעבט אין די קולטורן פון די צידו־נים, חתים, פלשתים, אמורים און אנדערע פעלקער, וואס האבן ארומ־

גערינגלט ארץ ישראל. ניט געווען בא יידן קיין אויטאָריטאַטיווע פאַר־
זענלעכקייט, וואָס זאָל מיט איר השפעה קענען אויפהויבן דעם קולטור־
רעלן מצב פון די שבטים און סטימולירן זיי צו א העכערן אַרט לעבן.
ניט געווען בא יידן אַזאַ פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל קענען אַרויסברענ־
גען דעם אידעאַל, אַרום וועלכן די שבטים זאָלן זיך קענען גרופּירן און
בילדן א געאייניקטן כח.

אין איינעם אָדער אַנדערן שבט, האָבן זיך יאָ באַוויזן יידן, אָפּ־
שטאַמיקע פון די כהנים אָדער לווים. זיי האָבן פּראָבירט אופלעבן
דעם כהונה קולט, וואָס יידן האָבן געהאַט איינגעפירט, נאָך אין דער
צייט פון זייער וואַנדערן אין מדבר, וואָס האָט דעמאָלט געדינט ווי א
צענטראַלער פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן די שבטים. דאָס האָט אָבער
געטראָגן א פּריוואַטן כאַראַקטער, אין איין משפחה אָדער שבט. דער
פאַרזוך זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין א גייסטיקן צענטער פאַרן גאַנצן
פאָלק, דאָס איז ניט געלונגען צו יענער צייט. האָבן די שבטים געלעבט
צעטיילט און צעבראָקלט צווישן זיך, קולטורלאָז, אָן א גייסטיקן אינהאַלט.

סאָציאַל זיינען יידן אויך געווען פאָלשטענדיק צעשפּאָלטן.
זיי זיינען געווען צעטיילט אין 12 שבטים און די שבטים איינגעטיילט
אין משפחות, זיי האָבן געפירט א פּאַטריאַרכאַלן אַרט לעבן, בראש פון
וועלכן עס זיינען געשטאַנען די זקנים. ניט געווען בא זיי קיין געזעל־
שאַפטלעכע אָריענטאַציע און קיין רעגירנדיקער אינסטיטוט, וואָס זאָל
זיי פאַרבינדן און פאַראייניקן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין וועגווייזער און
קיין פירער, וואָס זאָל זיי סאָציאַל אָרגאַניזירן, ווייניקסטנס אַזוי ווי זייע־
רע שכנים זיינען געווען אָרגאַניזירט.

אין אַזאַ טרויעריקער צייט איז דערשינען שמואל הנביא. שוין זיין
געבורט באַצייכנט אים אַלס גרויסע פּערזענלעכקייט, וואָס איז באַשטימט
צו ווערן איינער פון די גרויסע יידישע פיגורן, וואָס זיינען געבליבן פאַר
דער געשיכטע אומשטערבלעך. ווי די מסורה גיט איבער, איז שמואל
געבאָרן געוואָרן פון א פרוי, וואָס ביז זיין געבורט איז זי געווען קינ־
דערלאָז. זי זאָל אים האָבן אויסגעבעטן בא גאָט און דער כהן עלי, דער
לעצטער שופט אין דער שופטים תקופה האָט איר געבענטשט זי זאָל גע־
בוירן א זון. דערפאַר האָט זיין מוטער זיך געגעבן א נדר, אויב זי וועט
טאַקע געבוירן א זון, זאָל זי אים ווידמען אף זיין גאַנצן לעבן צו גאָט.

# עלי הכהן און זיין פאַרזוך צו איינפלאַנצן אַ טעאָקראַ־טישן רעזשים באַ די יידן פון יענער צייט

עס איז ניט מעגלעך צו ריידן וועגן שמואל הנביא און ניט דער־מאָנען דעם לעצטן שופט — עלי הכהן. דער לעצטער שופט, באַקאַנט אין תנ"ך אַלס עלי הכהן, איז געווען דער איינציקער פון יענער תקופה, וואָס האָט אַלס כהן אויסגעאיבט אַ גרויסע השפעה אַפן גאַנג פון יידישן לעבן. און ניט נאָר אַף זיין דור אַליין האָט זיך געמערקט זיין השפעה, זיין ווירקונג האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אויך אַף די שפּעטערדיקע דו־רות. עלי הכהן איז ניט געווען קיין מלחמה העלד, ער האָט זיך ניט אויס־געצייכנט מיט זיין גבורה צו פירן די שבטים אין מלחמה קעגן זייערע שונאים, ווי דאָס האָבן געטאָן די שופטים פאַר אים. ער האָט זיך אָבער דאָך פאַרדינט דעם גרעסטן רעספּעקט צו זיך. די יידן האָבן אים באַטראַכט אַלס הייליקער מאַן. עלי איז געווען אַ יחסן, ער האָט אָפּגעשטאַמט די־רעקט פון אהרן הכהן. די כהונה איז באַ אים געווען די לופט מיט וואָס ער האָט געאָטעמט. די כהונה האָט ער באַטראַכט אַלס אַ ירושה היי־ליקטום. ער האָט געזען אין דער כהונה דעם איינציקן מיטל ווי צו פאַ־ראייניקן אַלע שבטים אַרום איר. ער איז אַרומגעגאַנגען מיטן געדאַנק, אופלעבן די פּראַכט און ווירדע פון דער כהונה, ווי זי איז געווען אַמאָל, אין דער צייט פון אהרן הכהן, ווען די יידן האָבן נאָך געוואַנדערט איבערן מדבר, וועט דאָס קענען דינען ווי אַ צענטער אַרום וועלכן עס זאָלן זיך גרופּירן אַלע שבטים. ביז אים איז די כהונה גע־ווען פאַרנאַכלעסיקט. לידיק גייער, דורכלויפער, אַזעלכע וואָס געהערן זיך גאָר ניט אָן מיט דער כהונה האָבן אויסגענוצט דעם אַמט פאַר זייערע פּערזענלעכע צוועקן. ייד זהאָבן פאַרלאָרן דעם רעספּעקט צו דער כהונה. עלי האָט געוואָלט דאָס אופהויבן, אָוועקשטעלן די כהונה אַף דער גע־העריקער הויך און מאַכן זי אַזוי ווירדיק אַז זי זאָל דינען פאַר אַ שטענדיקן רעזשים וואָס זאָל רעגירן דעם לעבן פון פאָלק ישראל.

אין אַ געוויסער מאָס, וויניקסטנס פאַר דער צייט פון זיין לעבן,

איז אים יאָ געלונגען אופצוהויבן די ווירדע פון דער כהונה. עלי הכהן איז געווען אַ גוטער, איידעלער און מיטפילנדיקער מענטש. מיט זיין ליבע צום פאָלק, מיט זיין טרייקייט און איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער תורה, מיט זיין צוגעבונדנקייט צו דער כהונה, איז אים יאָ געלונגען אופצוהויבן די כהונה צו אַ געוויסער מדרגה.

אַ דאַנק אים, אַ דאַנק זיין אופריכטיקייט וואָס ער האָט געפילט צו דער הייליקייט פון דער כהונה, איז אים געלונגען צו שאַפן אין דער שטאָט שילה אַ געוויסן גייסטיקן צענטער, אַרום וועלכן ער האָט באַוויזן צו קאָנצענטרירן די אַרומיקע שבטים. ער האָט אויסגעבויט אין שילה אַ משכן, ווו די יידן פון די אַרומיקע שבטים זיינען געקומען מקריב זיין קרבנות און אָפּריכטן גאָטעס דינסט. אויסנוצנדיק די דאָזיקע געלעגנהייט האָבן שוין די יידן, וואָס זיינען געקומען אין משכן ברענגען קרבנות, זיך געווענדעט צו עלי מיט זייערע געלט און פאַמיליען סכסוכים. אַזוי אַרום האָט עלי ביסלעכווייז זיך דערהויבן צום סטאַזש פון אַ געטלעכן מאַן און הערשנדיקן כהן. ער האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די נאָענטע שבטים. אויף דער עלטער האָט ער שוין געהאַט די אילוזיע, אַז דער רעליגיעז־גייסטיקער צענטער פון שילה און די כהונה וואָס ער האָט אַזוי אָפּגעהיט זיין גאַנץ לעבן, וועט זיך שוין איינוואָרצלען אַלס אַ רעזשים בא יידן, וואָס וועט ריכטן די שבטים אפן יידישן וועג און סוף כל סוף, וועלן זיך אַלע שבטים אייניקן אַרום דעם משכן שילה און אָנעמען דעם כהונה רעזשים, וואָס ער האָט געשאַפן. דער משכן שילה איז געוואָרן בא אים דער צענטער פון זיין גאַנץ לעבן און די טעאָקראַטישע פעסטונג פון שילה דער שענסטער לעבנס־טרוים זיינער.

זייער מעגלעך, אַז אַזוי וואָלט טאַקע געווען און עס וואָלט פאַרווירקלעכט געוואָרן די אידייע פון אַ ממשלת כהנים בא יידן, ווען דער גוטער עלי וואָלט געהאַט קינדער, וואָס זאָלן אים העלפן אין דעם, זיי זאָלן פאַרענדיקן וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען, עלי'ס קינדער אָבער האָבן זיך ניט געהאַלטן באַ דעם געדאַנק פון זייער פאָטער. זיי האָבן באַטראַכט דעם אַמט פון אַ כהן נאָר אַלס אַ מיטל צו דערפילן די פּערזענלעכע אַמביציעס זייערע. אין דער כהונה, וואָס זייער פאָטער האָט אַזוי אָפּגעהיט און געטראָגן מיט אַזאַ ווירדע, האָבן זיי געזען בלויז די

„מתנות", דעם חלק, וואָס עס קומט זיי, אַלס כהנים. וועגן גורל פון פאָלק און וועגן זייער צוקונפט, האָבן זיי זיך גאָר ווייניק געקימערט. עס האָט זיי ניט געאַרט ניט דער טרויעריקער פּאָליטישער מצב פון פאָלק און ניט זיין נידעריקער גייסטיקער ניוואָ. זיי האָבן געוווסט בלויז איין זאַך, דאָס בעסטע און דאָס פעטסטע פון די קרבנות וואָס יידן ברענ־גען, געהערט צו זיי. טאָמער האָט מען זיי אַזוי גיך ניט געגעבן זייער חלק, האָבן זיי געשיקט זייערע יונגען און מען האָט מיט געוואַלט גע־נומען. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זייערע יונגען האָבן איינפאַך אַריינגעשטאָכן זייער גרויסן גאָפּל אין טאָפּ, ווו עס האָט זיך געקאָכט דאָס פלייש און מען האָט אַרויסגעשלעפּט, וואָס דער גאָפּל האָט פאַר־טשעפּעט.

נאַטירלעך, האָט אַזאַ פירונג פון עלי'ס קינדער ניט צוגעגעבן קיין פּרעסטיזש דער כהונה און ניט פאַרשאַפט קיין רעספּעקט פאַר דער רע־ליגיע. די יידן וואָס זיינען שטענדיק געקומען אין משכן שילה, ברענ־גען זייערע קרבנות, זיינען אנטוישט געוואָרן אין דעם גייסטיקן צענטער און אין דער כהונה. די קינדער פון עלי, די כהנים, וואָס האָבן איבער־גענומען פון פאָטער די כהונה, האָבן געקראָגן דעם צונאָמען „בני בליעל" געמיינע מענטשן. עס פאַרשטייט זיך, אַז עלי האָט אויך ניט געהאַט קיין נחת דערפון. ער האָט באַלד געזען, אַז דאָס וואָס ער האָט געבויט זיין לעבן לאַנג, צעברעכן דאָס זיינע קינדער. דער רעליגיעז־גייס־טיקער צענטער פון שילה, וואָס ער האָט באַטראַכט אַלס די פעסטונג פון דער כהונה און דער פאַרייניקונגס־כח, וואָס וועט צוזאַמענעמען אַלע שבטים פאַלט איין. די קינדער פאַרשוועכן זיין הייליקטום. זיין השפּעה אויף די יידן ווערט קלענער, זיין איינפלוס מינדערווערטיקער. ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען דעריבער און זיין האַרץ האָט געציטערט איבער דעם גורל פון זיין ליב פאָלק.

די קאַטאַסטראָפע, פאַר וועלכע דער אַלטער כהן עלי האָט זיך אַזוי געשראָקן האָט לאַנג ניט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. ווי די מסורה דער־ציילט האָבן די פּלשתים, די שטענדיקע יידישע שונאים, ווידער אַמאָל געמאַכט אַן אַנגריף אויף די יידישע שבטים און האָבן אָנגעפאַנגען אַ מל־חמה אויף די יידן אויף דעם אָרט, וואָס איז באַצייכנט אין תנ"ך „אבן העזר" און די יידן האָבן דאָרט געליטן אַ שרעקלעכע מפּלה. זיך זעענדיק אַליין,

פארלאזענע און פארגעסענע, דערשלאגענע און פארקנעכטעטע, אז אַ פיר־דער, אן א לערער און וועג־ווייזער, האבן יידן זיך ארומגעזען, אז עס איז ניטא קיינער ווער עס זאל זיי העלפן ווי נאר דער יידישער גאט, וואס רוט אין הייליקן ארון. נאך א בארא‌טונג פון די זקנים איז געווארן באַשלאסן: ארויסצונעמען דעם ארון פון משכן שילה און אים נעמען צום שלאכט־פעלד. דער ארון זאל גיין מיט די יידן צום שלאכט און ער וועט זיי שוין זיכער העלפן קעגן אלע זייערע שונאים. אזוי ארום און אונטער דעם איינדרוק פון די שווערע נידערלאגעס, איז בא יידן צוריק אויפגעקומען דער געפיל פון אמונה אין איין און איינציקן גאט, אין וועלכן זייערע אבות האבן געגלויבט, וואנדערנדיק אמאל אין מדבר, עס האט אופגעלעבט אין זייערע הערצער דער לאזונג:

„קומה ד. ויפוצו אויביך, וינוסו משנאיך מפניך”, „שטיי אוף גאט, זאלן צעשמעטערט ווערן דיינע פיינט און זאלן דיינע שונאים צעלויפן פון דיר”.

און דער אלטער עלי הכהן? טראָץ זיין גרויסן רעספעקט וואס ער האט געהאט צום גייסטיקן צענטער וועלכן ער האט געשאפן, טראָץ דעם יראת הכבוד וואס ער האט געהאט צום הייליקן ארון, אלס סימבאל פון גאט פון ישראל, טראָץ דעם שרעק וואס אים איז באפאלן, הערנדיק, אז מען וויל דעם ארון נעמען צום שלאכט־פעלד און כאטש ער האט געציטערט פון שרעק, אז עס קען עפעס מיט דעם הייליקן ארון געשען, איז אבער די ליבע צום פאלק געווען נאך גרעסער און שטארקער. דאס פאלק ישראל איז אין געפאר, דער שונא איז געפערלעך, טאר מען זיך ניט אין אזא מאמענט קעגנשטעלן דעם ווילן פון די זקנים — די פירער פון פאלק, און דער אלטער כהן האט ארויסגעגעבן דעם הייליקן ארון פון משכן.

ניט אומזיסט אבער האט דער אלטער כהן אזוי געציטערט בשעת מען האט ארויסגעפירט דעם ארון פון משכן. ניט אומזיסט האט אים געקלאפט זיין הארץ, ניט אומזיסט איז געווען זיין שרעק. ווער נאך ווי ער האט אזוי געוווסט, וואס דער „ארון” באדייט פאר יידן? דער „ארון” דאס איז דער הייליקסטער אוצר פון דער יידישער אומה. דער ארון, איז די נשמה פון דעם נאך שוואכן יידישן ארגאניזם, וואס האט זיך גאר

וואס געשטעלט אף זיינע פיס. דער „ארון" דאס איז דער איינציקער פאַר־דים וואס איז אומשטאנד צו האַלטן צוזאמען די איינצלנע שבטים זיי זאָלן ניט צעשאָטן ווערן און אינגאַנצן פאַרשווינדן פון אויבערפלעך, האַבנדיק זיך אויסגעמישט מיט די אַרומיקע שכנים.

זיצט דער אַלטער עלי אף זיין ערן־בענקל, אף וועלכן ער איז שטענ־דיק געזעסן ווען ער האָט באַדאַרפט לייזן אַ פאָלקס־פּראָבלעם. ער זיצט אין גאַנצן אַ ציטערנדיקער, צעשראָקן פון איבערטראַכטן עס זאָל חלילה ניט עפּעס געשען מיט דעם הייליקן „ארון". זיין אַלט האַרץ קלאַפּט שווער פון מורא פאַרן גורל פון זיין געליבט פאָלק און פון זיין הייליקן אוצר. ער ציטערט פאַר דער אומבאַוווּסטקייט איבער דעם אויסגאַנג פון דער בלוטיקער מלחמה מיטן שונא. ער זיצט און וואַרט אף אַ ידיעה פון שלאַכט־פעלד. זיינע אַלטע, אויסגעלאָשענע אויגן דערזעען, אַז פון ווייטנס דערנענטערט זיך אַ מענטש. באַמערקנדיק, אַז דער וואָס דערנענטערט זיך גייט אַ פאַרמאַטערטער, אָפּגעברענט פון דער זון, איינגעהילט אין צעריסענע קליידער (אין יענער צייט אַ צייכן פון טרויער) האָט עלי באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער מאַן קומט פון שלאַכט־פעלד און ברענגט ניט קיין גוטע ידיעות און דאָס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן האַסטיקער און שוואַ־כער.

קום אַהער, מיין קינד, האָט דער אַלטער כהן באַגעגנט דעם אָנקו־מענדיקן, רייד, דערצייל, וואָס האָט פּאַסירט אפן שלאַכט־פעלד?

ניט גוט, מיין האַר, האָט דער אָנגעקומענער גענומען דערציילן. מיר האָבן געליטן אַ שרעקלעכע מפּלה אין דער מלחמה מיטן שונא. דיינעביידע זין זיינען געפאַלן אין שלאַכט.

דער אכט און ניינציק יאָריקער זקן האָט שוין גענוג צרות געהאַט איבערגעטראָגן צוזאַמען מיטן פאָלק. ער איז שוין געווען געוווינט, אַז זיינע פאָלקסגענאָסן זאָלן אויסשטיין די שווערסטע אָנגריפן און מערדע־רישע רויב־אָנפאַלן פון די געפערלעכע שכנים. וואָס זאָל מען טאָן? דאָס איז גאָטס ווילן. גאָט פון ישראל וועט זיך דערבאַרעמען איבער זיינע קינדער און זיי וועלן דעם אומ־גליק אויך איבערלעבן. די קינדער זיינען יעפאַלן אין שלאַכט, וואָס זאָל מען טאָן?, זיי האָבן פאַרטיידיקט זייער לאַנד, זיי האָבן געקעמפט פאַרן כבוד פון פאָלק, פאַרן לאַנד און פאַרן

פאלק. עס העלפט ניט, עס מוז קאסטן קרבנות. קיין פאטער דארף ניט טרויערן איבער דעם טויט פון זיינע קינדער, אויב זיי פאלן ווי העלדן, פארטיידיקנדיק זייער לאנד, און דער אלטער עלי וואלט דעם קלאפ אויך פארשמערצט.

אבער דער „ארון" איז געפאנגען געווארן, האט דער מאן צוגעגעבן. די ידיעה איז שוין געווען צו שרעקלעך, צו שווער פאר דעם אלטן, אכט און נײַנציק יאריקן זקן, אריבערצוטראגן. דערהערנדיק דאס, איז ער אראנ־טערגעפאלן פון זיין זיץ און איז געבליבן ליגן א טויטער.

אזוי איז אויסגעגאנגען דער אלטער עלי. אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן האט ער געזען, אז זיין ווערק, וואס ער האט זיין לעבן לאנג געבויט איז אין איין מינוט צעפאלן. זיינע חלומות, צו זען שילה אלס גייסטיקן צענטער פון זיין „ממלכת כהנים", אנגעפירט פון כהנים און דאס זאל דינען פאר דעם פארייניקונגס־כח, וואס זאל גרופירן ארום זיך אלע שבטים, איז מיט דער געפאנגענשאפט פון „ארון" צערונען גע־ווארן, זיין ליב פאלק ווערט חרוב דורך דער פארשקלאפונג צו די פלשתים.

נאך עלי'ס טויט זיינען די יידישע שבטים ארייגעפאלן אין א גרוי־סער פארצווייפלונג. זיי זיינען געבליבן אינגאנצן צעבראכן, סיי פיזיש און סיי גייסטיק. כאטש שפעטער, ווי די מסורה גיט איבער, איז דורך א צופאל דער „ארון" צוריקגעקערט געווארן צו די יידן, זיינען די יידן דאך געווען אינגאנצן דערדריקט. א לאנגע צייט האבן זיי ניט געהאט קיין מוט צו טראכטן פון דעם גייסטיקן צענטער און פון דעם „ארון" וואס האט זיך דארט געפונען. האפנונגסלאז, אן א גייסטיקן פירער, אן יעדער אויסזיכט פון הילף האבן די יידן דעמאלט געלעבט. אין יענער צייט האט זיך באוויזן שמואל הנביא אף דער ערענע.

---

# שמואל הנביא

אין היסטאָרישן לעבן פון יידישן פאָלק איז שוין געוואָרן אַן אַקסיאָמע אַז בעפאָר עס פאַרגייט די זון פון איין יידישן מנהיג, שיינט די זון אויף מיט אַ צווייטן מנהיג. דאָס איז פולשטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן בא עלי הכהן און שמואל הנביא.

ווי די מסורה דערציילט אונדז, איז שמואל געבאָרן געוואָרן קורץ פאַר עלים טויט. זיין מוטער האָט אים געבוירן נאָך אַ לאַנגע צייט פון איר אומפּרוכטבאַרקייט. אַלס דאַנק צו גאָט, וואָס ער האָט איר געגעבן אַ קינד, האָט זי באַשלאָסן דעם ערשטן קינד ווידמען אינגאַנצן צו גאָט. כדי דעם באַשלוס צו דערפילן, האָט זי אָפּגעגעבן שמואלן נאָך אַלס צאַרט קינד אין משכן פון שילה — דעם דעמאָלדיקן גייסטיקן צענטער ווו עלי הכהן האָט אַקטואירט.

שמואל האָט זיך דערצויגן אונטער דער דירעקטער השגחה און השפּעה פון עלי הכהן. פון זיין גרויסן רבי האָט שמואל גערירשנט די אויסעראָרדנטלעכע ליבע צו זיין פאָלק און די זאָרג פאַר ישראל'ס צוקונפט. ער האָט אָבער איבערגעשטיגן זיין רבי אין יידישן גייסט און פּאָליטישן חוש.

זייענדיק דערצויגן איינזאַם, אָפּגעזונדערט פון מענטשן, שטענדיק אַליין אין די פיר ווענט פון משכן, האָט זיך בא שמואלן נאָך אין זיין יוגנט אַנטוויקלט די פעאיקייט זיך צו פאַרטראַכטן און פאַרטיפן אין די פּראָבלעמען, וואָס זיינען צו יענער צייט אויפגעטויכט געוואָרן אין יידישן לעבן. פון זיין קינדהייט אָן איז שמואל הנביא געוווינט געוואָרן צו התבודדות, צו אָפּגעזונדערטקייט. זיין פאַנטאַזיע האָט געזען פאַרשידענע וויזיעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די פּראָבלעמען פון זיין פאָלק.

שמואל הנביא האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו קענען דעם משכן שילה אין אַלע זיינע אַספּעקטן. סיי אין דער גייסטיקער השפּעה וואָס יידן ציען פון אים און סיי דאָס שלעכטע וואָס ער ברענגט. ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו שטודירן די נוצן פאַרן פאָלק פון אַ ממלכת כהנים

רעזשים, ווען די כהנים האלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון פאלק און האט געזען די שאטן זייט פון אזא רעזשים. ער האט געזען ווי די כהנים ווערן פארוואנדלט אין עגאיסטיש־מאטעריאליסטישע פירער און ווי דאס ווירקט אף דער געזעלשאפט. ער האט גענוי אפגעווויגן און אפגע־מאסטן די מעלות און חסרונות פון אזא רעזשים און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אזא גייסטיקער צענטער, וואס ווערט אנגעפירט פון כהנים, קען ניט אנטהאלטן דעם כח, צו פאראייניקן אלע שבטים און אויספארמירן פון זיי אן איינהייטלעכן שטארקן פאלק. א רעזשים וואס זוכט עגאיסטיש צו עקספלאטירן דעם גלויביקן, וועט גיכער צעטיילן איידער פאראייניקן א פאלק. מיט זיין נביאי'שן חוש, וואס האט זיך בא שמואל'ן אויסגעבילדעט און פארשארפט געווארן אין זיין איינזאמקייט אין גאטס הויז, האט ער דערזען און דערפילט, אז א גרויסע סכנה לויי־ערט אפן קיום פון פאלק, אויב זיין גורל וועט ליגן אין די הענט פון די כהנים מאטעריאליסטן און אויב דער גייסטיקער צענטער וואס זאל זיי גרופירן וועט זיין בלויז אן ארט, ווו מען שלאכט קרבנות און די כהנים נעמען צו דעם בעסטן חלק פונעם פלייש.

בא דעם יונגן נביא האט גענומען אופגיין דער געדאנק, אז דאס גאנ־צע שלעכטס קומט צו די יידן דערפאר, וואס זיי לעבן צעטיילט אין שב־טים. עס מוז ווערן פון אלע שבטים איין שטארקער פאלק. דער גייסטי־קער צענטער, וואס עלי האט זיין לעבן לאנג געבויט איז ניט מסוגל צו ווערן דער כח, וואס וואלט דאס באדארפט זיין, בא אנדערע אומשטענדן. אין די לאנגע שעה'ן פון זיין אליין מיט זיך, האט שמואל זיך פארטיפט איבער דעם פראבלעם. שטילערהייט, אפגעזונדערט פון אלעמען, האט ער פארבראכט אין תפילות און געבעטן בא גאט, ער זאל אים בא־לויכטן זיין שכל און אריינגעבן אים פארשטאנד, ווי אזוי דאס זאל גע־שען. די שטענדיקע תפילות האבן אים עקזאלטירט, דער ווונטש פון זיין הארצן, דאס צו זען פארווירקלעכט, האט אים אריינגעבראכט אין עקסטאז. ער זעט, אז זיין ליב פאלק גייט אונטער. די געטער פון די ארומיקע פעל־קער־שכנים דרינגען אריין אלץ מער און אלץ טיפער אין די שיכטן פון זיין פאלק. נאך א ווייל און די פרעמדע געטער קריגן די אויבערהאנט איבער'ן אויסדערוויילטן פאלק און זייער גאנצער לעבן ווערט דאמינירט

פון זיי. וואָס טוט מען? וועלכע מיטלען נעמט מען אָן, אַז דאָס זאָל ניט געשען? ווי מאַכט מען פון יידן אַ שטאַרק, געאייניקט פאָלק?

ווי עס שיינט, איין מאָל, זייענדיק ווי שטענדיק פאַרטיפט אין זיינע תפילות צו גאָט, האָט ער וויזיאָנעריש דערפילט וואָס צו טאָן. ער האָט דערזען דעם ריכטיקן וועג אויף וועלכן די יידן מוזן גיין, כדי ווערן אַ געאייניקט פאָלק. יידן מוזן פלעגן דעם אידעאַל פון אַ ריינער אמונה, דעם אידעאַל פון אַז איין און איינציקן גאָט — די אידעע פון מאָנאָ־טעיזם. נאָר דער אידעאַל קען האָבן דעם כח צו פאַראייניקן אַלע יידן.

פון דעם מאָמענט אָן, איז שוין שמואל'ן קלאָר געוואָרן וואָס ער האָט צו טאָן, כדי דעם אידעאַל צו פאַרווירקלעכן. ניטאָ מער דער גייס־טיקער צענטער אין שילה, דאַרף מען ניט! גלייכער אַזוי! דאָס איז ממילא ניט געווען קיין צענטער פון יידישן גייסט. יידן האָבן סיי ווי פאַרלאָרן זייער גלויבן אין אים. מען מוז שאַפן ניט איין גייסטיקן צענטער נאָר אַ סך. מען מוז אַרומפאָרן איבער אַלע יידישע שטעט און דערפער אין גאַנצן לאַנד, צווישן אַלע שבטים, און איינפלאַנצן אין זיי דעם געדאַנק פון איינציקן, אומזעבאַרן, אומגרייפבאַרן, אומקערפּערלעכן גאָט, וועמענס לע־רע עס איז פול מיט מאָראַל, עטיק, מענטשלעכקייט און ליבע צום מיט־מענטשן. „הסירו את אלוהי הנכר מתוכבם והעשתרות" דערוווייטערט פון זיך די פרעמדע געטער, האָט שמואל געפּרעדיקט, אומעטום ווי ער האָט זיך באַוויזן. וואַרפט אַוועק דינען און גלויבן אין פרעמדע געטער, וואָס קענען אייך גאָרניט ברענגען. גלויבט אין אייער גאָט, דער איין און איינציקער גאָט. גלויבט אין זיין תורה, פּירט אייער לעבן אויף די יסודות, וואָס אין גאָטס תורה איז אָנגעצייכנט: מענטשלעכע עטיק, מאָראַל, פריינטלעכקייט, משפחה ריינקייט, ליבע צו מענטשן, סאָציאַלער יושר. די תורה קען אייך אַלעמען פאַראייניקן. נאָר אַ פאַראייניקונג אויף דער באַזע וועט אייך העלפן פון אייערע שונאים און איר וועט ווערן, אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער.

טאָג איין טאָג אויס, יאָר איין יאָר אויס, האָט שמואל געוואַנדערט איבער אַלע יידישע ישובים און געהאַמערט אין זייער קאָפּ דעם דאָזיקן געדאַנק. אַ גאַנץ יאָר איז ער אַזוי אַרומגעפאָרן. קומען אויף אַ ווייל אין זיין היים, אין דער שטאָט רמה, און ווייטער וואַנדערן. ניט געווען מער

דער צענטער אין שילה, וואס די יידן האבן בשעתו אזוי פארהייליקט. ניט געוועזן מער דער ארט, ווו יידן זאלן קומען מיט זייערע קרבנות און די כהנים זאלן זיך ארומרייסן מיט זיי איבער א גוטן חלק פלייש. דאס גאנ־צע לאנד איז געווען פאר אים א גייסטיקער צענטער. נאך אלעמען איז ניט די קרבנות דער עיקר פון דער יידישער אמונה. דער עיקר איז די ריינע אמונה, טיפער גלויבן אין גאט און אין דער תורה מיט איר עטיק. לעבן אין איינקלאנג מיט די געבאטן, וואס די תורה אנטהאלט, דאס איז דער עיקר פון יידישער אמונה.

ניט לייכט איז דאס אנגעקומען שמואל'ן אויסצופירן די שווערע אויפגאבע וואס ער האט זיך געשטעלט. זייער שווער איז עס געוועזן פאר אים, אריינצוברענגען אין די אנטוישטע און נידערגעשלאגענע, אין די פאריאכטע און פארשקלאפטע יידן א נייע נשמה. זיי זיינען געוווינט אפצוקו־מען פאר גאט מיט א געשאכטענעם שעפס אדער גאר אן אקס און דא פאר־לאנגט גאר שמואל פון זיי — הארץ, אויפריכטיקייט, תפילות, באקערונג צו דער אמונה, וואס איז דער קוואל און חיות פון יידישן פאלק. זיי זיי־נען געווען געוווינט צו זען א גאט פון שטיין און האלץ, א גאט א גרייפבארן, א סטאטוע וואס מען זעט זי און מען שמואל רעדט צו זיי פון א גאט וואס מען זעט ניט און מען הערט ניט. נאר אזא גייסטיקער ריז ווי שמואל האט דאס געקענט באווייזן — באקערן דאס פאלק צו זייער אמת'ער אמונה און איינפלאנצן אין זיי די אידייע פון מאנאטעיזם. שמואל האט אויך געהאט א גרויסן ארגאניזאטארישן חוש. ער האט ארגאניזירט א גרופע ארויסהעלפער. יונגע לייט פון זיין שבט. די לויים וואס זיינען געבליבן ברויטלאז נאכן חורבן פון שילה, זיי האט ער צוזאמענגענומען און האט געמאכט פון זיי פאר זיינע פלאם פייערדיקע אנהענגער. מיט זייער הילף איז אים געלונגען צו דערגרייכן דעם ציל, וואס ער האט זיך געשטעלט — פארייניקן די שבטים אף דער באזע פון ריינער יידי־שער אמונה, אומקערן די יידן צוריק צו זייער גאט.

מיט דער הילף פון די יונגע לויים, וואס האבן זיך ארום אים גרופ־פירט, האט ער אויסגעבילדעט א גרופע נביאים, וואס האבן געלערנט דעם פאלק די אידייע פון איין און איינציקן גאט. אונטער זיין דירעקטער השפעה איז די יונגע נביאים געלונגען אריינצודרינגען אין פאלק און

אופלעבן דעם אנטמוטיקטן און אנטוישטן המון און אלעמען פאראייניקן אונטער איין פאן — די פאן פון מאנאטעאיזם. דער סוף איז געווען, דערציילט דער תנ"ך „וירבו הימים, וינהו כל בית ישראל אחר ד." יידן האבן גענומען בענקען נאך גאט, זיי האבן דערפילט א דראנג צו דינען דעם אמת'ן יידישן גאט.

ווען שמואל האט דערזען, אז זיין אידעאל ווערט פארווירקלעכט, עס איז רייף געווארן דער געדאנק פון דער ריינער אמונה, האט ער פאר־רופן א גרויסע פאלקס־פארזאמלונג אין מצפה און האט זיי געזאגט. אויב איר אנערקענט דעם איין און איינציקן גאט און די ריינע יידישע אמונה מיטן גאנצן הארצן, ערלעך און אופריכטיק, איז דאס דער כח וואס וועט אייך פאראייניקן און מיט דעם כח קענט איר אונטערנעמען א מלחמה. איר קענט זיך פארמעסטן אראפצווארפן דעם יאך פון די פלשתים און לעבן ווי א פריי פאלק אף דעם באדן פון אייער לאנד.

די תקופה פון שמואל הנביא ווערט מיט רעכט באצייכנט ווי א תחית המתים תקופה פון יידישן פאלק. דער יידישער פאלקס־ארגאניזם איז געווען דעמאלט אזוי גוט ווי טויט און שמואל הנביא האט אין אים אריינגעגעבן א ניי לעבן. ער האט אין דעם טויטן יידישן פאלקס־ארגא־ניזם אריינגעבלאזן א נייע יידישע נשמה. ריין פסיכאלאגיש קען מען ציען פאלגנדיקן שלום פון שמואל'ס נביאיש־דערציערישער טעטיקייט; די יידישע אומה האט זיך געפונען אף א שייד־וועג, אדער אונטערגיין אדער זיך אינערלעך פארצעמענטירן און עקשנות'דיק איינהאלטן דעם יידישן לעבן. שמואל איז געווען דער, וואס האט דורכגעפירט דאס צווייטע. דאס יידישע פאלק האט זיך צוגעהערט צו די ווייזונגען פון שמואל הנ־ביא און איז געבליבן לעבן.

אין דעם טאקע ליגט דער גרויסער וואונדער און אין דעם באשטייט די גרויסע ראל וואס שמואל הנביא האט געשפילט אין היסטארישן לעבן פון אונדזער אומה. די חכמי התלמוד שרייבן צו שמואל'ן זייער א גרויסע וויכטיקייט אין זיין אקטואציע פאר דער עקזיסטענץ פון פאלק. זיי זאגן „שקול שמואל כנגד משה ואהרן", דאס הייסט, אז שמואל'ס פארדינסטן זיינען אזוי גרויס, ווי משה און אהרן'ס צוזאמען. משה האט געשאפן דעם יידישן פאלקס־ארגאניזם און אנגעצייכנט דעם וועג אף וועלכן ער

דאַרף גיין, אויב עס וויל עקזיסטירן אַלס פֿאָלק אין דער צוקונפֿט. שמואל האָט שוין געפֿונען דעם אָרגאַניזם אַן לעבן. דאָס פֿאָלק איז אַרויף אויף אַן אַנדער וועג און געבלאָנדזשעט. האָט שמואל ווידער אויפֿגעלעבט דעם טויטן אָרגאַניזם און אים אַרויפֿגעפֿירט אויף דעם וועג, וואָס משה האָט פֿאַר אים אָנגעצייכנט.

עס איז ניט פֿאַרבליבן קיין נביאות אין שריפֿט נאָך דער גרויסער פֿיגור ווי שמואל הנביא איז געווען; ער איז נאָר געווען אַ נביא פֿון וואָרט. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער פֿאָלקס־לערער, אַ וועג־ווייזער און טרייער דערציער פֿון די יידישע פֿאָלקס־מאַסן. מיט זיין איבערגע־געבנקייט, טרייקייט און ליבשאַפֿט צום פֿאָלק האָט ער פֿאַרזאָרגט זיין ווידערגעבורט. ווי וויכטיק ער איז געווען פֿאַרן יידישן פֿאָלק קען מען זען פֿון דעם פֿאַקט, וואָס עס איז פֿאַרבליבן פֿון אים אַ פֿולשטענדיקע ביאָגראַפֿיע. דאָס אַליין איז אַ גענוגנדער באַווייז, ווי וויכטיק שמואל איז געווען אין די אויגן פֿון פֿאָלק.

און נאָך אַ גרויסן מאָמענט אין לעבן פֿון שמואל הנביא איז כדאי צו פֿאַרצייכענען — די פּאָליטישע פֿאַראייניקונג פֿון פֿאָלק, וואָס ער האָט פֿאַרווירקלעכט און דערמיט געעפֿנט אַ נייע און וויכטיק בלאַט אין דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק.

כמעט פֿערציק יאָר האָט שמואל געאַרבעט אומדערמידלעך צו דער־ציען דאָס פֿאָלק, דערנענטערן עס צום יידישן גייסט און איינפֿלאַנצן אין זייערע הערצער די פּרינציפּן פֿון דער יידישער אמונה און די יסודות פֿון דער יידישער תורה.

דער נביא האָט אַליין געגלויבט, אַז די דערנענטערונג צו גאָט וועט אויך דערנענטערן די שבטים צווישן זיך און עס וועט זיך אויס־פֿאָרמירן אין פֿאָלק אַן איינִיקייט. דער געדאַנק פֿון איינִיקייט איז גע־ווען זיין לעבנס־אידעאַל. ער האָט געגאַרט צו זען אַ געאייניקט פֿאָלק, וואָס זאָל זיין בכח צו האַלטן דעם שונא ווייט פֿון די גרענעצן פֿון יידישן לאַנד. נאָך פֿון יענער גרויסער נידערלאַגע, וואָס די יידן האָבן געליטן אין דער מלחמה מיט די פּלשתים בא אבן העזר, ווען עס איז געפֿאַנגען געוואָרן דער „ארון", איז שמואל אַרומגעגאַנגען מיט דעם געדאַנק — פֿאַראייניקן די צעברעקלטע שבטים און שאַפֿן אַ פּאָליטישע איינהייט. ער

האט גענלויבט, אז אזא פאריייניקונג קען געשאפן ווערן דורך א דערנענ־טערונג צווישן פאלק און גאט. איצט, כמעט נאך פערציק יאר דערציעריי־שער ארבעט, האט ער איינגעזען, אז דאס וועט נישט ברענגען צו א פולשטענדיקער פאריייניקונג. זיין חלום צו זען א טעאקראטישע לעבנס־ארדענונג אין פאלק איז נישט מסוגל אופצוּוועקן אין פאלק דעם נאציאָ־נאלן געפיל און אז נאציאנאלן געפיל וועלן די שבטים ניט קענען קאנ־סאלידירן און פארפעסטיקן זייערע פאזיציעס אין לאנד. א פאלק מוז האבן א פאליטישן כח. נאר א פאליטיש ארגאניזירט פאלק קען אויס־פארמירן די געווונטשענע אייניקייט, באזיגן די שונאים, לייכטער מאכן די שווערע לאגע פון פאלק און באפעסטיקן די גרענעצן פון לאנד.

אף דער עלטער הויבט ער אן צו ארבעטן אין דער ריכטונג. קודם האט ער מיט דער הילף פון די יונגע נביאים גרופע וואס ער האט דער־צויגן, גענומען אופהויבן דעם נאציאנאלן געפיל באם פאלק, די יונגע נביאים האבן אגיטירט פאר א הייליקער מלחמה קעגן די שונאים. און איז שוין דער געדאנק ארייינגעדרונגען אין פאלק, איז באלד פארן גרויסן טייל פון פאלק קלאר געווארן, אז דער מאנגל אין אן איינהייטלעכע פא־ליטישע ארגאניזאציע ברענגט נאר אומגליק דעם פאלק.

בשעת ארום אים לעבן א גאנצע רייע קליינע פעלקער, וואס האבן גע־האט זייערע פאליטישע און מיליטערישע פירער, האבן די יידן, וואס בא־הערשן דעם צענטער פון כנען, דאס ניט געהאט. זיי האבן איינגעזען, אז דאס איז די סיבה פון זייער קריגערישער שוואכקייט און דעם שוואכן פונקט נוצן אוים די שכנים זייערע, זיי צו באפאלן און אויסצורויבן זיי. זיי האבן איינגעזען, אז כל זמן זיי וועלן ניט זיין פאריייניקט כל זמן זיי וועלן ניט אוועקווארפן דעם פאטריארכאלן לעבנס־רעזשים, וואס דעם־צענטראליזירט די שבטים, וועט שטענדיק אנהאלטן דער טרויעריקער מצב אין פאלק און דאס לאנד וועט קיינמאל ניט זיין זיכער.

פאראלעל מיט דעם האט גענומען רייף ווערן אין פאלק דער געדאנק צו ארגאניזירן א מלוכה־לעבן אף דעם שטייגער ווי בא זייערע שכנים. אויסקלייבן א מלך, וואס זאל אנפירן מיט דער מלוכה און ארגאניזירן די פארטיידיקונג פון לאנד און די זיכערקייט פון פאלק. דעם דאזיקן גע־דאנק האבן די עלטסטע פון פאלק פארגעבראכט פארן נביא שמואל, וואס

האָט שוין געוואָרט פון לאַנג, אַז דער געדאַנק זאָל קריגן וואָרצלען.

נאַטירלעך האָט שמואל מיט שמחה אופגענומען דעם פאָרשלאַג. ער האָט שוין פון לאַנג איינגעזען, אַז דאָס רעליגיעזע לעבן מוז זיין שטאַרק געבונדן מיטן נאַציאָנאַלן און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנ־צער ענערגיע דעם פאָרשלאַג פון פאָלק צו מאַכן פאַר אַ רעאַליטעט.

דער אויסוואַל זיינער איז געפאַלן אַף דעם יונגן שאולן, אַ זון פון אַן איינפאַכער פויערים פאַמיליע פון שבט בנימין. שאול האָט פאַר־מאָגט געוויסע קוואַליפיקאַציעס, וואָס האָט אים אויסגעטיילט און גע־שטעלט אַף אַ העכערער מדרגה ווי די איבעריקע יידן. ער איז געווען העל־דיש, פון הויכן געוואוקס, אַ פייערדיקן טעמפּעראַמענט, ער איז לייכט עק־זאַלטירט געוואָרן, ער איז געווען אונטער דעם איינדרוק פון די יונגע נביאים פון שמואל׳ס שולע און איז באַגייסטערט געוואָרן פון זייערע נאַ־ציאָנאַלע אידייען און זייער אַגיטאַציע פאַר אַ הייליקער מלחמה קעגן שונא. ער איז געווען פּאַטריאָטיש געשטימט און האָט אויך, ווי זיי, גע־חלומט פון אַ נאַציאָנאַלער באַפרייונג און אַרונטערוואַרפן דעם פּלשתים יאָך פון לאַנד.

שמואל איז באַצויבערט געוואָרן פון שאולן און פון זיין שיינעם אויסזען. שאול האָט אַף אים געמאַכט אַן אויסערלעך שטאַרקן איינדרוק. ער איז געוואָרן איבערצייגט, אַז דער ענטוזיאַסטישער יונגערמאַן איז דער באַרופענער צו ווערן אַ מלך איבער די שבטים און צו אָרגאַניזירן אַ פּאָליטישע איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע אין לאַנד.

איינמאָל, ווען די איינוווינער פון שטאָט יבש אין גלעד, פאַר־צווייפלטע און דערשלאָגענע פון די שטענדיקע נגישות, וואָס די עמונים האָבן זיי אָנגעטאָן, האָבן שוין געוואָלט זיך אונטערוואַרפן אונטער זייער יאָך, האָבן די עמונים זיי געענטפערט, אַז זיי וועלן שענקען דעם לעבן פון די איינוווינער, ערשט דעמאָלט, ווען זיי וועלן אויסשטעכן דאָס רעכ־טע אויג פון יעדן איינוווינער און דערמיט אָנמאַכן אַ חרפּה דעם גאַנצן יידישן פאָלק. נאַטירלעך, האָבן די איינוווינער פון יבש אָפּגעוואָרפן אַזאַ דערנידעריקונג און האָבן געשיקט נאָך הילף צו די איבעריקע שבטים.

דאָס פאָלק, אויסהערנדיק די טרויעריקע ידיעות פון יבש, האָבן זיך אַלע פאַנאַנדערגעוויינט איבער זייער הילפלאָזיקייט. ווען די ידיעה

איז דערגאַנגען צו שאול׳ן, וואָס האָט אין דעם מאָמענט געאַקערט זיינע פעלדער, האָט ער גענומען און באַלד אויסגעשפאַנט זיינע אָקסן פון פאַכע, צעשניטן זיי אויף שטיקער, צעשיקט די שטיקער צו אַלע שבטים און געלאָזט זאָגן; אַזוי וועט מען טאָן מיט יענעמס אָקסן, וואָס וועט ניט אַרויסגיין אין מלחמה קעגן די עמונים צו באַפרייען די איינוווינער פון יבש.

אַ כוואַליע פון באַגייסטערונג און אַ פייער פון נאַציאָנאַליזם האָט דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע פאָלק. אין אַ קורצער צייט האָבן זיך גרופּירט אַרום שאול׳ן אַ גרויסע מחנה קריגער. שאול מיט זיין מחנה זיינען באַפאַלן די עמונים, זיי צעשלאָגן, באַזיגט און באַפרייט די שטאָט יבש.

בראש פון דער זיגרייכער מחנה איז שאול געקומען אין דער שטאָט גלגל, ווו שמואל האָט זיך דעמאָלט אופגעהאַלטן. דער אַלטער נביא, באַגייסטערט פון זיין אויסוואַל, האָט גלייך אָרגאַניזירט אַ גרויסע פאָלקספאַרזאַמלונג און פּראָקלאַמירט דעם יונגן שאול פאַר אַ מלך איבער ישראל. מיט דער דאָזיקער געשעעניש איז געעפנט געוואָרן אַ נייע און וויכטיקע תקופה אין לעבן פון יידישן פאָלק אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין באַפעסטיקן זיך אין לאַנד פון ישראל.

---

# סאָציאַלער, קולטורעלער און עקאָנאָמישער מצב פון יידן, אין דער צייט פון דוד און שלמה המלך

„דוד מלך ישראל חי וקיים" שרייט מיט עקסטאַז יעדער ייד, ווען ער איז מחדש די לבנה. יעדער מאָל, ווען אַ ייד בענטשט נאָכן עסן, בעט ער בא גאָט „רחם נא - על מלכות בית דוד משיחך" אין די תפילות און מזמורים, אין די רעליגיעזע שירות און פיוטים, אין געשפּרעכן און דיסקוסיעס און בא יעדער פּאַסנדיקער געלעגנהייט, דערמאָנען מיר דוד המלך.

דער מלך דוד איז אַזוי באַליבט און אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פון יידישן פאָלק, אַז אַפילו אין די פינצטערסטע צייטן פון זיין וואַנדער־לעבן, ווען מיר האָבן געלעבט נאָר מיט דער האָפענונג אויף אַ גאולה וואָס עס וועט קומען, אין דער אייביקער דערוואַרטונג, אַז עס מוז קומען אַ משיח, וואָס וועט אויסלייזן און באַפרייען די יידן פון זייער ביטערן גלות, ער וועט זיי צוריק ברענגען אין זייער לאַנד און וועט אויפלעבן די יידישע מלוכה, וועט דאָס זיין ניט קיין אַנדערער ווי משיח בן דוד, אַז אויסלייזער, וואָס וועט אַרויסקומען פון מלכות בית דוד.

מיט וואָס האָט דאָס דוד פאַרדינט, אַז זיין אָנדענק זאָל אייביק לעבן אין פאָלק פון ישראל, אַזוי לאַנג ווי דאָס פאָלק אַליין וועט לעבן? אין וואָס ליגט די גרויסקייט פון דוד אַלס מלך פון ישראל, אַז דאָס פאָלק קען אים ניט פאַרגעסן און וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן?

כדי דאָס זאָל זיין דערקלערלעך, מוזן מיר זיך פאַרטיפן און גרונטלעך באַטראַכטן דעם יידישן פאָלקס־נאַציאָנאַליזם, זיין מהות און זיין מקור. מיר וועלן דעמאָלט זען, אַז דער יידישער נאַציאָנאַליזם האָט אין זיך קעגנגעזעצטע עלעמענטן. די פּרינציפּן פון דער יידישער עטיק און מאָראַל באַזירן זיך אויף קעגנגעזעצטע יסודות, דער נאָמאַדיש־מדברישער און דער סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכער, זיין לעבנס־שטייגער איז אַ געמיש פון פּאַטריאַרכאַלישער אָרדענונג און מאָדערן־ציוויליזירטער.

גרופּעס אָדער שבטים, וואָס וואַנדערן אַרום אין מדבר, האָבן זיך

אויסגעפורעמט, דערצויגן געוואָרן און געלעבט לאַנגע יאָרן אונטער דעם שוץ פון נאָמאַדיש־פּרימיטיווע געזעצן און מנהגים, וואָס די רויע נאַ־טור האָט געשאַפן אין ווילדן מדבר. די גרופּעס גיסן זיך צוזאַמען אין שבטים, עס ווערט פון זיי צוועלף יידישע שבטים, זיי באַזעצן זיך מיט־אַמאָל אַף אַ פעסטן באָדן, אין אַ לאַנד וואָס ליגט אויסער די גרענעצן פון דער רויער נאַטור. זיי הויבן אָן איבערגיין פון נאָמאַדיש פּרימיטיוון לעבן אינעם מדבר צו אַ לעבן, וואָס ווערט געפירט אין באַזעסענע ערטער, אונטער דעם שוץ פון אַ ציוויליזאַציע און דעמאָלט צוגעפּאַסטער קול־טור. די צייט און די אומשטענדן פון לעבן, האָבן אָפּגעשליפן די שפּיצן פון דיביידע קעגנגעזעצטע עלעמענטן, זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן און אַרויסגעבראַכט איין לעבנאַרט, איין אידעאַל, עס האָט זיך פון זיי ביידן אויסגעפאָרמירט דער יידישער גייסט.

די מדברישע פּשטות, די פּרימיטיווע פּאַטריאַרכאַלישע אָרדענונג האָט אַריינגעבראַכט אין יידישן גייסט איר חלק, איינפאַכקייט, באַשיידנ־קייט, באַגריפן פון צדק און יושר, אמת און גלייכקייט, משפּחה ריינקייט און מענטשן־ליבע בשעת די ציוויליזאַציע האָט אַריינגעבראַכט: עקאָ־נאָמישן אופשטייג, קאַמף פאַר עקזיסטענץ, סאָציאַלע סתירות און מאַכט־גיריקייט, אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסן אינעם אָרט דענקען פון יידישן פאָלק דער באַגריף פון באַהערשער און באַהערשטע. אין דעם ווירבל פון געפילן און באַגריפן, אין דעם געמיש פון די פאַרשידענע שטרעבונגען, האָט געפעלט אַ צענטראַלער אָרגאַן, אַ מלוכה׳שע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל דאָס אַלץ ניוועלירן, רעגולירן, און געפינען דעם גלייכן און זיכערן וועג, אף וועלכן צו פירן דאָס פאָלק צו זיין אופבלי און אַנטוויקלונג. עס האָט געפעלט דער וואָס זאָל סאַנקציאָנירן און אויספורעמען דעם יידישן גייסט, דער אויטאָריטעט, וואָס זאָל זיכערן דעם פאָלק זיין עק־זיסטענץ און זיין אויספורמירטע קולטור. עס האָט געפעלט די מלוכה׳שע אינסטיטוציע, וואָס זאָל ווייטער קולטיווירן אינעם פאָלק סיי די פּאַטריאַר־כאַלישע טראַדיציעס און די רעליגיעזע סענטימענטן, וואָס ער האָט דער־וואָרבן אין מדברישן לעבן און סיי די עטיק וואָס עס איז אין פאָלק איינגעפלאַנצט געוואָרן בעת זיין אויספאָרמירונג אין אַ פאָלק. אָן אַזאַ מלוכה׳שע אָרגאַניזאַציע, איז ניט געווען ווער עס זאָל סטימולירן דעם

נאציאנאלן אידעאל אין פאלק, און נאך מער, אז דער צענטראלער מלו־
כה, וואס נאר זי אליין איז געווען בכח צו פאראייניקן אלע שבטים אונ־
טער איין פאן, איז דאס פאלק געווען אויסגעזעצט די געפאר בכלל, אז
זיין עקזיסטענץ זאל אונטערגעגראבן ווערן, אלס קאנסעקווענץ פון די
פרעמדע קולטורן, וואס דרינגען אריין אלץ־מער און אלץ טיפער אינעם
פאלקס־ארגאניזם.

שאול המלך, מיט דער גרינדונג פון זיין ערשטער מלוכה בא יידן.
האט ניט פארמאגט דעם כח צו געבן דעם פאלק, וואס אים האט גע־
פעלט. צו באשיידן, צו שוואך איז ער געווען. צו א ווייכן כאראקטער
האט ער געהאט און דאס וואס שאול האט ניט געקענט באוויזן האט בא־
וויזן דוד המלך.

דוד המלך איז געקומען צום פאלק פון פעלד. דאס הייסט, דירעקט
פון דער נאטור. אלס א נאטור מענטש האט ער פארמאגט: פרימיטיוו־
נאמאדישע פשטות, אומבאשרענקטע פאנטאזיע און דענקונגס־קראפט צו־
זאמען מיט אויסערארדנטלעכע גבורה. ער האט פארמאגט אין זיך די
גלייכקייט און גערעכטיקייט פון פאטריארכאלישן לעבן און גלייכצייטיק
א טיפן חוש צום ארגאניזירטן לעבן פון אן איינגעזעסענער ציוויליזאציע.
ער האט פארמאגט צארטקייט און הארציקייט פון א פאעטישער נשמה
און אומגעהויערע מוטיקייט פון א באהערשער. טיפע רעליגיעז־נאציא־
נאלע סענטימענטן און אינטואיציע צו א מלוכה'שער אריענטאציע. אי־
בערנאטירלעכע ליבע צו זיין פאלק און גרענעצלאזער האס צו די שונ־
אים פון פאלק. אט די אלע קוואליפיקאציעס האט דוד אריינגעלייגט אינעם
יסוד פון דער מלוכה וואס ער האט געגרינדעט פאר דעם פאלק ישראל
אין זיין לאנד.

די מלוכה וואס דוד האט געשאפן איז געווען אן אמת'ע פאלקס־
מלוכה. די מלוכה איז תיכף געווארן באליבט באם גאנצן פאלק. דער ייד,
געוווינט צו אן איינפאכן לעבנס־שטייגער, האבנדיק איינגעזאפט אין זיך
די נאטירלעכע געזעצן און פאטריארכאלישע טראדיציעס פון צדק און
יושר, וואס ער האט מיטגענומען מיט זיך פון זיין פריערדיקן מדברישן
לעבן, האט ער אין דעם מלוכה־רעזשים בא דודן ניט געזען קיין ענדערונג. די
זעלביקע פשטות, דערזעלביקער צדק און יושר און די זעלביקע טראדי־

ציעס וואָס פריער. דער ייד אין דוד המלך'ס צייטן האָט ניט געפילט קיין שום לאַסט פון אַ מלוכה. דוד, מיט זיין דעמאָקראַטישן חוש, מיט זיין ניט געקינצלטע פאָלקסטימלעכקייט איז געווען איינער פון פאָלק. ער האָט ניט געהאַלטן פון גרויסקייט און לוקסוס, פון אויסערלעכן גלאַנץ און פראַכט. אפילו דעם „ארון", דעם סימבאָל פון יידישן גאָט, האָט ער אויך געהאַלטן אין אַן איינפאַכן געצעלט, ניט אין קיין פּאַלאַץ. ער האָט ניט באַשווערט מיט קיין שטייערן דעם פאָלק און אים ניט באַשרענקט זיין אינדיווידועלע פרייהייט. בא אַלעמען איז געווען פאַרעכנט זיין מלו־כה פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. די סטימולירונג פון רעליגיעזן סענטימענט באַם פאָלק, וואָס דוד האָט מיט זיין שטאַטסמענעריש וויט־זעעוודיקייט געזאָרגט צו פאַרשטאַרקן בא יידן, האָט איינגעפלאַנצט אין פאָלק דעם געדאַנק, אַז דוד איז געשיקט פון גאָט אַליין צו קעניגן איבער די יידן. באַזונדערס, אַז ער האָט אַזוי דערפאָלגרייך געפירט זיינע מל־חמות און פאַרטיליקט אַלע יידישע שונאים, באַפרייט זיי פון זייערע אונ־טערדריקער און פאַרגרעסערט די טעריטאָריע פון יידישן לאַנד. פאַר־קערט, יידן האָבן שטאָלצירט מיט אַזאַ קעניג ווי דוד, וואָס האָט פאַר־שטאַנען צו ברענגען די מלוכה צו אַזאַ גלאָריע און ווילשטאַנד.

איין טונקעלער פלעק איז פאַרבליבן אין דער מלוכה פון דוד, וואָס ער האָט פאַרזעענטלעך ניט באַמערקט, אָט דער פלעק האָט געבראַכט שפּעטער עס זאָל אונטערגעגראָבן ווערן דער פונדאַמענט פון דעם הער־לעכן מלוכה בנין, וועמען ער האָט געווידמעט זיין גאַנצן לעבן. דוד האָט באַזעצט אַלע הויכע אַמטן אין דער מלוכה מיט אייגענע מענטשן. די גרעסטע מענער אין דער מלוכה זיינען געווען זיינע קרובים און פאַמיליע מיטגלידער. זיין קעניגלעכן טראָן האָט ער ארומגערינגלט נאָר מיט די וואָס קומען פון שבט יהודה, פון זיין שבט. ער האָט זיך וויניק גע־רעכנט מיט דעם פאַקט, וואָס עס זיינען געווען שבטים, וואָס האָבן אַ פּאָר הונדערט יאָר דאָמינירט דעם יידישן פאָלקסלעבן. אין משך פון קאַרגע דריי הונדערט יאָר איז געווען דער שבט אפרים דער אָנפירנדיקער שבט בא יידן. דער משכן שילה, וואָס איז אַ סך יאָרן געווען דער גייסטיקער צענטער בא יידן, איז געווען אין שבט אפרים. אין אַ געוויסער מאָס איז שילה אויך געווען די גאַנצע צייט דער פּאָליטישער צענטער פון פאָלק,

נאכן חורבן פון שילה האט זיך דער צענטער איבערגעטראגן, אף א קורצע צייט צום שבט בנימין און דערנאך איבערגעגאנגען צום שבט יהודה. דעם פאקט האט אפרים ניט געקענט פארגעסן. כאטש פון אויבנאויף האט שבט אפרים ארויסגעוויזן זיין סאלידאריטעט און צופרידנקייט מיט דער מלוכה אין שבט יהודה, טיף אבער אין אונטערבאוווסטזיין האט זיך געצויכערט א קליין פייערל פון קנאה און פארדרוס. מיט דעם וווקס פון דער מלוכה'שער גרויסקייט, באזונדערס נאך דעם ווי דוד האט איינגעפונדעוועט זיין הויפטשטאט אין ירושלים, איז פון דער קנאה אויסגעוואקסן א שטילע פארביסענע שנאה פון אפרים צו יהודה און גאנץ באזונדערס צו דער דינאסטיע פון דוד'ן. די שנאה האט זיך געשטיקט און געצויכערט, עס האט אלץ געווארט אף א געלעגנהייט עס זאל אויסברעכן אין אן אפענעם פלאקערדיקן פייער און אזא געלעגנהייט איז געקומען אין שלמה המלך'ס צייטן.

שלמה המלך איז געווען גאנץ אנדערש פון זיין פאטער דוד'ן. מען קען זאגן דער היפוך פון אים. שלמה המלך קומט צום פאלק אלס א פרינץ. געבוירן און דערצויגן אין א קעניגלעכן הויף. ער האט טאקע פארמאגט אלע מעלות וואס א מלך דארף האבן: קלוג, שטאטסמענעריש, פאליטיקער, מאכטגיריקייט אבער דאס זיינען געווען נאר מעלות כלפי חוץ. כלפי פנים, פארן פאלק האט שלמה המלך ניט ארויסגעוויזן קיינע באזונדערע מעלות. ער האט דעם פאלק גארניט געגעבן. ער האט ניט געוווסט אדער ניט געוואלט וויסן, אז דער פרינציפ פון יידישן גייסט איז פשטות און באשיידנקייט. ער האט זיך וויניק גערעכנט מיט דעם פאלקס ווילן, מיט זיינע אינסטינקטן און מיט דעם אורשפרונג פון דער יידישער נאציאנאלער קולטור. ער האט וויניק אופמערקזאמקייט געשאנקען דעם יידישן פאלקס-כאראקטער און די דעמאקראטישע שטריכן פון דער יידישער נשמה. ער האט געהאלטן פון אויסערלעכן גלאנץ און פראכט, פון לוקסוס און רחבות'דיקייט, פון שיינע פאלאצן און רייכע קעניגלעכע אויסשטאטונגען, ער האט איינגעפירט אין זיין הויף אלע פארגעניגנס און ברייטקייט אין לעבן, וואס די שכנה'שע מלכים האבן געהאט אין זייערע קעניגלעכע הויפן. די אלע נייע איינפירונגען האבן געקאסט געלט און א סך געלט.

האט טאקע שלמה אויסגעלײדיקט דעם טאטנס אוצרות וואס ער האט אנגעזאמלט, צעטרענצלט די רייכטימער, וואס דוד האט פארנומען אין אלע זיינע דערפאלגרייכע מלחמות. דאס איז אבער נאך אליץ געווען ווייניק. ער האט באדארפט נאך און נאך. אויסהאלטן אזוי פיל פאלאצן, הארעמען, פארגעניגנס קאסטן אוצרות, האט ער אויסגעבויט א שטייערן אפאראט, וואס זאל ארויסקוועטשן פון פאלק וואס מער גאלד. ער האט באשרענקט די אינדיווידועלע רעכטן פון זיינע אונטערטאנען, ער האט ביסלעכווייז פארקנעכטעט דאס פאלק צו דער מלוכה, דאס וויל זאגן צום קעניגלעכן הויף, ווייל די גאנצע מלוכה האט אופגעפרעסן דער קעניגלע־כער הויף. ער האט אפגעריסן דאס פאלק פון דער לאנדווירטשאפט און ערד־ארבעט און פארוואנדלט זיי אין סוחרים, א זאך וואס ביז דעמאלט איז דאס נאך ניט געווען אין פאלק ישראל. מסחר איז בכלל געווען דער־ווידער דעם גייסט פון פאלק. שלמה המלך איז געגאנגען נאך ווייטער. דעם מסחר וואס ער האט אריינגעבראכט אין פאלק, איז ניט געווען קיין פרייער, מסחר איז געבליבן דער מאנאפאל פון דער מלוכה, דאס הייסט פאקטיש א מאנאפאל פון קעניגלעכן הויף. ער האט דערווייטערט דאס פאלק פון זיין באשיידנקייט און פשטות. ער האט דערווייטערט דאס פאלק פון זיין מקור, פון דער יידישער אמונה און פון גאט פון ישראל, וואס איז דער באשיידנסטער פון אלע באשיידענע. ער האט דעם ארון — דעם סימבאל פון גאט פון ישראל, ארויסגענומען פון דעם באשיידענעם גע־צעלט, אין וועלכן זיין פאטער דוד האט אים געהאלטן און אויסגעבויט פאר אים א רייכן און פרעכטיקן פאלאץ. ער האט ארומגערינגלט דעם גאט פון ישראל מיט אוצרות פון גאלד און זילבער, קופער און טייערע האליץ. ער האט באהאלטן גאט אין דער מענגע רייכקייט, אז אז אויג פון א פשוטן ייד זאל אים ניט קריגן צו זען. בויענדיק דעם פרעכטיקן בנין פאר גאט האט אים אינטערעסירט בלויז איין זאך, אויסערלעכער גלאנץ און אימפאזאנטקייט פאר דער וועלט, מיט דעם פאלקס־גייסט האט ער זיך ווייניק גערעכנט.

עס ליגט קיין ספק ניט אין דעם, אז שלמה המלך איז געווען קלוג, מיט שטאטסמענערישע פעאיקייטן, מיט א גרויסן פאליטישן חוש, פונ־דעסטוועגן האט ער געשטייערט דעם מלוכה רודער ניט אין דער ריכטונג

ווו עס דאַרף גיין אַ יידישע מלוכה שיף. אַנשטאַט צו אויסבויען און פאַרטיפן די פאַרייניקונג פון די שבטים, וואָס זיין פאָטער האָט אופ־געשטעלט, אַנשטאַט, אַז דער גייסטיקער צענטער אין ירושלים זאָל ווערן מער פּאָפּולער און געניסן מער רעספּעקט באַ אַלע יידן, אין אַלע ווינקעלעך פון דער מלוכה, האָט ער דאָס גאַנצע געוויכט פון דער מלוכה געלייגט אַף דער קולטור און אַף דער ציוויליזאַציע, וואָס האָט געהערשט אין די שכנישע מלוכות. ער האָט געזוכט צו ענדערן די יסודות פון דער יידישער מלוכה, זיך ניט געבנדיק קיין רעכענונג, אַז דער יסוד פון דער יידישער מלוכה, איז שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם יסוד פון יידישן פאָלק, אַז די יידישע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע קולטור איז דער כוח און פאַקטאָר, וואָס קען צוזאַמענהאַלטן דעם פאָלק און אין דער אייגנ־אַרטיקייט פון דער יידישער קולטור, ליגט די צוקונפט פון פאָלק.

שלמה המלך, שטרעבנדיק אויסצוברייטערן די האָריזאָנטן פון יידישן לעבן, האָט ער די נאַציע אַריינגעפירט אין אַן אַנדער וועלט. אין אַ וועלט וואָס איז לחלוטין פרעמד געווען דעם יידישן גייסט און ער האָט דאָס געטאָן מער אין די אינטערעסן פון קעניגלעכן הויף ווי אין די אינ־טערעסן פון פאָלק. ער האָט ניט געמערקט, אַז דערמיט דערווייטערט ער דאָס פאָלק אַליין מער פון זיין נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַזע, די באַזע אַף וועלכער דאָס פאָלק איז אויסגעפורעמט געוואָרן. שלמה המלך איז געווען דער סימבאָל פון וועלטלעכקייט אינערהאַלב דער יידישער אייגנ־אַרטיקייט. ער איז געווען דער גרונטלעגער פאַר אַן אוניווערסאַלן יידנ־טום, וואָס זאָל זיך שטעלן העכער איבער די ענגע נאַציאָנאַלע אינטע־רעסן פון פאָלק, ער האָט אָבער אַליין ניט געמערקט, אַז דערמיט גראָבט ער אונטער מיט זיינע אייגענע הענט, דעם שטאַרקסטן יסוד פון יידישן פאָלק.

אמת, אין די צייטן פון שלמה המלך האָט די יידישע מלוכה דער־גרייכט דעם העכסטן רום און גליק, גלאָריע און אַנזען, אָבער דאָס אַליץ איז געווען כלפי חוץ. כלפי פנים, ווו עס האָט געפלאָסן דער יידישער לעבן, איז שוין גאָר קיין גליק ניט געווען. די אומצופרידנקייט אינעם פאָלק האָט גענומען וואַקסן. אין פאַרשיידענע שיכטן פון פאָלק, באַ־זונדערס אינעם שבט אפרים האָט שוין גענומען ברויזן אַ צאָרן. דאָס

גאַנצע פאָלק האָט גענומען שפּירן דעם שווערן יאָך פון דעם שטייער אַפּאַראַט. דאָס פאָלק האָט גענומען פילן, אַז זיין פּערזענלעכע פרייהייט איז באַשרענקט. דער אייגנטלעכער רעליגיעז־גייסטיקער יידישער לעבן ווערט אַלץ מער פאַרוקט אַן אַ זייט און אַנשטאָט די יידישע קולטור באַווייזן זיך קולטורן און קולטן, וואָס זיינען פרעמד דעם פאָלק.

דאָס פאָלק אין שלמה׳ס צייטן האָט גענומען פילן, אַז טראָץ דעם, וואָס די מלוכה האָט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה אין דער אויסערלעכער וועלט, טראָץ דעם, וואָס לפנים ווייזט אויס, אַז די שבטים זיינען פאַרייניקט אונטער דער פאָן פון דער מלוכה און פון צוועלף שבטים איז געוואָרן איין און איינציקער פאָלק מיט איין פּאָליטישן און גייסטיקן צענטער. כאָטש לפנים האָט דאָס אויסגעזען, אַז די יידישע מלוכה האָט ארופגעלייגט דעם יידישן חותם אַף די אַלע ערטער און פּלעצער וואָס זיינען געווען פריער פאַרהייליקט פון די פרעמדע קולטן, אַלץ איז אונטערגעוואָרפן דער יידישער אייגנאַרטיקייט און דער יידישער אמונה. דער מלך פון ישראל איז פאַרעכנט פאַר דעם געזאַלבטן פון גאָט אַליין און אַלץ איז אונטערוואָרפן דער השפעה פון יידישן מלך, וואָס איז דער סימבאָל פון מאָנאָטעאיזם. טראָץ אַלעם דעם, האָט דער ייד דערשפּירט, אַז די מלוכה, באַזונדערס דער קעניגלעכער הויף פון שלמה המלך, איז אַ פרעמדער פלאַנץ אין יידישן אָרגאַניזם, וואָס דאָס פאָלק קען דאָס שווער אַבסאָרבירן. די מלוכה איז קעגנעריש דעם יידישן גייסט, וועמענס מקור איז: פּשטות, באַשיידנקייט, ריינע אמונה אַן אַ צומיש פון פרעמדע באַפּאַרבונג, יידישע עטיק און מאָראַל. דער יידישער גייסט פּאַסט אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט אויסערלעכן גלאַנץ און אומזיניקן לוקסוס. דער יידישער גייסט האָט דאָס פיינט, ווייל האַנט ביי האַנט מיט דעם לוקסוס קומט אַריין אין יידישן לעבן דער גייסט פון פרעמדע קולטורן און ניט יידישער לעבנס־שטייגער.

עס האָט זיך גענומען שפּירן אינעם פאָלק אַ בענקשאַפט צוריק צום פעלד, צוריק צו דער נאַטור, צוריק צו די סטאַדעס בהמות, פון וועלכע שלמה האָט זיי אַפּגעריסן און דאָס איז געווען די געלעגנהייט אַף וועלכע אפרים האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. נאָך שלמה המלך׳ס טויט האָט מעכטיק און ווייט אָפּגעקלונגען דער געשריי, וואָס אפרים האָט אַרויסגעלאָזן „אין

לנו חלק בדוד - איש לאוהליו ישראל" — מיר האבן נישט קיין חלק בא דוד, יעדער צו זיין געצעלט, ישראל. דער עכא פון דעם געשריי האט אפגעקלונגען איבערן גאנצן פאלק. עס האט זיך אויפגעהויבן א באוועגונג, צוריק צו דער נאטור, צוריק צום מדבריש-נאמאדישן לעבנס-שטייגער, צו איינפאכקייט, צום געצעלט און צו דער יידישער באשיידנקייט. צוריק צום פאטריארכאלישן לעבן און זיינע געזעצן, צוריק צום לעבן, וואס די אבות האבן אונדז אנגעצייכנט. אלס קאנסעקווענץ פון דער באוועגונג איז אנטשטאנען דער ריס אין דער יידישער מלוכה, צען שבטים מיט שבט אפרים אין דער שפיץ האבן זיך אפגעריסן פון דוד'ס דינאסטיע. בא דער מלכות בית דוד איז געבליבן נאר שבט יהודה און שבט בנימין. אזוי איז איינגעפאלן דער הערלעכער מלוכה בנין, וואס דוד האט אופגעבויט. זיין לעבנס אידעאל, די פארייניקונג פון אלע שבטים אין איין שטארקן פאלק, מיט איין שטארקע מלוכה איז צעריסן געווארן.

## אליהו הנביא

נבואה בא יידן איז געווען שטענדיק א פראטעסט-אויסברוך פון פאלק, בא וועמען עס האט זיך אופגעזאמלט גענוג מאטיוון צו פראטעסטירן קעגן זיינע הערשער און קעגן דער געזעלשאפטלעכער ארדענונג, וואס די הערשער האבן איינגעפירט. די מאסן האבן אינסטינקטיוו דערפילט, אז די הערשער נייגן אפ דעם פאלקס-לעבן פון דעם וועג, אף וועלכן ער באדארף געפירט ווערן, בהסכם מיט זיינע אידעאלן. נבואה איז א פאלקס-כוח וואס רעוואלטירט קעגן זיינע מלכים און מנהיגים, וואס רעגירן קעגן דעם פאלקס-ווילן און רעכענען זיך ניט מיטן פאלקס-גייסט. דער נבואה גייסט וואקסט אוים דארטן ווו עס באווייזן זיך סאציאלע סתירות אין דער געזעלשאפט, דארטן ווו צדק און משפט, אמת און יושר ווערט פארביטן אף מאכט און גוואלט, שטארק און שוואך. שטענדיק און אין יעדער דור, ווען יידן האבן געפירט אין גאנצן אדער נית אינגאנצן א זעלבסטשטענדיק פאליטישן לעבן, האבן זיך געפונען יידן, דאס רוב אזעלכע וואס האבן געלעבט מחוץ דעם שטאטישן טומל, אין

אַ זייט פון די פּאָליטישע צענטערן און האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, אָביעקטיוו צו פּאַאָבאַכטן דעם פּאָליטישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן פון פאָלק און שטודירן גענוי די ריכטונג צו וועלכער זייערע הערשער פירן. זייענדיק אין אַ זייט פון שטאָטישן לעבן, האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיפן אין די פּראָבלעמען פון פאָלק און גרונט־לעך דורכטראַכטן די מיטלען מיט וועלכע מען קען לייזן דעם אָדער יע־נעם פּראָבלעם. אָט די יידן האָבן נאָך פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכע ליבע צום פאָלק און צום לאַנד. קוים האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז דער מלך טוט זאכן וואָס זיינען קעגנעריש דעם פאָלק און שעדלעך דעם לאַנד, זאַכן וואָס זיינען קעגן דעם פאָלקס־ווילן און פרעמד זיין נאַציאָנאַלן גע־דאנק, האָבן זיי דרייסט און מוטיק אופגענומען אַ קאַמף קעגן דעם מלוכה־סיסטעם און קעגן דעם מלך.

די פעסטע איבערצייגונג אין זייער גערעכטיקייט, דער שטאַרקער גלויבן אין געזונטן אינסטינקט פון פאָלק, די לאָגישקייט און קלאָרקייט פון זייער געדאַנקען־גאַנג האָט אין זיי אויספאָרמירט אַ באַזונדערע אָר־יענטאַציע און וויזיאָנערישע וויטזעעוודיקייט. זיי האָבן מיט עקזאָקט־קייט געקענט אויסרעכענען די קאָנסעקווענצן פון דעם אָדער יענעם פּאָ־ליטישן סיסטעם אין דער מלוכה. געטריבן מיט דעם כוח פון רעליגיעזן סענטימענט, האָבן אזעלכע יידן אופגעהויבן פעסט און דרייסט זייער שטים אין דער עפנטלעכקייט און עקשנות׳דיק געפאָדערט, אין נאָמען פון גאָט, וואָס איז דער יסוד פון יידישן גייסט און דער מקור פון גע־רעכטיקייט און מאָראַל, צו פירן די מלוכה צו אַ נייער אָרדענונג און דעם מלוכה רודער אין אַן אַנדער ריכטונג, כדי דאָס פאָלק זאָל רואיק קענען פירן זיין לעבן, בהסכם מיט זיינע טראַדיציעס און געבאָטן. אָט די יידן זיינען דאָס געווען די נביאים. פאַר קיין זאַך האָבן זיי זיך ניט אָפּגע־שטעלט, זיי האָט ניט אָפּגעשראָקן ניט דער טויט און וועלכע ניט איז אַנדער געפאַר. די ליבע צום פאָלק, די געטרייקייט צו זייער אמונה און די אינטערעסן פון לאַנד איז בא זיי געשטאַנען העכער פון אַלץ. דער גלויבן אין דער ריינער יידישער אמונה, אין דער מענטשלעכער עטיק, אין די פרינציפן פון אמת און יושר, וואָס דער יידישער גייסט אנט־האַלט, איז בא זיי געווען העכער ווי זייער אייגענער לעבן.

דער ריס אין דער מלוכה און דער רעוואָלט קעגן דוד'ס דינאַסטיע האָט שוין ניט געקענט מאַכן פאַרשווינדן די קאָנסעקווענצן פון דעם נייעם רעזשים וואָס שלמה האָט איינגעפירט אין דער מלוכה. דער פריי־צייטיקער מסחר, וואָס ער האָט איינגעפירט אין לאַנד האָט פאַרשאַפט קלאַסן דיפערענצן, אָרעם און רייך, אונטערדריקער און אונטערדריקטע, הערשער און באַהערשטע. דאָס זיינען שוין געווען פּראָבלעמען, וואָס האָבן געמוזט פאַרנעמען די מוחות באַם פאָלק און ארויסרופן אַ קאַמף קעגן די רעגירער.

די ניי געשאַפענע מלוכה, וואָס די אָפּגעשפּאָלטענע צען שבטים האָ־בן געשאַפן האָט שוין אויך ניט געקענט ענדערן דעם קורס, וואָס די נייע צייטן האָבן געבראַכט. די נייע רעגירער האָבן זיך שוין געמוזט רעכענען מיט די אומשטענדן און פּראָבלעמען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין לעבן, אַ דאַנק דעם נייעם מלוכה סיסטעם. אינגאַנצן אומקערן דאָס פאָלק צו דער נאַטור, צוריק צו דער אורשפּרונגלעכע פּרימיטיוויקייט און צום פריערדיקן פּאַטריאַרכאַלישן לעבן איז שוין ניט געווען מעגלעך. אפילו די נביאים, וואָס האָבן געשטרעבט אומצוקערן דאָס פאָלק צו זיין אַ מאָליקן מקור, האָבן זיך שוין אויך געמוזט רעכענען מיט דער שטאַר־קער השפּעה, וואָס דער נייער קורס פון דער מלוכה האָט געבראַכט דעם פאָלק.

די ערשטע פופציק יאָר פון דער נייער מלוכה גרינדונג, האָט די ישראל מלוכה כלומרשט יאָ געזוכט אָנצוהאַלטן אין מלוכה לעבן אַ רע־זשים פון פשטות און איזאָלאַציע פון דער וועלט פּאָליטיק. זי האָט ניט געבויט קיין הויפּט־שטאָט, ניט געבויט קיין מלוכה פּאַלאַצן און ניט איינגעפירט די פאַרגעניגנס וואָס עס האָט געהערשט באַ די שכנים. זי האָט איר מלוכה זיץ געהאַלטן אין איין איבערטראָגן פון איין פּלאַץ צום צווייטן, ניט געווען אין דער מלוכה אפילו קיין צענטראַלער גייסטיקער פּונקט. די מלוכה האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, אַז דער מלוכה לעבן איז שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן סענטי־מענט. פאַרקערט, עס איז געלעגן אין די אינטערעסן פון דער נייער מלוכה, ניט צו סטימולירן דעם רעליגיעזן סענטימענט און ניט צו בויען די מלו־כה אויף די יסודות וואָס די תורה האָט אָנגעצייכנט. מען האָט דאָס גע־

טאָן בכדי צו האַלטן דאָס פאָלק וואָס ווייטער פון דעם גייסטיקן צענ־טער אין ירושלים און זיין פּרעכטיקן גאָטס הויז. מען האָט דאָס געטאָן כדי צו פאַרטושן באַם פאָלק דעם געדאַנק, אַז ירושלים איז דער איינ־ציקער אָרט ווו דער יידישער גאָט געפינט זיך, כדי צו פאַרגעסן די מלכות בית דוד און דוד׳ס דינאַסטיע. שפּעטער, ווען באַם פאָלק האָט טראַץ דעם גענומען אופלעבן אַ בענקשאַפט צו דער רעליגיע און צום פּרעכ־טיקן הויז אין ירושלים, ווו גאָט געפינט זיך, אוים מורא, אַז די דאָזיקע בענקשאַפט זאָל אומקערן דאָס פאָלק צוריק צו דער מלוכה פון דוד׳ס הויז, האָט די אָפּגעשפּאָלטענע מלוכה זיך געכאַפּט, אַז דאָס פאָלק קען זיך ניט איינלעבן אָן אַ רעליגיעזער באַזע. זי האָט אָבער אָנשטאָט איין רע־ליגיעזן צענטער געשאַפן אַ סך רעליגיעזע צענטערן. זי האָט איינגע־אָרדנט קלענערע רעליגיעזע פּונקטן אין די ערטער, וואָס זיי זיינען גע־ווען פריער פאַרהייליקט פאַר די געצן קולטן, אַזוי אַרום אָפיציעל סאַנק־ציאָנירט אין יידישן לעבן דעם אָפּשיילעכן קולט פון בעל און עשתרות, וואָס איז געווען דערווידער דעם יידישן גייסט.

די מלוכה איז נאָך ווייטער געגאַנגען. זי האָט איינגעאָרדנט צוויי גרעסערע רעליגיעזע פּונקטן אין דן און בית אל און האָט דאָרטן גע־לאָזט איינשטעלן גאָלדענע קעלבער אַלס סימבאָל פון יידישן גאָט, אַ זאַך קעגן וועלכע דאָס פאָלק האָט אַבסאָלוט ניט רעאַגירט. פאַרקערט, די קעל־בער זיינען פון פאָלק אַנערקענט געוואָרן אַלס הייליק און אַלס ערזאַץ צום צענטער פון ירושלים און דעם דאָרטיקן בית המקדש. דער קעלבער קולט איז בכלל פאַר יידן ניט געווען קיין פרעמדע זאַך. לויט דעם דאַמאָלסדיקן באַגריף איבער רעליגיע, פון אַלגעמיינעם קולטורעלן שטאַנדפּונקט, איז אַזאַ זאַך געדולדעט געוואָרן.

אָט דעם קעלבער קולט, וואָס איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן אין די אינטערעסן פון דער נייער דינאַסטיע, אַלס שוץ פאַר דער נייער מלו־כה, איז אָבער שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קראַנקייט, וואָס האָט געדראָאט צו צעפרעסן דעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. די קעלבער האָבן געבראַכט מיט זיך דעם בעל קולט און דער בעל קולט דעם סינקרעטיזם — דעם גלויבן אין צוויי געטער. דאָס האָט געהייסן פּשוט און פּראָסט, די פאַרלייקענונג פון יידישן מקור, די פאַרניינונג פון איין און איינציקן גאָט,

די באַזע אױף װעלכער עס איז אױסגעפֿאָרעמט געװאָרן דאָס ייִדישע פֿאָלק. אין דער נײַער מלוכה, האָט דער ייִד אי געהאַלטן פֿון ייִדישן גאָט אי געגלױבט אין בעל. עס איז מעגלעך, אַז צו ערשט האָט דער ייִד באַ־טראַכט בײדע געטער װי קאָנקורענטן אײנס צום אַנדערן, ער האָט גע־גלױבט אין אײן גאָט און צום צװײטן איז ער געגאַנגען בסוד, כּדי דער קאָנקורענט זאָל דערפֿון ניט געװויר װערן. מיט דער צײַט האָט זיך בײַ אים אױסגעפֿאָרעמט דער געדאַנק, אַז בײדע געטער לעבן צװישן זיך בשלום און ער האָט בפרהסיה געדינט צו בײדן. אונטער די אומשטענדן איז דערשינען אױף דער אַרענע די לעגענדאַרישע פּערזענלעכקײט פֿון אליהו הנביא.

אליהו הנביא האָט זיך באַװיזן אין דער עפֿנטלעכקײט, אין די צײַטן פֿון עמרי'ס דינאַסטיע, שױן נאָכדעם װי די שטאָט שומרון איז פּראָ־קלאַמירט געװאָרן אַלס הױפּטשטאָט פֿון ישראל. די קעניגלעכע קרױן האָט צו יענער צײַט געטראָגן דער כאַראַקטערלאָזער אחאב און זײַן פֿרױ איז געװען איזבל, אַ טאָכטער פֿון דעם קעניג פֿון צידון, דער קװאַל פֿון בעל קולט. דער בעל קולט האָט דעמאָלט דערגרײכט אין ישראל צו דער העכסטער מדרגה. ער האָט אַרײַנגעדרונגען אין אַלע שיכטן פֿון ייִדישן פֿאָלק, גאַנץ באַזונדער אין די אױבערשטע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט. צוזאַמען מיטן בעל קולט זײַנען אױך אַרײַנגעדרונגען אין פֿאָלק זײַנע שטענדיקע באַגלײטער: אױסגעלאַסנקײט, שכרות, רױב און מאָרד, רעכט־לאָזיקײט און אונטערדריקונג. די קעניגין איזבל האָט געלאָזט אַראָפּברענ־גען פֿון איר הײם הונדערטער בעל כּהנים, װאָס האָבן געהאָלפֿן דער אַלײנ־הערשנדיקער קעניגין פֿאַרשפּרײטן דעם בעל קולט איבערן גאַנצן לאַנד און געטאָן אַלץ װאָס זי האָט געהאַלטן פֿאַר נײטיק כּדי אַרױסשטופּן פֿון ייִדישן פֿאָלק דעם קולט פֿון זײער גאָט. זי האָט זיך באַמיט אָפּצװישן יעדער שפּור פֿון ייִדישן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן גײסט און אונטערגראָבן פֿולשטענ־דיק דעם יסוד פֿון ייִדישן פֿאָלק. אינגאַנצן אים אַסימילירן צום בעל און צו דער קולטור װאָס די צידונים האָבן פֿאַרשפּרײט: אױסגעלאַסנקײט, פּוסטע פֿאַרגעניגנס, גלאַנץ און אױסערלעכן פּראַכט.

װי אַ װיכער, װי אַ שטורעם האָט אליהו הנביא זיך אָנגעטראָגן און זיך געשטעלט פֿאַרן קעניג אחאב. אַזױ װי עס איז אומבאַקאַנט דער

סוף פון דעם לעגענדארישן נביא, אזוי איז אויך אומבאקאנט אין דער ליטעראטור פונוואנען ער איז געקומען און ווי ער האט אנגעפאנגען זיין נבואה־טעטיקייט. ווי מען קען פארשטיין פון די תנ״ך דערציילונגען, האט אליהו נאך פריער אפט געשטראפט דעם קעניג אחאב און אים אויפגעפאדערט צו ענדערן זיין מלוכה סיסטעם, אים אופגעפאדערט ער זאל אופהערן צו סטימולירן דעם שענדלעכן פאר ישראל בעל קולט, ער זאל אים דעמאלט האבן פארויסגעזאגט, אז דאס לאנד וועט ליידן פון א טריקעניש, אויב ער וועט ניט אויספאלגן זיינע שטראף־רייד. איזבל, די פאקטישע הערשערין פון ישראל, האט אומגעבראכט און אויסגעראטן אלע נביאים וואס האבן געפּרעדיקט דעם געדאנק פון מאנאטעאיזם און געטאדלט די צידונישע קולטור מיט דעם סינקרעטיזם. זי האט זיי געהאט פּראקלאמירט אלס פאלקס־פארברעכער, וואס אטענטירן קעגן דער זיכערקייט פון פאלק. אליהו הנביא האט זי אויך געהאט פארמשפּט צום טויט. זי האט אים באשולדיקט אלס „עוכר ישראל״ און אליהו האט געוווסט דערפון.

אליהו האט זיך שטענדיק אופגעהאלטן אין שויס פון דער נאטור. אין די ערטער וואס ליגן הארט בא די גרענעצן מיטן מדבר, ווייט פון שטאטישן טומל, דארטן וו עס איז נאך ניט געהאט צוגעקומען די שטאטישע ציוויליזאציע, איך פארדארבנקייט און רעכטלאזיקייט. ער איז געלעגן אין אונטערערדישע היילן און פעלזן־שפּאלטן. איבערגעגעבן אינגאנצן זיינע געדאנקען און פארטיפונגען. ער האט זיך פארטיפט און קאנסעקווענט נאכגעטראכט איבער דעם טרויעריקן מצב פון זיין ליב פאלק. ער האט נאכגעטראכט דעם אנגעווייטיקטן פּראבלעם, וואס האט אים אזוי געמאטערט. ער האט געזען, אז דער פאלק ישראל וועט אונטערגיין, אויב ער וועט ווייטער אנגיין מיט דער אסימילאציע און מיט דער צידונישער קולטור. ישראל וועט פארשווינדן אלס פאלק, אויב עס וועט ווייטער אנהאלטן אין זיין מיט דעם דואליזם צווישן דעם ריינעם, יידישן נאציאנאל־רעליגיעזן קולט און דעם פארהאסטן בעל קולט.

פונקט ווי אמאל משה, וואס האט געקראגן זיין אספּיראציע באם בארג חורב און מיט דער אספּיראציע האט ער אויספארמירט די קולטור פון יידישן פאלק, אזוי איז אויך אליהו אינספּירירט געווארן באם בארג

חורב, צו ראַטעווען דעם פֿאָלק ישראל פֿון אַ גייסטיקן חורבן.

שוין מיט זיין אויסזען אַליין האָט אליהו הנביא געמאַכט אַן איינ־דרוק פֿון אַ גאָטספֿאַרכטיקן מאַן. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין סימ־באָלישע קליידער, זיין אָנטאָן האָט סימבאָליזירט די דערנענטערונג צו דער נאַטור. אַ מאַנטל פֿון ציגן האָר, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ גאַרטל פֿון רויען פֿעל, אַלץ אַ פּראָדוקט פֿון דער נאַטור אַליין. ער איז געווען באַ־וואַקסן מיט לאַנגע האָר, ווי אַן אַסקעט, דער הילוך אַליין האָט אים איינגעוויקלט אין אַ דיקן שלייער פֿון מיסטיציזם און הייליקייט. כאָטש זיינע אויגן זיינען געווען מילדע, ווייכע, זיינע בליקן האָבן געגלעט און געווען פֿול מיט מיטגעפֿיל, ווען ער האָט געקוקט אויף דער אָרימער פֿאָלקס־מאַסע, האָבן זיי אָבער געשפּריצט מיט פֿייערדיקע פֿונקן און פֿול געווען מיט ברענענדיקן צאָרן, ווען ער האָט געקוקט אויף די מלכים און אויף די רייכע. מיט דעם פֿעסטן באַשלוס און רייף געוואָרענעם געדאַנק, אַז יידן מוזן זיך אומקערן מיטן פּנים צו זייער מקור, צוריק צו דעם אידעאַל פֿון דער ריינער יידישער אמונה, וואָס באַזירט זיך בלויז און נאָר אויף דעם איין און איינציקן גאָט, האָט ער זיך פּלוצלינג באַוויזן פֿאַרן קעניג אחאב.

ווען אחאב האָט אים דערזען, האָט ער אויסגעשריען, אָט איז דער „עוכר ישראל", וואָס וויל אומברענגען דעם יידישן פֿאָלק. אליהו האָט זיך פֿאַרן קעניג ניט אָפּגעשראָקן. עס האָט אים ניט געאַרט דער טויט וואָס האָט איבער זיין קאָפּ געשוועבט, עס האָט אים ניט געקימערט מענ־לעכע ליידן, עס האָנדלט זיך ווענן זיין ליב פֿאָלק, די אינטערעסן פֿון פֿאָלק זיינען געווען העכער פֿון אַלץ אין דער וועלט.

אליהו האָט זיך ניט דערשראָקן. מיט זיין פֿלאַם פֿייערדיקע קנאות, מיט זיין ברענענדיקן צאָרן קעגן די אַלע וואָס פֿאַרפֿירן דעם פֿאָלק מיט דעם פֿאַרהאַסטן בעל קולט, מיט זיין אויסערגעוויינלעכן האַס צו דער מאָדערנער צידונישער ציוויליזאַציע, מיט זיין איבערנאַטירלעכע ליבע צום פֿאָלק ישראל און גרענעצלאָזן גלויבן אין דער יידישער אמונה, האָט ער דרייסט, אומדערשראָקן געוואָרפֿן צוריק דעם מלך אין פּנים זיין באַ־שולדיקונג. ניין! האָט אליהו אויף אים אַ געשריי געטאָן. ניט איך בין דער „עוכר ישראל" נאָר דו און דיין דינאַסטיע זיינען די וואָס ברענגען אום דאָס פֿאָלק. מיט אייער מלוכה סיסטעם האָט איר אָפּגעריסן דעם

פאָלק פון זיין מקור און אים געפירט צום בעל. ברענענדיק פון כעס, עקזאַלטירט פון זיין נביאישער מיסיע, פעסט איבערצייגט אין דער גע־רעכטיקייט פון דער זאַך, האָט ער אַרויסגעלאָזן דעם געשריי, וואָס זיין עכאָ קלינגט נאָך היינט אין אונדזערע אויערן. „עד מתי אתם פוסחים על־שתי הסעיפים, אם ה׳ אלוקים לכו אחריו, ואם הבעל לכו אחריו״. דאָס הייסט, ווי לאַנג וועט איר וואַקלען און טרעטן אויף צוויי שוועלן? אָדער גאָט, אָדער דער בעל. עס טאָר ניט געדולדעט ווערן בײַ ייִדן דער דואַ־ליזם, דאָס דינען צו צוויי געטער. מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין נביאי־שער, טיף פילנדיקער נשמה, האָט אליהו געוואָגט, אויפצוהייבן אַ קאַמף, איינער אַליין, קעגן איזבל און אחאב׳ן. אַ סוף מוז נעמען צו דעם בעל קולט. ייִדן מוזן זיך רייניקן פון דעם שענדלעכן קולט, וואָס ברענגט פאַר־דאַרבנקייט און דעמאָראַליזאַציע. ייִדן מוזן זיך אומקערן צו זייער ריי־נער אמונה, צו דעם מקור פון ייִדישן גייסט, אויב ער וויל ווייטער עק־זיסטירן אַלס פאָלק. אַ סוף צו די שיכרות און פוסטע פאַרגעניגנס, וואָס די צידונישע קולטור ברענגט אַריין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַזאַ לעבן פירט צו אויסגעלאַסנקייט און אומאָראַלישקייט. צוריק צו דער נאַטור, צו־ריק צו דער פּאַטריאַרכאַלישער פשטות, צו באַשיידנקייט, דאָרטן ווו מען געפינט צדק און משפט, אמת און יושר, עטיק און מאָראַל, און אליהו הנביא האָט די מלחמה געוואונען. ווי דער תנ״ך דערציילט, איז אים גע־לונגען צו איבערצייגן אחאב׳ן ווו עס ליגט דער אמת און ווו עס ליגט די סיבה פון די נאַטור קאַטאַסטראָפעס, וואָס קומען אויפן פאָלק, ווען עס היט ניט אָפּ די געזעצן, וואָס די נאַטור אַליין האָט איינגעשטעלט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַריבער פיר הונדערט פאַלשע נביאים, דיי־נער פון בעל קולט, האָט אליהו אין יענעם טאָג אומגעבראַכט, אָבער ער האָט געראַטעוועט דאָס פאָלק פון דראָענדיקן אומקום און עס אָפּגע־רייניקט פון דעם פאַרשפּרייטן בעל קולט.

פאַר דעם גייסטרייכן נביא, פאַר דעם וואָס האָט שטאַרק געליבט זיין פאָלק איז דער נצחון ניט געווען גענוג. אויסגעריייניקט דאָס לאַנד פון בעל, הייסט נאָך ניט, אַז די מלוכה באַזירט זיך אויף אַ פעסטן און געזונטן יסוד. מען מוז אופשטעלן צוריק אין דער מלוכה דעם יסוד פון גערעכטיקייט, די ייִדישע עטיק און זיין מאָראַל.

אליהו הנביא איז געווען א ברענענדיקער קנאי. עקסטרעם ביז פאַ־נאַטיזם, איז זיין נשמה האָט געברענט אַ היילי‏קער פייער, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַ שטאַרקע ליבע צו גאָט. דער אידעאַל פון מאָנאָטעאיזם איז בא אים געווען דאָס העכסטע וואָס ער האָט געקענט דענקען. אין דער הינזיכט איז ער געווען איינציק. ער האָט געשטורעמט און געברענט פאַר דעם אידעאַל. ער האָט געגעבן אַן אינהאַלט דער נבואה. ער האָט געגעבן דער נבואה איר סאָציאַלן אינהאַלט. ניט אומזיסט ווערט ער באַ־טראַכט אַלס דער פאָטער פון די נביאים. פונקט ווי ער האָט געזוכט פשטות, באַשיידנקייט, גערעכטיקייט און עטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָבן דאָס געזוכט שפּעטער די נאָכקומענדיקע נביאים. פאַר אליהו הנביא איז געווען גאָט פון ישראל דער גאָט וואָס באַשיצט די אָרעמע קעגן דער טיראַניע פון די רייכע. דער אָרעמער ליידט פון דער אָרדענונג, וואָס די מעכטיקע און רייכע פירן איין, גאָט פון ישראל איז אָבער דער סימבאָל פון גערעכטיקייט און איז דערפאַר אַ פאָטער פאַר די וואָס ליידן פון אומגערעכטיקייט. אַלץ וואָס איז פשוט, באַשיידן, גערעכט, יושרדיק איז דאָס אין יידישן גייסט. אַלץ וואָס איז גרויס, מעכטיק, גאוה׳דיק און אומ־גערעכט איז פרעמד דעם יידישן גייסט. דאָס פאָלק ישראל איז טאָקע דעם נביא געווען ליב און טייער, אָבער דער גאָט פון ישראל איז אים געווען נאָך ליבער און טייערער. די ריינע יידישע אמונה און דער אידעאַל פון מאָנאָטעאיזם, איז בא אים געווען די העכסטע דערגרייכונג. אחאב איז אַ מעכטיקער קעניג, אַ קרוב צום מלך פון צידון, אויך אַ מעכטיקער קעניג. אחאב האָט פאַרשטאַנען זיך באַליבט צו מאַכן באַם פאָלק ווען מען האָט באַדאַרפט. ניט אומזיסט ווערט ער באַטיטלט אַלס איינער פון די „מלכי חסד” פון ישראל, ער פירט געלונגענע מלחמות קעגן ארם, דעם פאַרביטערטן שונא פון ישראל. דאָס פאָלק האָט אים געליבט און גייט אים בלינד נאָך. זיי פאָלגן נאָך אַלע זיינע איינפירונגען און נעמען דאָס אויף מיט באַגייסטערונג. צאָרנט אליהו אפן פאָלק. ער ווערט אין כעס, ער ברענט מיט קנאות קעגן זיי.

אליהו הנביא דערווייטערט זיך פון פאָלק. ער פאַרלאָזט דעם פאָלק. ער באַהאַלט זיך ווידער אין זיין באַליבט ווינקל, אין מדבר, אין שוים פון דער רויער נאַטור. עס ציט אים ווידער צום באַרג חורב, דער פלאַץ

וואָס אינספּירירט און עקזאַלטירט אים. דאָרטן פאַרטיפט ער זיך אין זיינע געדאַנקען. ער קען ניט איבערטראָגן. אין זיין איינזאַמקייט וויזיאָנירט ער, ער זעט זיין פּאָלק גייט אונטער. דער מלך פאַרפירט עס. מען ציט אַרוף אויף אים אַ פרעמדן גייסט. אין זיין פאַרטיפונג, קומט אים פאָר, אַז ער זעט אַ וויזיע, און אין דער וויזיע, הערט ער אַ קול, וואָס שרייט „מה לך פה, אליהו?" וואָס טוסטו דאָ, אליהו, ווי קומסטו אַהער, בשעת דיין אָרט דאַרף זיין צווישן די קעמפנדיקע פאַרן וווּיל פון ישראל? אָבער ישראל, איז דאָך קעגן גאָט, ער איז דאָך אין כעס אויפן פּאָלק. ענטפערט ער מיט צאָרן „כי עזבו את בריתך, ישראל", ישראל האָט פאַרלאָזן דעם בונט מיט גאָט, זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון יידישן גייסט, ווי אַזוי זאָל איך קעמפן פאַר זיי? מיטאַמאָל ווערט אליהו שטיל. ער ווערט אינספּירירט. ער ווייסט שוין וואָס ער האָט צו טאָן, ער ווייסט שוין ווי צו ראַטעווען זיין ליב פּאָלק. פאַרניכטן די עמרי דינאַסטיע. אויסראָטן די גאַנצע פאַמיליע פון אחאב מיט איזבל. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אים באַלד געמאַכט.

אחאב'ן האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט אַ שיינעם ווייַנגאָרטן, וואָס האָט געהערט צו אַ יידן, נבות היזרעלי. דער ווייַנגאָרטן איז געלעגן נאָענט צו די גיטער פון אחאב'ן, לעבן זיינע ווייַנגערטנער. נבות איז אָבער געווען אַ ייד פון אַלטן שטייגער, וואָס האָט זיך ניט געלאָזן אריינשלעפּן אין דעם נייעם לעבנס־שטייגער. די אַלטע יידישע טראַדיציע איז בא אים געווען טייער. ער האָט זיך געהאַלטן פעסט באַם יידישן נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט. לויט דער אַלטער יידישער טראַדיציע, דאַרף מען אָפּהיטן אַ נחלה, וואָס גייט איבער בירושה פון פאָטער צו זון. חלילה, האָט נבות געענטפערט דעם קעניג. מיין ירושה־נחלה וועל איך ניט פאַרקויפן צו אַן אַנדערן, אפילו ניט צום קעניג. אחאב'ן פאַרדריסט דאָס. אים, דעם קעניג פון ישראל, זאָל מען זיך אָפּזאָגן צו דערפילן זיין פאַרלאַנג. אַ טרויעריקער און פאַרערגערטער קומט ער אין זיין פּאַלאַץ און דערציילט דאָס זיין פרוי.

נאַרישקייט, האָט די אַליינהערשנדיקע איזבל זיך אָפּגערופן און צייניש אַ שמייכל געטאָן. דאָס זיינען אַלץ פּאַלגן פון אייערע יידישע סענטימענטן, יידישע טראַדיציע און אייער קולטור. איך האַלט ניט דערפון. לאָז

דאָס מיר איבער וועסטו אַלצאיינס האָבן דעם ווייַנגאָרטן. באַלד האָט זי געפונען אַ פּאָר עדות, וואָס האָבן געזאָגט, אַז נבות פון יזרעאל האָט געשאָלטן און געלעסטערט גאָט און דעם קעניג. אין הסכם מיט די דעמאָלט עקזיסטירנדיקע געזעצן, האָט מען נבות'ן פאַרמשפּט צום טויט און זיינע גיטער זיינען איבערגעגאַנגען צום קעניג.

אַ פרייל־עכער און לעבעדיקער גייט אחאב צו נעמען באַזיץ פון נבות'־עס ווייַנגאָרטן. פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך ווי אַ שטורעם אָנגע־טראָגן אליהו און געבליבן שטיין פאַר אים.

אהא, דו האָסט דערמאָרדעט און איצט גייסטו ירשענען, האָט אים אליהו ברענענדיק פון צאָרן, דרייסט און אומדערשראָקן געשליידערט אין פּנים די באַשולדיקונג. דאָס הייסט, אַז דיין מלוכה, די מלכות ישראל, באַזירט זיך ניט אויף דער באַזע פון צדק און משפּט, אמת און יושר, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש דעם יידישן גייסט. דיין מלוכה באַזירט זיך אויף דעם גייסט פון צידון: מאַכט, אומגערעכטיקייט, רויב און מאָרד. איך שווער בא גאָט, אַז דאָרטן וווּ עס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פון נבות'ן וועט פאַרגאָסן ווערן דיין בלוט און דאָס בלוט פון דיין גאַנצער פאַמיליע. איר אַלע מוזט אומקומען. איר טאָרט ניט שטיין אין שפּיץ פון אַ יידישער מלוכה. מיט דער צייט וועט אָפּגעווישט ווערן יעדער שפּור פון דיין דינאַסטיע, ווייל איר האָט געבויט די מלוכה קעגנעריש צו די פּרינציפּן פון יידישן גייסט און ניט אין הסכם מיט דער עטיק, וואָס די יידישע תורה שרייבט פאָר. און אַזוי איז געשען. אליהו האָט אויפגעהויבן אַ באַוועגונג קעגן אחאב'ן און אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען אומגעבראַכט די גאַנצע פאַמיליע פון אחאב'ן.

אליהו הנביא איז געווען דער ערשטער פון די נביאים, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די רעכטן פון אָרימע און אונטערדריקטע. ער איז געווען דער פייערדיקער קעמפער פאַר אַ ריינער יידישער אמונה און פאַר דער יידישער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער קולטור. ער איז געווען דער ערשטער נביא, וואָס האָט געקעמפט, אַז אַ יידישע מלוכה זאָל זיך באַזירן אויף די פּרינציפּן פון יידישער עטיק, אמת און יושר. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס יידישע פאָלק קען לעבן און זיך אַנטוויקלען, נאָר אויף דעם יסוד פון מאָנאָטעאיסטישן אידעאַל און די פאָרשריפטן פון דער יידישער תורה.

אליהו הנביא שטייט בא יידן אף דער זעלביקער מדרגה ווי משה רבינו. משה האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק אַ קולטור. ער האָט דעם יידישן אָרגאַניזם געגעבן אַ נשמה און אליהו האָט די קולטור אָפּגעראַ־טעוועט פון אונטערגאַנג, און ניט דערלאָזט זי זאָל איינגעשלונגען ווערן אין די פרעמדע קולטורן, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען אין פאָלק. אליהו הנביא איז דערפאַר געבליבן פאַר יידן אומשטערבלעד, פּונקט ווי משה. ער לעבט אין הימל. ער איז ביז היינט דער באַשיצער פון אָרימע, דער פאָטער פון די יתומים, דער באַזאָרגער פון אלמנות, די לעצטע האָפענונג פון אַ קראַנקן און דער ריכטיקער וועגווייזער פון דעם רעליגיעז־דענקענ־דיקן ייד. נאָך היינט ווערט אליהו געלאַדן צו יעדן ברית, פּסח צו די סדרים און איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט בא יעדער יידישער שמחה. אליהו איז דער וואָס וועט אָנזאָגן דעם יידישן פאָלק, אַז משיח קומט זיי אויס־לייזן פון זייער פיינפולן גלות און וועט זי פירן צוריק אין זייער אייגן לאַנד, ווו עס וועט פון דאָס ניי אופגעריכטעט ווערן מלכות ישראל, אף די יסודות פון יידישן גייסט און אין וועלכער עס וועט הערשן די יידישע רעליגיעזע עטיק.

---

# דער נביא עמוס

אין קעגנזאַץ צו אליהו הנביא, וואָס איז געווען אַ נביא פון וואָרט. אין שריפט איז פון אים גאָרניט געבליבן, איז עמוס געווען דער ערשטער פון די גרויסע נביאים, וועמענס וואָרט עס איז געבליבן אין שריפטלעכער פאָרם.

עמוס איז געווען דער ערשטער נביא, וואָס האָט שוין פאַרשטאַנען קריטיש צו קוקן אַף די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלעכע און מלוכה׳שע אָרדענונג. זיין נבואה אנטהאַלט שוין דעם אידעאַל פון אַ צוקונפטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס זאָל זיין .געבויט אַף די יסודות פון גערעכטיקייט און גלייכהייט, אַף אמת און יושר. די נביאות פון עמוס, אַזוי גוט ווי די נביאות פון די אַנדערע גרויסע פּאָליטישע נביאים, פאַר־מאָגט שוין דעם מאָדערנעם געדאַנק צו פאַרבינדן דעם גורל פון דער אומה מיט דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט. עמוס איז געווען דער ערשטער נביא, וואָס ליינט ניט מער די האָפענונג פון דער אומה אַף באַשטימטע פּערזאָנען, זיי זאָלן פאַרזיכערן די צוקונפט פון פאָלק, עמוס הויבט שוין אוף אַ באַוועגונג צו לייגן דעם יסוד פון ישראל׳ס צוקונפט אַף דעם איבערבוי פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער אָרדענונג אין דער געזעל־שאַפט און ניט נאָר אין דער געזעלשאַפט פון ישראל און יהודה, נאָר פון דער גאַנצער מענטשהייט.

צוליב דער דערהויבנקייט פון די נבואה־אידעאַלן, צוליב ליידנ־שאַפטלעכן פּראָטעסט, קעגן אומגערעכטיקייט צוליב זייער דרייסטקייט צו שטעמפּלען אָפן די פעלערן פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעל־שאַפט, איז טאַקע די נבואה פאַרהייליקט געוואָרן ניט נאָר באַ יידן, נאָר באַ דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. די טעקסטן פון די נביאים זיינען קאַנאָניזירט געוואָרן פאַר דער מענטשהייט אַף אייביקע אייבי־קייטן. נאָך היינט, אריבער דריי טויזנט יאָר, איז דער אינהאַלט פון זייער נבואה פריש, צאַפּלדיק און אַקטועל, גלייך ווי היינט איז דאָס געשריבן געוואָרן. דער קאַמף פון די נביאים פאַר אמת, יושר, סאָציאַלע גערעכטי־

קייט, ברידערלעכקייט און פרייהייט, וואס זיי האבן אופגענומען אין יענער צייט, ווערט נאך היינט פארגעזעצט. עמוס איז געווען דער ערשטער וואס האט אופגענומען דעם קאמף פאר די דאזיקע פרינציפן אין זיין גאנצן פארנעם.

עמוס איז געבוירן און דערצויגן געווארן אין מלכות יהודה. ארויסגעטראטן מיט זיין נבואה איז ער אבער אין מלכות ישראל. ער האט זיך באוויזן אף דער ארענע פון די נביאים אין די גלאררייכסטע צייטן פון מלכות ישראל, ווען ירבעם דער צווייטער, קעניג פון ישראל, האט מיט גרויס הצלחה און העלדישקייט אנגעפירט מיט די מלחמות פון ישראל קעגן זיינע שונאים. מיט זיין קלוגע, אויסגעהאלטענע און גוטע פאליטיק, האט ירבעם צוריק דעראבערט אלע שטעט און דערפער, וואס זיינע פארגענגער האבן פארלארן. אין זיינע צייטן האט די טעריטאריע פון ישראל צוריק געוואונען אלע אירע פריערדיקע גרענעצן ווי אין די גליקלעכע צייטן פון דוד און שלמה.

די נצחונות פון ירבעם האבן געבראכט דאס לאנד רו און פרידן. צוזאמען דערמיט איז אויך שטארק געשטיגן דער עקאנאמישער מצב אין לאנד. אין די דערפער האבן די פויערים זיך אפגעגעבן אומגעשטערט מיט דער אגריקולטור, פיצוכט און קולטיווירן פון פרוכט. אין די שטעט איז געוואקסן די שפע נאבדעם ווי ארם, דעמאלט דער שטארקסטער שונא פון ישראל, איז באזיגט געווארן. ישראל איז צו יענער צייט געווען די שטארקסטע און זיכערסטע מלוכה באם ברעג פון מיטלענדישן ים. דער אינטערנאציאנאלער האנדל איז געגאנגען דורך ישראל, דאס לאנד איז געווארן דער גרעסטער טראנזיט־פונקט. פון אלע לענדער האבן געקרייצט די טעריטאריע פון ישראל קאראוואנען, און האבן זיך געצויגן איבער אלע וועגן און שטעט. נאטירלעך האט אזא בליענדיקער מצב ארייגגעבראכט אין לאנד קאלאסאלע פארדינסטן. אף אלע געביטן פון לעבן האט זיך געמערקט אן אופשטייג אין ישראל.

אלס א נאטירלעכער פועל יוצא פון דער פראספעריטי, האט א געפיל פון גאוה און זעלבסטצופרידנקייט באהערשט דעם מלך און זיינע הויכע שררות. זיי האבן געהאלטן, אז מיט זייער חכמה און פאליטיק האבן זיי אוועקגעשטעלט מלכות ישראל אין שפיץ פון אלע מלוכות אין

גאנצן מזרח. דאס פאלק האט געפילט א דאנקבארקייט צו זיין גאט, וואס איז געווען, נאך זייערע באגריפן, דער אויסשליסלעכער גאט נאר פון ישראל. זייער גאט האט זיי געהאלפן, געבראכט די גרויסע נצחונות און געגעבן אזא שפע פון גוטס. אלס דאנק אויסדרוק צו גאט האט דאס פאלק גע־בראכט קרבנות: אומצאליקע פעטע אקסן, געשטאפטע באראנעס, גע־פיטערטע קעלבער האט מען געשאכטן פאר גאט. די גייסטיק־רעליגיעזע צענטערן פון לאנד, גלגל און בית אל, ווו דער סימבאל פון גאט איז פארקערפערט געווארן אין גאלדענע קעלבער האבן געגלאנצט מיט זייערע פרעכטיקע ימים טובים, פייערלעכקייטן און אויסגעלאסענע הוליאנקעס. מען האט געגעסן און געטרונקען, געהוליעט און געשיכור'ט, מען האט זיך דערלויבט אלע פארגעניגנס, ווי עס פאסט פאר רייכע לייט. ישראל האט פארגעטערט די „קעלבער" פונקט ווי די שכנים זייערע האבן פאר־געטערט זייער „בעל". דאס איז געווען דער אויסדרוק פון דאנק צום גאט פון ישראל פאר זיין גוטסקייט צו זיי און זיי זיינען געווען זיכער, אז אין דער צוקונפט וועט ער זיי העלפן מיט נאך גרעסערע נצחונות און מיט נאך מער שפע ווי ביז איצט.

דער בליענדער מצב אין ישראל, די גרויסע רייכקייט און די שפע פון גוטס, וואס איז געקומען אין לאנד אלס רעזולטאט פון די מלחמה נצחונות האבן אבער געעפנט אנדערע אספעקטן אין לעבן פון דער פאלקס־מאסע. דער רוב מנין און בנין פון פאלק, ביז צו יענער צייט האט באזירט זיין עקאנאמיק אף דער באזע פון אמאליקן פאטריארכאלן לעבן, דער מקור פון זייער חיונה איז געווען ערד ארבעט און פי־צוכט. יעדער פאמיליע האט זיך געהאלטן פעסט בא די נחלות וואס זי האט גע־ירשנט פון אירע עלטערן. די יידישע פאמיליע האט זיך געהאלטן פעסט בא דער אלטער טראדיציע אפצוהיטן די ירושה פון די עלטערן. אף דעם אופן איז אויטאמאטיש אופגעהאלטן געווארן דער עקאנאמישער גלייכ־געוויכט אינעם פאלק און אין א געוויסער מאס האט זיך ניט געמערקט קיין סאציאלע אומגלייכקייט.

מיט דעם אויפקום פון דער מלחמה תקופה, הויפטזעכלעך פון דער גליקלעכער מלחמה קעגן דעם שונא ארם, האט די לאגע זיך געענדערט. א סך פאמיליעס זיינען אפגעריסן געווארן פון זייערע נחלות, א סך זיינען גע־ווען געצוואונגען צו פארלאזן זייער באדן און לויפן אין אנדערע טיילן

פון לאַנד. ווען די מלחמות האָבן זיך פאַרענדיקט זיינען ניט אַלע גע־קומען צוריק. אַ סך נחלות זיינען ניט אומגעקערט געוואָרן צו זייערע פריערע בעלי בתים. אַף די גיטער האָבן זיך באַזעצט אָפיצירן און אַנדערע הויכע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך געפילט אַלס זיגער פון דער מלחמה און האָבן געמיינט, אַז זיי קומט אַלץ. אַזוי אַרום האָט דער עקאָנאָמישער גלייכגעוויכט געמוזט ליידן געוויסע ענדערונגען. דער פריערדיקער פויער און בעל הבית, ניט האָבנדיק מער זיין באָדן, איז געווען געצוואונגען צו ווערן אַ קנעכט, אַן אַרבעטער בא אַן אַנדערן. ביסלעכווייז האָט זיך גע־נומען פילן אַ געוויסע סאָציאַלע סתירה אין לעבן פון פאָלק. אין פאָדער־גרונט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן זיך אַרויסגערוקט רייכע און אָרעמע, האַרן און קנעכט. עס האָט זיך באַקומען די אונדז גוטע באַקאַנטע סאָציאַ־לע אומגלייכקייט. פון איין זייט איבערפלוס, רייכקייט, פאַרגעניגן, הולי־טייסטווע. פון דער אַנדערער זייט: אָרימקייט, נויט, אונטערדריקונג, עקס־פּלאָטאַציע, באַשרענקונג פון פּערזענלעכער פרייהייט. פון איין זייט פרייד און צופרידנקייט, פון דער אַנדערער זייט פאַרביטערונג, קריצן מיט די ציין און שנאה. די געקריוודעטע און עקספּלאָטירטע, האָבן צוזאַמענגעקוועטשט די פויסטן און אינסטינקטיוו געוואַרט אַף אַ פּאַסיקע געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיטן עקספּלאָטירער.

דער רעליגיעזער לעבן אין ישראל איז אויך געווען אין דעקאַדענץ. זייער אומקלאָר איז געווען דער רעליגיעזער באַגריף. אליהו הנביא האָט סאַקע באַקעמפט דעם בעל קולט און אַ דאַנק אים איז דער אָפענער בעל־קולט פאַרשווונדן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז אָבער געווען נאָר עפנטלעך. די אויסערלעכע פאָרם פון קולט האָט זיך געביטן, אָבער דער אינהאַלט איז פאַרבליבן דער זעלביקער.

אין דער צייט ווען אין דער קליינער מלכות יהודה, האָט דער רע־ליגיעזער סענטימענט געהאַלטן אין אויפשטייגן, דער בית המקדש, אַלס גייסטיק רעליגיעזער צענטער איז געוואָרן אַלץ מער באַפּולער, דער טעמפּל איז געוואָרן פאַרהייליקט און רעספּעקטירט פון פאָלק. ירושלים און דער באַרג אַף וועלכן דער טעמפּל איז געשטאַנען איז געוואָרן דער איינציקער קאָנצענטראַציע־פּונקט אַרום וועלכן דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך גרופּירט. די כהנים האָבן איינגעפירט אויסבעסערונגען אין גאָטעס־דינסט און

אופגעהויבן דעם רעליגיעזן צערעמאָניאַל צו אַ געהעריקער הויך, דאָס
פאָלק האָט גערן זיך צוגעהערט צו די כהנים און זיי האָבן געגעבן די
געלעגנהייט, אַז די כהנים זאָלן ווערן די רעליגיעזע און גייסטיקע לערער
פאַרן פאָלק. אין אַ געוויסער צייט, אין דער צייט פון יונגן מלך יואש, איז
דער רעליגיעזער לעבן אין יהודה, אַזוי גוט ווי רעסטאַווירט געוואָרן אין
הסכם מיט די פאַרשריפטן פון תורת משה. דער געזעלשאַפטלעכער לעבן
האָט אָנגענומען די גייסטיקע קולטור פאָרמען ווי זיי זיינען אָנגעצייכנט
געוואָרן באַם באַרג סיני. עס זיינען איינגעפירט געוואָרן די אַלטע רע־
ליגיעזע און סאָציאַלע דינים פון משה׳ס צייטן. די זיטלעכקייט, די מש־
פחה ריינקייט, די עטישע מאָראַל מיט וואָס די יידישע תורה צייכנט
זיך אויס, איז געוואָרן די פאַקטישע קאָנסטיטוציע פון יהודה׳ס לעבן.
אין דער זעלבער צייט איז די פאַרבינדונג צווישן מלכות ישראל מיט
דער ריינער יידישער אמונה און די תורה געזעצן געוואָרן אַלץ לויזער
און שוואַכער. די געזעלשאַפטלעכע מאָראַל האָט געזונקען, דער סאָציאַ־
לער יושר פאַרשוואונדן און די רעליגיעזע עטיק פאַרשטויסן.

איינגאַרטיק איז געוואָרן אין מלכות ישראל דער רעליגיעזער באַ־
גריף צו יענער צייט. זיי האָבן געגלויבט אין גאָט פון ישראל אָבער גע־
דינט צו אים האָבן זיי אין דער זעלביקער פאָרם, ווי די שכנים זייערע
האָבן געדינט צו „בעל” אָדער „עשתרות”. לויט דעם באַגריף פון דע־
מאָלטדיקן ישראל, איז דער גאָט פון ישראל שטאַרק פאַרשמעלערט גע־
וואָרן אין זיין מאַכט. זיי האָבן אים איינגעשרענקט און געמאַכט בלויז
פאַר אַ נאַציאָנאַלן גאָט, וואָס איבט אויס זיין געטלעכע מאַכט נאָר אי־
בערן לאַנד פון ישראל. זיי האָבן טאַקע געגלויבט, אַז גאָט באַהערשט
אַלע נאַטירלעכע כוחות, באַפרוכפּערט די ערד, גיט צו דער צייט רעגן,
העלפט דעם פאָלק געווינען אַ מלחמה, שיקט זיי צו רייכקייט און וווּל־
שטאַנד. דאָס זעלביקע טוט אָבער אויך דער נאַציאָנאַלער גאָט פון די
אַנדערע פעלקער. גאָט פון מואב טוט דאָס פאַר זיין פאָלק, גאָט פון
צידון מאַכט דאָס פאַר זיין פאָלק און דער גאָט פון אמורי טוט דאָס פאַר
זיין פאָלק. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן אָפּגעהיט איז, ניט צו דער־
צאָרנען דעם יידישן נאַציאָנאַלן גאָט. דערצו פאָדערט זיך ברענגען אים
פעטע און גוטע קרבנות. דאָס האָבן זיי געטאָן מיט אַ ברייטער האַנט.

מען האָט געבראַכט קרבנות צו גאָט און אַליין אויך געלעבט. איינגע־אָרדנט ימים טובים, הוליאַנקעס, אַרגיעס באַ וועלכע עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַלע געמיינע אויסגעלאַסנקייטן און מיאוסע מאָראַלישע פאַר־ברעכנס.

די פילצאָליקע קרבנות וואָס ישראל האָט געבראַכט פאַר גאָט, האָט זיי געגעבן די זיכערקייט, אַז זייער נאַציאָנאַלער גאָט איז צופרידן מיט זיי און וועט ווייטער אויך באַוויליקן צו זיי אַ שפע פון גוטס, הצלחה אין זייערע געשעפטן און דערפאָלג אין די מלחמות. אַלס ביישפּיל, נאָך אַלע וואַרשיינלעכקייטן, האָט געקענט דינען פאַר זיי דער פאַקט, וואָס שלמה המלך, באַם אַרויפגיין אַפן טראָן האָט פאַרגאָסן בלוט, דערמאָר־דעט אַפילו אַן אייגענעם ברודער און אַ סך אַנדערע גרויסע לייט פון דער מלוכה. פונדעסטוועגן, אַז ער האָט געבראַכט טויזנט קרבנות פאַר גאָט, האָט אים גאָט מוחל געווען און געזאָגט צו אים: פאַרלאַנג וואָס דו ווילסט און איך וועל דיין פאַרלאַנג דערפילן.

די אימפּאָזאַנטע ימים טובים וואָס זיי האָבן איינגעאָרדנט אין זייע־רע רעליגיעזע צענטערן און די פיל צאָליקע קרבנות וואָס זיי האָבן גע־בראַכט פאַר גאָט, האָט פאַר זיי געדינט אַלס צייכן פון האַרמאָניע און שלום מיט גאָט. האָבנדיק אַזוי אַרום זיך פאַרזיכערט מיט דעם גנאָד פון גאָט פאַר זיך, האָבן די רייכע געשאַלטעט און געוואַלטעט איבער דער פאָלקס מאַסע ווי זייער האַרץ האָט געגלוסט. געדריקט און געקוועטשט דעם אָרימאַן, צוגענומען באַ אים זיין לעצטן שטיקל פעלד, פאַרקנעכט און פאַרשקלאַפט זייערע קינדער, גענאַרט און געשווינדלט אין מסחר, געפעלשט און פאַרקריפּלט די דינים, פאַרטריבן דעם אמת, געמאַכט פאַר־שווינדן דעם יושר. ווען פאָלק האָבן זיי זיך וויניק געקימערט. זיי זיינען דאָך געווען זיכער אין דער צוקונפט פון דער מלוכה. אָט האָט דאָך גאָט אופגעהויבן זייער מלוכה אַף דעם העכסטן שטאַפּל פון גליק און הצלחה. מלכות ישראל האָט זיך דאָך באַטראַכט פאַר די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע מלוכה באַם מיטלענדישן ים. מלכות ישראל דיק־טירט איר פּאָליטיק צו אַלע פעלקער און מלוכות, וואָס ליגן באַם מיט־לענדישן ים. זי האָט זיך געפילט ווי די מעכטיקסטע צווישן אירע שכ־נים. פּונקט אין דער צייט האָט זיך באַוויזן דער נביא עמוס.

עמוס איז געווען, ווי שוין פריער באמערקט, דער ערשטער נביא, וועמענס ווארט עס איז פארייביקט פאר אונדז אין שריפט. עמוס איז געווען דער ערשטער נביא, וואס האט אויסגעדריקט זיין רייכן געדאנק אין א שיינער פאעטישער פארם. ער איז געווען דער ערשטער נביא וואס האט ארויסגעפירט די נבואה מחוץ פון די טעריטאריעלע גרענעצן פון ישראל און געלאזט הערן זיין אויטאריטעט ווארט אויך איבער דער שכ־נישע מלוכות. עמוס איז אויך געווען פון די ערשטע נביאים, וואס האבן ארויסגעפירט גאט פון ישראל מחוץ פון די נאציאנאלע גרענעצן און אים פראקלאמירט פאר דעם גאט פון גאנצן אוניווערס. עמוס איז גע־ווען דער ערשטער נביא וואס האט פארבונדן דעם סאציאלן פראבלעם מיט א רעליגיעזער קאנצעפציע. סאציאלע גערעכטיקייט איז דער געזעל־שאפט פארבינדט ער דירעקט מיט דעם ריינעם גלויבן אין גאט. עמוס באשרענקט ניט דעם סאציאלן פראבלעם אין די ענגע גרענעצן פון א נאציאנאלער טעריטאריע. ער ברייטערט אוים די גרענעצן פון סאציאלן יושר און מאכט אים פאר אן אינטערנאציאנאלן פראבלעם. דער אידעאל פון גוטס און גערעכטיקייט איז פארן נביא ניט עפעס אפגעזונדערט פון דער רעליגיע, נאר דאס איז בא אים דער עיקר. נאך עמוס'ס מיינונג איז ניט דער קולט אדער ריטואל די הויפט זאך פון רעליגיעזן לעבן נאר די זיטלעכע פארפולקאמונג איז דער זין פון רעליגיע.

עמוס לאכט אוים די אויסערלעכע פארמען פון רעליגיעזן לעבן וואס ישראל האט אנגענומען אין נאמען פון גאט. ער בייסט סארקאס־טיש די פארם פון דינען גאט מיט קרבנות און גרוים פאמפע. ער זאגט אין נאמען פון גאט:

„איך האב פיינט און איך פאראכט אייערע יום־טובים, און איך וויל ניט שמעקן דעם ריח פון אייערע פייערלעכע פארזאמלונ־גען. איר וועט צו מיר מקריב זיין קרבן עולות און קרבן מנחות, וועל איך זיי ניט אנעמען. אייערע פעטע קרבנות וועל איך ניט אנ־קוקן. נעמט אוועק פון מיר דעם טומל פון אייערע לידער און דאס שפילן פון אייער פידל וויל איך ניט הערן. אנשטאט דאס זאל בעסער דער משפט אנטפלעקט ווערן ווי וואסער און די גערעכטיקייט ווי א שטארקער טייך".

זייער אינטערעסאַנט איז די פּערזענלעכקייט פון נביא עמוס. ער איז געווען אַ שטרענגער, אַן ענערגישער, צאָרנדיק און פאַרביטערט און אַ שטורמישער רעדנער. ווי אַלע נביאים, איז ער אויך געווען דרייסט, אומדערשראָקן און געוואגט. ער האָט ניט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת אין פּנים פון מלכים און זייערע האָרן.

עמוס איז געבאָרן געוואָרן אין אַ שטעטל, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען תוקע. די שטעטעלע איז געלעגן אין באַרגיקן געגנט, וואָס ציט זיך אין דרום פון ירושלים, צום געזאַלצענעם ים, באַקאַנט אין דער תנ"ך ליטעראַטור אונטערן נאָמען „מדבר יהודה". די געגנט איז באַרגיק, פול מיט שפּיציקע קאַלכשטיינער און נאַקעטע פעלזן, טיפע שטיינגריבער און היילן. די נאַטור איז ניט געווען מילד צו דעם ווינקל, דער באָדן שטיינערדיק און האַרט, ניט באַוואַקסן, זעלטן ווו מען האָט דאָרטן גע־קענט טרעפן אַ ווינקל וואָס זאָל זיין באַגראָזט און באַגרינט. בהמות צוכט האָט מען דאָרטן ניט געקענט אַנטוויקלען. די איינוווינער פון דער געגנט האָבן זיך באַגנוגנט מיט האָדעווען אַ קליין שעפּסל אָדער אַ מאָגער ציג. ווו ניט ווו איז געוואַקסן צווישן די נאַקעטע פעלזן אַ דאַרער בוים פון שיקאַמאָרן, וואָס וואַקסן געוויינלעך אין אַזעלכע וויסטע ערטער. פּי־טערן די איינוווינער פון דער שטעטל תוקע זייערע פּאָר שעפּסן און ציגן אין די שפּאַלטן פון די פעלזן און רוען זיך אין שאָטן פון די באַבלע־טערטע שיקאַמאָרן ביימער.

די שטעטעלע תוקע איז געלעגן אויף אַ באַרג. צופוסנס פון באַרג האָט זיך געצויגן אַן אומעטיקער, וויסטער און אויסגעטריקנטער טאָל, וואָס האָט זעלטן ווען אָנגעזען אַ ביסל וואַסער. פון ווייטנס האָבן שעמערירט די גרוי־לייִמיקע כוואַליעס פון ים המלח. אַרום און אַרום האָט זיך גע־זען די אַרויסגעשטאַרטשעטע ווייסע קאַלכשטיינער פון די ריזיקע באַרג־הויכענישן. ווייט, ווייט אין האָריזאָנט האָט פאַר די אויגן געפינקלט דער שניי וואָס האָט שטענדיק באַדעקט די בערג פון מואב. ווו די בליקן זיי־נען געפאַלן, האָט זיך געזען: וויסטקייט, טרוקנקייט און רויע נאַטור.

ניט איינמאָל איז עמוס, אין זיין יוגנט, געשטאַנען אויף דעם דאָ־זיקן באַרג און מיט באַדויערונג באַטראַכט דעם קאַפּריז פון דער שיי־נער, פרייער נאַטור. ער האָט זיך פאַרטראַכט אין די אַלע דערשיינונגען

פון דער נאַטור און זיך געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס האָט די גוטע אַזוי באַ׳עוולה׳ט די געגנט? און נאָך מער האָט אים פאַרדראָסן, וואָס נאַטור דאָ, אין דער געגנט, ווו די שיינענדיקע בליקן פון דער רייכער נאַטור וויל זיך ניט אָפשטעלן, אין דער געגנט, ווו דער מילדער שמייכל פון דער נאַטור קומט קיינמאָל ניט צו, ווימלט מיט פאַרצוקנדיקע חיות, יאָמער־דיקע שאַקאַלן און הונגעריקע וועלף. עס האָט זיך אים גוט איינגע־קריצט אין זכרון די בילדער, ווי אַזוי די פּאַסטוכער שטעלן איין זייער לעבן און קעמפן קעגן אָט די אומגעבעטענע געסט פון מדבר, ווען זיי קריצן מיט זייערע שאַרפע ציין און ווילן פאַרצוקן זייערס אַ שעפּסעלע אָדער אַ ציג. אַליין אויך אַ פּאַסטוך, איז אים ניט איינמאָל אויסגעקומען צו האַלטן מלחמה מיט אַ מדבר חיה, אַ הונגעריקן וואָלף, אַ בייזן לעמ־פּערט, אַ שרייענדיקן לייב, ווען זיי זיינען באַפאַלן זיין אָרימע טשע־רעדע.

ליגנדיק זייער אָפט איינער אַליין אין די הייסע טעג, אונטערן שאָטן פון די שיקאַמאָרן בוימער, אָדער טוליענדיק זיך אין די קאַלטע מדבר נעכט, ערגעץ אין אַ לאָך פון אַ פעלז אָדער אין אַ שפּאַלט פון אַ באַרג, האָט ער געהאַט די געלעגנהייט זיך צו פאַרטראַכטן איבער דעם לעבן פון פּויער און פּאַסטוך, אינעם לעבן פון די אָרעמע מענטשן וואָס האָבן ניט געהאַט דעם גליק זיך אַריינצודרייען אין קאַראַהאַד פון די שטאָטי־שע גבירים און הויכע מלוכה באַאַמטע. ער האָט זיך צוגעקוקט ווי די פּויערים מוטשען זיך אַרויסצובאַקומען פון דער ערד דאָס שטיקל ברויט. ער האָט גוט באַטראַכט דעם שטענדיקן שרעק פון פּויער פאַר די נאַ־טור קאַפּריזן, וואָס דראָען זיי, אַז זייער פּראַצע און שווייס זאָל אין גאַנצן גיין פאַרלאָרן. אים האָט שטאַרק וויי געטאָן, וואָס נאָך אַלעם דעם, קומען די שטייער באַאַמטע פון קעניג און נעמען צו פאַרן קעניג־לעכן הויף און זיין מיליטער דאָס בעסטע און שענסטע וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי און פּראַצע אַרויסגעבראַכט פון דער ערד.

עמוס איז געווווינט מיט דער פרייער נאַטור. ער האָט אַ גוט האַרץ, אַ פילנדיקע יידישע נשמה. ער באַדויערט שטאַרק דעם מצב פון פּויער און פּאַסטוך. ער האָט אַ קלאָר דענקענדיקן קאָפּ. ער טראַכט ווו און ווי אַזוי מען קען די זאַכן אויסבעסערן. ניט איין טאָג און ניט איין נאַכט

איז ער אזוי געלעגן און זיך פארטיפט אין די פראבלעמען. די געדאנקען האבן זיך געדרייט בא אים אין קאפ ווי א ווירבל. א כוח, אן אומבאקאנטע קראפט האט אים געשטויסן, עס האט אים געשלעפט, עס האט אים געצויגן, ער זאל עפעס וואס אונטערנעמען אין דער הינזיכט.

נאך א געלעגנהייט האט געהאט עמוס איבער וואס צו טראכטן אין די נעכט וואס ער האט פארבראכט אין מדבר. דורכן מדבר יהודה, ווו דער פילנדיקער און וואכזאמער עמוס האט פארבראכט זיינע יונגע יארן, איז דורכגעגאנגען דער שליאך איבער וועלכן עס האבן זיך געצויגן די האנדלס־קאראוואנען פון אשור קיין עגיפטן, פון צידון קיין ישראל. זייער אפט איז אויסגעקומען די קאראוואנען זיך אפצושטעלן אין מדבר יהודה און בלייבן דארטן די נאכט. די קאלטע מדבר ווינטן, וואס בלאזן אין מדבר יהודה, האבן געצוואונגען די קאראוואנען־אנטרייבער צו זוכן די פאסטוכער און זיך אנווארעמען בא זייערע פייערן, וואס זיי האבן באנאכט אנגעצונדן. די אנטרייבער קומען פון די גרויסע שטעט, זיי דערציילן נייעס פון די שטעט פונוואנען זיי קומען. מען שמועסט פון פאליטיק, פון מלחמות, פון די גרויסע רייכקייטן אין וועלכע די שטאטאיינוווינער באדן זיך, פון די גרויסע פייערלעכקייטן וואס די רייכע דערלויבן זיך. עמוס הערט זיך צו צו אלץ וואס די אנטרייבער דערציילן. די דאזיקע שמועסן מאכן אף אים א שלעכטן איינדרוק. סטייטש, ווי קומט דאס? אזא רייכקייט, אזא איבערפלוס אין שטאט, לויט ווי די אנטרייבער גיבן איבער, און זייט בא זייט געפינט זיך אזא ארעמקייט, אזא נויט, אזא דחקות און די רייכע ווילן דאס ניט וויסן, פארקערט, זיי באנעמען זיך מיט די ארעמע ווי הארן צו זייערע שקלאפן.

עמוס אליין האט אויך געהאט די געלעגנהייט אנצוזען וואס עס טוט זיך אין שטאט. ער איז געווען א שיקאמארן קלייבער, ווי ער אליין האט זיך באטיטלט. אים איז אויסגעקומען צו זיין אין שטאט ווען ער האט געהאט אביסל שיקאמארן צו פארקויפן אדער א ציג אן איבעריקע. ער איז געווען א גוטער באאבאכטער. ער האט געזען ווי די רייכע זויגן די מארך פון די ארימע. ער האט באמערקט ווי זיי נארן און שווינדלען אין מסחר, באנוצן פאלשע וואג און פאלשע מאסן, כדי וואס מער צו באשווינדלען דעם ארימען און צו פארקנעכטן די עקאנאמיש געפאלענע.

פארברענגענדיק טעג און נעכט אין איינזאמקייט בא זיין קליינע אָרימע טשערעדע. ליגנדיק אין די שפּאַלטן און לעכער פון די נאַקעטע פעלזן, אין די אויסגעטריקנטע טאָלן און אויף די הויכע בערג, ווייט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, האָבנדיק אַרום זיך בלויז פרייע מדבר נאַטור און געזונטע בערגיקע לופט, האָט ער זיך אַריינגעטראַכט אין גאַנצן וועלט-באַשאַף, אינעם גאַנג פון דער שיינער נאַטור, די היסטאָ־רישע פּראָצעסן פון די אַרומיקע שכנ׳ישע לענדער, און עס האָט בא אים אויפגעוואַכט דער יידישער גייסט פון זיין נשמה. די אַלטע יידישע דער־ציונג וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין פּאַטריאַרכאַליש־דענקנדיקן פּאָטער האָט גענומען צו אים אַפּעלירן. ער בליקט ווייט אין יידישן עבר און זעט, אַז דער גאַנצער וועלט-באַשאַף, די שיינע רייכע נאַטור, די ערד מיט אירע אומאויסשעפּלעכע כוחות, דער גאַנצער קאָסמאָס בכלל איז פול מיט גאָט. ניט אומזיסט האָט די נאַטור באַשאַפן די שוואַכע חיות מיט נאַטירלעכע שוץ־מיטלען קעגן די שטאַרקערע. ניט אומזיסט גיט אַרויס די ערד איר רייכקייט, בכדי אַלץ וואָס גאָט האָט באַשאַפן און עס לעבט זאָל זיך קענען דערנערן פון איר. די נאַטור איז פול מיט גאָטס מאַכט, זי איז פול מיט זיין גוטסקייט. די גוטסקייט פון גאָט פאַרשפּרייט זיך איבער אַלץ און איבער אַלעמען.

עמוס לאָזט זיך שוועבן איבער די פליגל פון דער ברייטער פאַנ־טאַזיע, וואָס די איינזאַמקייט ברענגט אָמאָל אַרויף אויף אַ מענטשן. עמוס איז אָבער אויך געווען אַ מענטש מיט אַ פּראַקטישן חוש אין לעבן. ער האָט געהאַט דערפאַרונג אין לעבן. זיין האַרטער מדבר לעבן האָט בא אים אויסקריסטאַליזירט אַ קלאָרן און ניכטערן שכל. מיט זיין טיפן אַנאַלי־טישן אַרט דענקען דרינגט ער אַריין טיף אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן פאָלק. מיט קלאָרקייט, ניכטערקייט און ווייטזעעוודיקייט נעמט ער אַרום, ניט נאָר דאָס לעבן פון זיין פאָלק, נאָר דרינגט אַריין אויך אין לעבן פון די אַלע אַרומיקע פעלקער. ער זעט ווי פעלקער־אָרגאַניזמען הויבן אָן פוילן, באַזונדערס זעט ער דאָס אין יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. און עס טוט אים שטאַרק וויי.

מיט זיין ווייטן און שאַרפן בליק געפינט באַלד עמוס די סיבה פון דער קראַנקייט. דאָס יידישע פאָלק, באַזונדערס די רייכע און זאַטע מל־

כות ישראל, איז שוין ווייט, ווייט אוועק פון דעם מקור און יסוד פון יידישן, רעליגיעז־עטישן לעבן. פריער, אין די צייטן, ווען דאס פאלק ישראל איז אויספארמירט געווארן, איז דאס פאלקס־לעבן געשטאנען נאנט צו זיין מקור, נאנט צו דער נאטור, נאנט צו גאט פון ישראל נאנט צו זיין תורה, וואס איז דער מקור פון אמת, יושר, צדק און משפט. אזא לעבן איז מעגלעך נאר דעמאלט ווען דאס פאלק שטייט נאנט צו דער נאטור און איז פארבונדן מיט דער מאמע־ערד. דארטן אין שטאט, וווּ מען לעבט, ווי עמוס האט זיך אזוי טרעפלעך אויסגעדריקט „מען ליגט אף די לעז־שטולן פון העלפאנט־ביין און מען עסט פעטע שאף און געשטאפטע קעלבער", קען מען ניט לעבן דעם ריכטיקן יידישן לעבן. דער שטאטישער לעבן איז קעגן דער נאטור און וואס קעגן דער נאטור איז אויך קעגן גאט. גאט פון ישראל האט פיינט אזא לעבן. אים איז דערווידער א לעבן קעגן די נאטור געזעצן. יעדער טאט וואס איז ניט אין הסכם מיט די נאטור געזעצן מוז פארניכטעט ווערן. די נאטור אליין ברענגט א קאטאסטראפע אלס שטראף דערפאר, וואס מען האנדלט פאר־ברעכעריש קעגן איר.

ווי נאריש עס איז דער שטאטישער לעבן פון די גבירים און גרויסע הארן. זיי טוען אפ אלערליי מיאוסע מעשים און ווילן צופרידן שטעלן גאט דערמיט, וואס זיי שעכטן א סך קרבנות. באדארף דען גאט פון ישראל קרבנות? זוכט ער דען פלייש און פעטס? איז דען גאט פון ישראל אויסן די הוליאנקעס און די ארגיעס, וואס זיי ארדענען איין פון זיינעטוועגן? אזעלכע זאכן זוכן נאר די געקינסטלטע געטער פון צידון, אמורי, מואב, אשור און אנדערע, אבער ניט דער גאט פון ישראל.

אנאליזירנדיק אלזייטיק דעם ווירבל פון געדאנקען, וואס האבן אופגעטויכט אין זיין פראקטישן און קלארן מוח, האלט ער זיינע בליקן געצילט אף די שפיצן בערג, וואס ליגן ווייט קעגן אים. עס דערמאנט זיך אים בא דער געלעגנהייט דער בארג סני. אים דערמאנט זיך ווי זיין פאטער, דער ייד וואס איז געווען צוגעבונדן צו דער טראדיציע און צום יידישן מקור, האט מיט א גוואלדיקע התפעלות דערציילט פון די ווונ־דער וואס גאט פון ישראל, דערזעלביקער וואס האט זיך באוויזן צום פאלק ישראל אפן בארג סני, האט געטאן צום יידישן פאלק. יא, טראכט

ער באַ זיך, דער גאָט פון ישראל איז מעכטיק, ער הערשט אומעטום, ער פירט אָן מיט דעם גאַנצן קאָסמאָס, ער פירט אָן מיט דעם געשיכטלעכן לעבן פון אַלע פעלקער וואָס לעבן אויף ערד־קוגל. נאָר ער אַליין קען ענדערן דעם געשיכטלעכן פּראָצעס פון יידישן לעבן. ער מיט זיין אומ־באַשרענקטן געטלעכן כוח קען א דריי געבן דעם ראָד פון דער געשיכ־טע, און ער קומט צום אויספיר, אַז אַ קאַטאַסטראָפע מוז געשען אויף דער מלוכה פון ישראל.

מלכות ישראל פירט אַ לעבן, וואָס איז קעגן די געזעצן פון נאַ־טור, ווענט די נאַטור אַליין, דאָס הייסט גאָט, וואָס איז פול אין דער נאַ־טור, באַשטראָפן די אָפּטריניקע. די נאַטור האָט געגוג שטראָפן. עס קען קומען אַ טריקעניש, אַ שטורעם, אַ היישעריק אָדער אַן אַנדער נאַטור קאַטאַסטראָפע אַלס קאָנסעקווענץ דערפאַר, וואָס יידן האָבן אדאָפּטירט די קולטן־פאָרמען פון די אַרומיקע פעלקער. זיי דינען צו פרעמדע גע־טער, לעבן אין אַ פרעמדער קולטור און האָבן פאַרלאָזן די מאָראַלישע געבאָטן, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן אויפן באַרג סני.

עמוס פאַרטיפט זיך אַלץ טיפער און ברייטער אין זיינע געדאַנ־קען, אין זיין איינזאַמקייט צינדט זיך אין אים אָן אַ פייער פון צאָרן פאַר די פאַרברעכערישע מעשים פון ישראל. זיין ריינע יידישע נשמה ברענט מיט דעם ווילן זיך צו באַהעפטן מיט דעם אמת, מיט דער ריינער לויטערקייט וואָס עס שטראַלט אַרויס פון גאָט פון ישראל, דער וואָס איז פול אין דער גאַנצער וועלט. דער וואָס רוט אויך אין מדבר און אפשר אין מדבר מער ווי אין שטאָט. ער ווערט אינספּירירט פון דעם געדאַנק, אַז גאָט איז דאָ מיט אים, אין מדבר, דאָרטן וווּ די פרייע נאַ־טור איז געבליבן ריין, אומבאַרירט, אומבאַפלעקט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע. געקומען צו דעם געדאַנק, ווערט עמוס עמאַציאָנירט, ער ווערט אופגעציטערט און עקזאַלטירט פון דעם געטלעכן געדאַנק. ער איז איבערצייגט, אַז זיין נשמה איז געקומען אין באַרירונג מיט דער געט־לעכקייט. ער שטייט אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם ריינעם אמת און אין דער עקזאַלטאַציע קומט אים פאָר, אַז ער הערט אַ שטים אין מדבר, וואָס רעדט צו אים „גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל" און געשטויסן פון דער אומזעבאַרער קראַפט, געטריבן פון דעם דראַנג צו ראַטעווען, צו

העלפן, זיין פאלק ישראל, אזוי לאנג ווי עס איז נאך מעגלעך נעמט ער זיך אן מיט מוט, אן מורא, אן שרעק און ער איז בא זיך גרייט צו גיין צום קעניג פון ישראל, צו זיינע ראטגעבער און ארויסהעלפער און שרייען צו זיי, פראטעסטירן פאר זיי קעגן זייער ניט ריכטיקער האנד־לונג און קעגן זייער פאלשער פאליטיק אין וועלכער זיי פירן דאס פאלק ישראל.

טרעפלעך דריקט ער זיך אויס, דער נביא עמוס באם אנפאנג פון זיין נבואה: „אז א לייב שרייט — ווער וועט ניט מורא האבן?, אז גאט רעדט — ווער וועט ניט גיין נביאות זאגן?" פון דעם מאמענט אן ווערט עמוס דער שיקאמארן קלייבער און ציגן פאסטוך, פארוואנדלט אין א נביא, איינער פון די גרעסטע סאציאל־פאליטישע און נאציאנאלע נביאים בא יידן.

ניט לייכט איז אים אנגעקומען זיך צו באשליסן אף דעם שריט. געוווינט צו א פשוטן לעבן, געוווינט אלע טאג צו זען זיינע באליבטע שעפסן און ציגן, פועלט ער ניט בא זיך אזוי לייכט זיי צו פארלאזן, אוועקגיין פון דער פרייער נאטור, ווו אלץ איז אזוי שיין, אזוי איידל, אזוי ליכטיק און אזוי ריין. אין מדבר הערשן אין זייער גאנצער פא־טריארכאלישקייט, די געזעצן פון יושר און אמת, מאראל און מענטשן־ליבע און מען דארף דאס פארלאזן און גיין לעבן אין שטאט, ווו עס הערשט די אויסגעלאסנקייט און אומאראלישקייט, אונטערדריקונג און שקלאפעריי אין זייער גאנצן אומפאנג. אבער ווי קען ער זיך אפזאגן? ער זעט די קאטאסטראפע וואס רוקט זיך נענטער צו מלכות ישראל. ער האט געהערט פון די קאראוואנען טרייבער, אז דארטן אין מזרח וואקסט א נייער און גרויסער פאליטישער כוח, וואס וועט פארשלינגען אלע מלו־כות, וואס ליגן באם מיטלענדישן ים. ער שפירט ווי עס פארציט זיך דער הימל פון ישראל מיט א פינצטערע כמארע. ער זעט, אז דאס וואס עס מוז קומען איז די שטראף, וואס גאט האט צוגעגרייט פארן פאלק פון ישראל און ער מוז גיין ווארענען ישראל פארן „טאג פון גאט" וואס דערנענטערט זיך.

עמוס איז געווען א פראקטישער און דערפארענער מענטש. אלס א־זעלכער טרעט ער צו נביאות זאגן אויך פראקטיש און דיפלאמאטיש. זיין

געטלעכע מיסיע ווײל ער אויספירן טיכטיק און גוט. באַטש וואָס ער האָט געהאַט און געוואָלט זאָגן, באַציט זיך אַף מלכות ישראל, באַווייזט ער זיך אין דער הויפּטשטאָט שומרון און פאַנגט אָן זיין נבואה קעגן מל־כות יהודה און קעגן אַרומיקע מלוכות. ער ווייל דערמיט ציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון די צוהערער, ער ווייל, אַז דער עולם זאָל אים הערן מיט מער אינטערעס. קוים אָבער דערזעט ער פאַר זיך אַ גרויסן עולם, וואָס הערט אויס זיינע ווערטער, בייט ער די טעמע און הויבט אָן צו ריידן קעגן מלכות ישראל.

עמוס שטורעמט אַף שומרון און ער דונערט מיט אַ ברענענדיקן צאָרן אַפן קעניג און די פירער פון ישראל. זיינע רייד זיינען קורץ אָבער זיינע ווערטער זיינען טיף שטעכעדיקע. ער שטעכט מיט זיינע ווערטער ווי מיט אַ קורצן אָבער שאַרפן סטילעט. ער רעדט מיט געפיל, מיט איי־בערצייגונג, מיט דער פולער זיכערקייט, אַז דאָס וואָס ער זאָגט איז דער ריינער אמת, אַזוי זאָגט גאָט אַליין. ער פילט, אַז פון זיין האַלדז שרייט אַ געטלעכער כוח. ער בייטשט אָן רחמנות און שניידט מיט שאַרפע מע־סערס דעם פאָלק ישראל. אָן רחמנות שרייט ער צו שומרון „אין אַלע מערקפּלעצער וועט מען קלאָגן, אין אַלע גאַסן וועט מען שרייען, אוי, ווי. אין אַלע וויינגערטנער וועט מען טרויערן, ווייל גאָט וועט דורכגיין צו באַשטראָפן, אַזוי זאָגט גאָט".

אין די פינצטערסטע פאַרבן מאָלט דער נביא די צוקונפט פון ישר־ראל. ער שילדערט אַנשיקעניש פון טריקעניש, בראַנד און מחנות היי־שעריקן וועלן באַפאַלן די רייכע און זאַטע מלוכות פון ישראל. ער מאָלט בילדער פון שווידערלעכסטע ערדציטערנישן, בילדער ווי האָרדעס ווילדע בלוטדורשטיקע שונאים באַפאַלן די מלוכה און מאַכן איר חרוב. ער וואָרנט פאַר נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, וואָס וועלן זיין גלייך צו די קאַ־טאַסטראָפע פון סדום און עמורה. פול מיט צאָרן, בייז און פאַרביטערט, וואָרפט ער אָן אַ שרעק אַפן פאָלק פון ישראל אין זיין נבואה איבער דער צוקונפט פון ישראל.

עמוס איז געווען אַ גוטער דיאַגנאָסטיקער, ער געפינט דעם פאָלקס־אָרגאַניזם קראַנק און גלייך שטעלט ער פעסט די סיבה פון דער קראַנ־קייט. די סיבה איז — מאַנגל אין גאָט באַקענטעניש. פאַר עמוס'ן איז

געוועז גאָט פון ישראל, דאָס שענסטע, דאָס העכסטע, דאָס דערהויבנס־טע וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. גאָט איז אַן אַ סוף און אָן אַ גרענעץ, דאָרטן וווּ עס איז דאָ עטיק, מאָראַל, יושר, אמת, צדק און משפּט דאָרטן איז גאָט, ווייל דאָס אַלץ איז געטלעכע אַטריבוטן. בּאַ ישראל זעט ניט עמוס די געטלעכע אַטריבוטן, פאָלגלעך איז ניטאָ בּאַ זיי גאָט פון ישראל. ער זעט בּאַ זיי אַן אַנדערן גאָט, וואָס עסט פעטע פלייש פון קרבּנות, וואָס שמעקט ווייראויך וואָס מען רויכערט פון זייע־נעטוועגן. ער זעט דאָרטן אַ גאָט וואָס ליגט געפאַנגען בּאַ די רייכע הול־טאַיעס און זיי נוצן אים אויס צו זייערע אינטערעסן. אין נאָמען פון זייער גאָט פאַרהערלעכן זיי אַלע אומווירדיקע מעשים, די שענדלעכסטע אַרגיעס, די מיאוס'טע אויסגעלאַסנקייט מאַכן זיי אין נאָמען פון זייער גאָט. ישראל האָט פאַרשפּאַרט זייער גאָט אין בּית־אל און גלגל און פיטערן אים מיט קרבּנות און אין דעם איז די סיבּה פון זייער קראַנק־קייט.

„אייער גיין צו גאָט אין בּית־אל — איז נאָר צו זינדיקן,
אין גלגל גייט איר באַגיין פאַרברעכנס;
דאָס ליבּט איר, פאָלק פון ישראל."

אַזוי שליידערט עמוס דעם אמת אין פּנים פון פאָלק און זיינע הערשער.

עמוס שניידט מיט זיין שאַרפן נבואה־מעסער דאָס פלייש פון פאָלק ישראל אָן רחמנות. אָן אויפגעבּראַכטער רעדט ער צו זיי איבּער די סאָ־ציאַל געזעלשאַפטלעכע פאַרברעכנס זייערע. צו די ריכטער און גייסטי־קע פירער שרייט ער: „איר נעמט שוחד, דעם גערעכטן דריקט איר, דעם אָרימאַן פאַרמשפּט איר. אין האַנדל באַגייט איר באַטרוג און שווינדל, כדי צו בּאַרויבּן דעם אָרימען, איר שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר פאַלשע מאָס און פאַלשע געוויכט. איר האָט איינגעפירט קלענערע מאָסן, גרעסערע שקלים און פאַלשע וואָגשאָלן".

פון די רייכע האָט דער נביא עמוס געריסן שטיקער. ער האָט געשניטן זייער פלייש אָן רחמנות. עמוס האָט געהאַלטן, אַז דער גאַנ־צער אומגליק אויפן פאָלק און לאַנד קומט פון די רייכע, פון דעם גרויסן איבּערפלוס וואָס עס הערשט אין שומרון, פון די ווילדע אָרגיעס, פון

די נאַרישע הוליאַנקעס, פון ימים טובים און פאַרגעניגנס, וואָס די רייכע דערלויבן זיך. דער דאָזיקער איבערפלוס קומט דאָך דערפון, וואָס זיי פאַרורזאַכן מאַנגל און נויט בײַ די אָרימע. דאָס איז אַ סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכער פאַרברעכן, אַז אומגערעכטיקייט, די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט קען עמוס בשום אופן נישט פאַרגעסן. ער דונערט און פייערט מיט כעס און צאָרן, הלמאי די רייכע דריקן און עקספּלאָטירן דעם אָרימען. מיט פאָלגנדיקע ווערטער רעדט ער צו די פרויען פון ישראל:

„הערט איר אויסגעפּאַשעטע קי פון די בערג פון שומרון, וועלכע דריקן דעם אָרימען און קוועלן דעם נויטבאַדערפטיקן".
„דערפאַר וואָס איר רויבט דעם אָרימאַן, זיין לעצטן ביסל תבואה נעמט איר בײַ אים אַוועק, וועט איר בויען שטיינערנע פּאַלאַצן און איר וועט אין זיי נישט וווינען, פּרעכטיקע וויינגערטנער וועט איר אָנלעגן און דעם ווייַן נישט טרינקען".

עמוס איז געווען דער נביא פון טיפער פאַרשטענדעניש צו גאָט און צו דער ריינער יידישער אמונה, וואָס ליגט אין יסוד פון יידישן לעבן. זיין אידעאַל איז געווען, אַז ישראל מוז קענען גאָט און זיין צו אים צוגעבונדן. זיין רעליגיעזע קאָנצעפּציע דריקט ער אויס אין פאַרערונג פון גאָט און אין פאַרשן גאָט. וואָס גאָט מיינט פאַר עמוס'ן איז באַקאַנט פון זיין נבואה. זיין רעליגיעזע קאָנצעפּציע איז געווען באַרימט נישט נאָר אין זיינע צייטן, נאָר אפילו אַ סך יאָר שפּעטער. אין די צייטן פון די חכמי התלמוד איז זיין רעליגיעזער שטאַנדפּונקט געלויבט געוואָרן און אונטערגעשטראָכן אַלס דער ריכטיקער. דער תלמוד זאָגט „משה רבינו האָט פאַרמירט דעם פאָלק ישראל און זיין עקזיסטענץ אָפּהענגיק געמאַכט פון אָפּהיטן זעקס הונדערט און דרייצן מצוות. איז געקומען עמוס און האָט פאַרבונדן די יידישע עקזיסטענץ נאָר מיט איין מצווה „פאַרשט גאָט וועט איר לעבן" זוכן און פאָרשן דעם ריכטיקן וועג צו גאָט, דאָס איז די יידישע רעליגיעזע קאָנצעפּציע. ער האָט זיין רעליגיעזע קאָנצעפּציע פאָרמולירט קורץ און שאַרף.

„גייט נישט מער אין בית־אל, קומט נישט מער אין גלגל". טוט נאָר איין זאַך „פאָרשט דאָס גוטע און נישט דאָס שלעכטע, וועט איר לעבן און עקזיסטירן. האָט פיינט שלעכטס און ליבט גוטס,

אין אייערע געריכטן שטעלט איין גערעכטיקייט, יושר גלייכ־קייט און אמת".

דאס איז דער ריכטיקער זין פון דער ריינער יידישער אמונה און גלויבן אין גאט פון ישראל.

אין דער גאנצער צייט פון זיין נבואה, אגב ניט באקאנט ווי לאנג דאס האט געדויערט, איז עמוס ניט אפגעטראטן פון זיין פרינציפ: סאָציאלע גערעכטיקייט און רעליגיעז־עטישע פארפולקאמונג. זיין פאטעטישע רעטאריק האט ער אויסגענוצט נאר ארויסצוברענגען פארן עולם דעם דאזיקן פרינציפ. הארט און צארנדיק, פול מיט ליידנשאפט, פייער און שטורעם זיינען געווען זיינע רייד.

להיפוך צו די שפעטערדיקע נביאים, געפינען מיר אין זיין נבואה זייער ווייניק טרייסט און האפענונג פארן פאלק פון ישראל אין זיין צוקונפט. די משיחישע ראמאנטישקייט, די טרוימערישע האפענונג, דער אוטאפיזם וואס עס האט זיך געמערקט בא די שפעטערדיקע נביאים, אין שייכות מיט דער צוקונפט פון פאלק ישראל, איז בא אים ניטא. ער רעדט נאר א פאר קורצע, מילדע אבער רעאלע רייד איבער ישראל'ס צו־קונפט, עמוס'עם צוקונפט נבואה האט געפונען איר אפקלאנג אין אונדזער דור. ער זאגט:

„עם וועלן קומען צייטן, ווען איך וועל צוריקערן מיין פאלק ישראל. זיי וועלן בויען די וויסטע שטעט און דארטן זיך באזעצן. זיי וועלן פלאנצן וויינגערטנער און טרינקען זייער וויין. זיי וועלן באארבעטן גערטנער און עסן זייער פרוכט. איך וועל ישראל איינפלאנצן אף זייער ערד און מער וועלן זיי שוין פון דארטן ניט ארויס. אזוי האט גאט געזאגט".

זיינען זיינע נבואות ניט מקויים געווארן אין אונדזערע צייטן? ישראל באלעבט די וויסטע געגנטן, זי בויט נייע שטעט. לעבט אוף חרוב געווארענע דערפער, פלאנצט וויינגערטנער, באארבעט דעם וויסטן באדן. מער וועט שוין ישראל ניט אפגעריסן ווערן פון זיין לאנד.

---

# דער נביא הושע

דער נביא הושע געהער אויך צו דער גרופע נביאים, וואס האבן געלעבט און געווירקט אין די צייטן, ווען עס האבן עקזיסטירטביידע מלוכות, מלכות ישראל און מלכות יהודה. הושע האט געווירקט אין מל־כות ישראל און האט שוין געשפירט דעם אנזאג פון איר אונטערגאנג. מלכות ישראל האט שוין געלעבט אירע לעצטע יארן פון איר עקזיסטענץ. דער נביא האט שוין איבערגעלעבט די ערשטע אינוואזיעס פון אשור אין מלכות ישראל. איבער יהודה האט זי שוין אויך גענומען פארציען שווערע און פינצטערע כמארעס.

הושע האט געווירקט אלס נביא נאך עמוס'ן. אין קעגנזאץ צו עמוס'ן איז הושע ניט אינספירירט געווארן אין זיינע נביאות פון מדבר לעבן. ער איז דירעקט ניט געווען פארבונדן מיט דער פרייער נאטור. ווי מען קען זען פון זיין נבואה, שטאמט ער פון מלכות ישראל און איז געווען גוט באקאנט מיט דעם פויערים לעבן און בהמות ציכטלער. ער איז אויך געווען גוט באהאוונט אינעם לעבן פון דער אריסטאקראטיע און גע־קאנט גוט דעם לעבן פון די וואס זיינען געשטאנען נאנט צום קעניגלעכן הויף.

וואס הושע איז געווען פריער, און מיט וואס ער האט זיך באשעפטיקט, איז אין דער תנ"ך ליטעראטור פארשוויגן. אז ער איז געווען אן אינ־טעליגענט, געוווסט די תורת משה אין שריפט אוןווארט, אז ער האט פארהייליקט די געזעצן פון דער תורה און איז געווען שטארק רעליגיעז, און מיסטיש געשטימט, זעט מען קלאר פון די טעקסטן פון זיינע נביאות.

זיין גוטע אריענטאציע אין אלע פאליטישע פראבלעמען פון יש־ראל אין יענער צייט. זיין אויסגעצייכנטע באהאוונטקייט אין די פא־ליטישע פראבלעמען פון ארומיקע פעלקער. זיין לאגישע אויספירונג און קלארער פארויסזען די קאנסעקווענצן פון דער אדער יענער פאליטישער ריכטונג, וואס ישראל דארף נעמען, גיט אונדז א גרונט צו דער השערה, אז ער האט געהערט צו די העכערע גייסטיקע קרייזן אין ישראל. אלס

אפשטאמיקער פון די כהנים משפּחה, איז ער געווען צוגעגרייט צו פאר־נעמען אַן אַנפירנדיקע גייסטיקע פּאַזיציע אין פאָלק פון זיין פריער יוגנט אַן.

אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע גרויסע נביאים פון יענע תקופות, קומט ניט הושע צו נבואה אין מאמענטן פון שטאַרקער עקזאַלטאַציע, אַ דאַנק די אַפּגעזונדערטקייט און איינזאַמקייט אין זיין לעבן. ער האָט ניט גע־זען קיינע וויזיעס ווי די אַנדערע נביאים, ווען זיי האָבן זיך פאַרטיפט און געזוכט סיבות אין דער היסטאָרישער אויסוויקלונג פונעם וועלט־באַ־שאַף. ער איז געקומען צו דער נבואה, אַ דאַנק זיין שטאַרקער מיסטיש־פילאָזאָפישער פאַרטיפונג און זוכעניש פון רעליגיעזן אמת אין גאַנג פון גאָטס וועלט־פירונג.

צוויי לייט־געדאַנקען האָבן געפירט הושע'ן צו דער נבואה. אַ סאָ־ציאַל־פּאָליטישער און אַ רעליגיעז־פּסיכאָלאָגישער. אונטער דער ווירקונג פון די שטאַרקע רעליגיעזע געפילן, וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט, אַלס געבוירענער און דערצויגענער אין אַ גייסטיק־רעליגיעזן קרייז און זיין נאָענטקייט צו די הויכע מלוכה ספערן, האָבן די ביידע געדאַנקען, לאַנג־זאַם אויספאָרמירט באַ אים דעם מוט און ענערגיע, דעם כוח און דרייסט־קייט, וואָס איז געווען אייגן צו די נביאים פון יענער תקופה. דער לאָגי־שער אויספיר און דעם אמת, וואָס ער האָט באַקומען, אַנאַליזירנדיק די ביידע געדאַנקען, האָט באַ אים אַרויסגערופן אַ דראַנג עפנטלעך אַרויסצו־טרעטן אין נאָמען פון גאָט, אין וועלכן ער האָט טיף און אומדערשיטערלעך געגלויבט, צו פּראָטעסטירן קעגן דער געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג און קעגן דער מלוכה'שער פּאָליטיק. באַקרעפטיקט דורך זיין איבערצייגונג, אַז ער האָט געפונען דעם אמתן וועג אויף וועלכן עס דאַרף פירן דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער לעבן פון ישראל, האָט ער דאָס, מיט דער גרעסטער ענערגיע גענומען פאָדערן פון פאָלק און פון דער מלוכה.

דער סאָציאַל־פּאָליטישער געדאַנק האָט אויספאָרמירט באַם נביא הושע אַ פּאָליטישע קאָנצעפּציע און נביאישע וועיטזעוודיקייט. מיט זיין אינטעליגענץ און באַוווסטזיין, מיט זיין רעליגיעז־מיסטישן אמת־זוכעניש האָט ער גענומען אָפּשאַצן ווי וויכטיק עס איז די ריינע יידישע אמונה, אַלס הויפּטפאַקטאָר און יסוד פאַר דער עקזיסטענץ פון יידן אַלס פאָלק

און פאר די זעלבסטשטענדיקייט פון דער יידישער מלוכה.

ווי עס שיינט, האט ער זיך שוין ארומגעטראגן פון זיין פריער יוגנט מיט א געדאנק, צו באקעמפן דעם מלוכה סיסטעם פון מלכות ישראל. נאך זיין רעליגיעזן באגריף, קען אזא מלוכה ניט לעבן. די הערשנדיקע מלוכה סיסטעם מוז פירן צום אונטערגאנג פון דער מלוכה און חורבן פון פאלק. מיט זיין געבארענעם באאבאכטונגס־כוח האט ער זיך אפילו דערגריבלט צו דער סיבה, וואס עס האט געבראכט דאס פאלק פון ישראל צו דעם אומגעזונטן געזעלשאפטלעכן מצב, אין וועלכן ער זעט אים. ער האט אויסגעפונען די קראנקייט, וואס דראט צו צעפרעסן דעם יידישן פאלקס־ארגאניזם. ער האט געפונען די סיבה אין דעם פאלשן און צעקריפלטן רעליגיעזן באגריף, בא וועלכן די יידן פון מלכות ישראל האבן זיך גע־האלטן. אין זיינע רעליגיעזע באטראכטונגען, איז ער דערגאנגען אזוי ווייט, אז ער האט ווי א געניטער דאקטאר, פעסטגעשטעלט, אז די סיבה מוז ברענגען א פוילעניש אין דעם מלוכה־אפאראט און די מלוכה וועט מוזן פאלן.

שוין לאנג ווי ער האט אויסגעבויט זיין פאליטישן שטאנדפונקט, וואס האט בא אים ארויסגערופן אן אנטיפאטישע און אפענע שנאה צו די אנפירער פון דער ישראל'שער מלוכה. ער איז ארומגעגאנגען מיט א פאר־ביטערונג קעגן דער הערשנדיקער דינאסטיע אין מלכות ישראל. די פאר־ביטערונג האט זיך בא אים גענומען דערפון, וואס די איצטיקע דינאס־טיע איז געקומען צו דער מאכט דורך בלוט־פארגיסונג. יהוא, דער גרינ־דער פון דער דינאסטיע האט דערמארדעט די גאנצע פאמיליע פון אחאב'ן אין טאל פון יזרעאל. מארד, זאל זיין אפילו פאליטישער מארד איז קעגן דעם רעליגיעז־עטישן באגריף פון יידן און איז קעגן די געזעצן פון דער תורה. מארדן און פארגיסן בלוט איז ניט אין יידישן גייסט.

הושע וועבט ווייטער דעם פאדים פון זיין געדאנק. אלס מענטש מיט א טיפן געפיל צו דער ריינער יידישער אמונה קומט ער צו דער איבערצייגונג, אז אלץ אף דער וועלט איז אונטערגעווארפן דער השגחה פון וועלט־באשאפער און קומט צום פאלגנדיקן אויספיר. די דינאסטיע פון ישראל איז געבויט אף בלוטפארגיסונג און מארד. קיין מארד וועט ניט פארשווייגן. א מארד איז א פארברעכן קעגן די נאטור געזעצן. די

געזעצן פון דער נאטור זיינען איינגעשטעלט מיט דער השגחה פון גאט. פאלגלעך וועט די נאטור נעמען נקמה פאר דעם פארברעכן. אויב יהוא האט אמאל פארגאסן אחאב׳ם בלוט מוז קומען קומען דער מאמענט פון נקמה. עס קען פארבייגיין א יאר, צוויי, צען און מערער יארן, אבער דער נקמה מאמענט מוז קומען. ווער ווייסט, אפשר איז שוין איצט געקומען דער מאמענט צו באצאלן יהוא פאר דעם מארד פון אחאב׳ן, וואס ער איז אמאל באגאנגען.

דער דאזיקער געדאנק איז געווארן אן אידייע פיקס אין לעבן פון הושע הנביא. די אלע פאליטישע מהומות און אומצופרידנקייט אין פאלק קעגן דער מלוכה און איר פאליטיק, זיינען פאר אים געווען אן איבערייקער באווייז, אז דער מאמענט פון נקמה קומט שוין אן. און ער זעט שוין, דעם אנהויב פון דער אנקומענדיקער שטראף אף מלכות ישראל.

מהומות, אינערלעכע רייבונגען, פראטעסטן, פאליטישע מארדן און טעראר איז געווארן א טאג־טעגלעכע דערשיינונג אין לעבן פון ישראל. אין דער אויסערן פאליטיק פון ישראל גייט עס אויך ניט מער ווי אמאל. הושע מיט זיין אויסגעצייכנטער פאליטישער אריענטאציע און ווייטזעעוודיקייט האט שוין באמערקט די פאליטישע און מיליטערישע קאנקורענץ צווישן דיביידע מלוכות אין מזרח. אשור און מצרים די ביידע מלוכות יאגן זיך צו איבערשטייגן איינער דער אנדערער אין העגעמאניע צו דאמינירן אלע מלוכות וואס ליגן באם ברעג פון מיטלענדישן ים. מיט זיין אינטואיציע דערשפירט דער נביא, אז צו דער גרויסקייט און צום וווילשטאנד פון מלכות ישראל נעמט אן ענדע. אף ווייטער וועט זי שוין ניט קענען אנהאלטן איר נייטראליטעט און, סוף כל סוף, וועט זי מוזן ארונטערפאלן אונטער דער ווירקונגס ספערע פון איינער אדער דער אנדערער קאנקורירנדיקער מלוכות און דעמאלט איז אוים מיט דער זעלבסטשטענדיקייט פון מלכות ישראל.

דער נקמה־אקט וואס ער האט אזוי דערוואַרט צו זען אף דער מלוכה פון ישראל איז בא אים געווארן א לעבנס־אופגאבע, אף אזוי ווייט האט ער געווארט אף דער נקמה, אז דאם ערשטע קינד, וואס זיין פרוי האט אים געבוירן, האט ער א נאמען געגעבן „יזרעאל״ אלס סימבאל פון דער קומענדיקער נקמה. דער נאמען האט דערמאנט דעם טאל יזרעאל אין

ישראל, ווו עס איז דערמאָרדעט געוואָרן די פאַמיליע פון אחאב, מלך יש־ראל.

דער דאָזיקער געדאַנק איז געוואָרן דער אויסגאַנגס־פונקט פאַר זיין נבואה. דער טיף פילנדיקער, גייסטיק אַנטוויקלטער און רעליגיעז־דענ־קענדיקער הושע, אימפּולסירט פונעם דאָזיקן געדאַנק, טרעט עפנטלעך אַרויס און שרייט אויס זיין ליידנשאַפטלעכן פּראָטעסט קעגן דעם הערשנ־דיקן מלוכה רעזשים, קעגן די הערשער פון ישראל און קעגן דער געזעל־שאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס עס הערשט אין ישראל.

אַ צווייטע אינספּיראַציע, וואָס האָט אים געטריבן צו נבואה און אפשר גאָר די הויפּט־אינספּיראַציע, ווי מען מערקט דאָס פונעם אינהאַלט פון זיינע נביאות, איז די רירנדיקע לעבנס־טראַגעדיע, וואָס ער האָט אי־בערגעלעבט. ער איז געוועזן אומגליקלעך אין זיין פאַמיליען לעבן. די איבערגעלעבטע טראַגעדיע זיינע גיט אים אַ געלעגנהייט זיך בכלל צו פאַרטיפן אין די לעבנס־פּראָבלעמען פון מענטשן, באַזונדערס אינעם לעבן פון פאָלק ישראל. זיין צאַרטע, סענסיטיווע נשמה, זיין גוט הארץ, וואָס איז פול מיט וואַרעמקייט און ליבע צו דער מענטשהייט, זיין הויי־כער גייסטיקער ניוואָ, געפינען אין זיין פּערזענלעכער לעבנס־טראַגעדיע אַ גוטן מאַטעריאַל צו אַנאַליזירן די אומשטענדן אין לעבן פון יחיד און דערפון ציען אַ פּאַראַלעל צווישן לעבן פון יחיד און לעבן פון כלל. דער לאָגישער אויספיר פון אַזאַ פּאַראַלעל האָט אויספאָרמירט באַם נביא דעם געדאַנק, אַז די באַציונג פון פאָלק ישראל צום גאָט פון ישראל, איז ניט קיין נאָרמאַלע, ניט קיין געזונטע. דער יסוד פון ישראל'ס לעבנס־שטיי־גער איז אונטערגעפוילט. דער פונדאַמענט אונטערגעגראָבן. אַזאַ לעבן קען לאַנג ניט אָנהאַלטן, ער מוז איינברעכן, אויב מען וועט דאָס באַציִונגס ניט געזונט מאַכן. דער דאָזיקער געדאַנק ווערט באַם נביא דער הויפּט טעזיס אין זיין נבואה צום פאָלק פון ישראל.

הושע אַליין איז געווען אַן אַריסטאָקראַט, אַ זון פון אַ פאַמיליע, וואָס האָט געהערט צו די העכערע קרייזן פון פאָלק. פאַרליבט ער זיך אין אַן אָרים מיידל, גומר הייסט דאָס מיידל, און ער האָט מיט איר חתונה.

צוערשט האָט אים אויסגעוויזן, אַז די פרוי ענטפערט אים מיט ליבע און קעגנזייטיקייט. זיין ראָמאַנטישע נאַטור, זיין צאַרט־פילנדיק הארץ

איז מלא שמחה. עס קומט אים פאר, אז ער האט געפונען גליק אין זיין פאמיליען־לעבן און איז דערפון שטארק צופרידן. דער פאמיליען־גליק איז געווען פאר אים א קוואל פון נחת און פארגעניגן. שפעטער האט זיך אַ־רויסגעוויזן, אז זיין פאמיליען־לעבן איז געווארן פאר אים א קוואל פון לײדן און פײן, ביטערע אנטוישונג און זעלישער דעפרימירונג. ער האט געפונען א גרונט צו פארדעכטיקן אין אומטרייקייט זיין פרוי, וואס ער האט אזוי גרענעצלאז געליבט. דער פארדאכט איז געווען אזוי שטארק, אז די טאכטער וואס זי האט אים געבוירן האט ער א נאמען געגעבן „לא רוחמה" ניט קיין געליבטע, סינאנים פון זיין פרוים אומטרייקייט, ער האט איר געהאלטן פאר ניט זיינע און מיטן געבן דעם נאמען האט ער דאס עפנטלעך אונטערגעשטראכן.

וואס ווייטער איז דער פארדאכט קעגן זיין פרוי געווען אלץ שטאר־קער, איר שולד אלץ בולטער. די אייפערזוכט האט אים געפרעסן, צע־שטערט זיין רואיקייט און צעבראכן זיין געמיט. די אופריכטיקע, ריינע און אידעאלע ליבע, וואס ער האט געהאט אין הארצן צו דער ארימער מיידל, ווען ער האט געמאכט פאר זיין פרוי, האט זי דערנאך אליין צעטראטן מיט אירע פיס. די נערוועזע שטימונג האט אים געמאטערט, די אומרואיקייט האט אים געטריבן צו עקסצענטרישקייט. שפעטער, ווען זיין פרוי האט געבוירן איר דריטן קינד, א יינגל, האט ער שוין פאר דער גאנצער וועלט אויסגעשריען איר שולד און א נאמען געגעבן דאס קינד „לא עמי" ניט מיין פאלק. ער האט שוין זיין פרוי פארנאכלעסיקט, זי איז געווארן אן אפענע גאסן־פרוי.

הושע האט געמאכט איבער זיך די גרעסטע אנשטרענגונג. ער האט געזוכט ארויסצורייסן פון זיין הארצן יעדער שפור פון ליבע צו דער פרוי, וואס האט אליין צעטראטן מיט אירע פיס זיין ליבע און אים פאר־שאפט אומכבוד. ר'האט געוואלט פולקאם פארגעסן די פרוי, וואס האט צע־בראכן זיין פאמיליען־גליק און צעשטערט זיין רו, אבער דאס איז אים געווען אומעגלעך. די אמאליקע ליבע צו איר איז געבליבן איינגעווארצלט אין זיין הארצן. ער האט זי ניט געקענט אינגאנצן פארגעסן. איר בילד האט ניט געקענט פארשווינדן פון זיינע אויגן. ער פילט, אז טראץ אלעם דעם, טראץ איר שלעכטער אופירונג, טראץ איר אומטרייקייט, וואס זי

האָט אַזוי עפּנטלעך באַוויזן גליט נאָך אַלץ אין זיין האַרצן אַ פונק פון ליבע צו איר. ער שפּירט, אַז בּאַ אים אין האַרצן הויבּט זיך אוף אַ גרוי־סער קאַמף צווישן זיינע געפילן. ליבע און שנאה, האַרצלאָזיקייט און מיטגעפיל, נקמה און רחמנות קעמפן מיט איינאַנדער. פון איין זייט שרייט עס צו אים, גיי אַוועק פון דער פרוי. זי איז ניט מער דיין פרוי און דו ביזט ניט מער איר מאַן. פון דער אַנדער זייט מאָנט דאָס פון אים: האָב רחמנות אף אַן אומגליקלעכע פרוי. זי איז ניט שולדיק, זי האָט אפשר ניט געהאַט גענוג כוח צו קעגנשטעלן זיך קעגן אירע פאַרפירער. און אין האַרצן בענקט זיך נאָך אַביסל ליבע, עס נאָגט נאָך פאַמיליען־וואַרעמקייט.

אונטערן דרוק פון דעם געפילן־קאַמף ווערט הושע מילדער צו זיין פרוי, ער ווערט נאָכגיביקער. ער זאָגט „זאָל זי אַרונטערוואַרפן פון איר פּנים די אויסגעלאַסנקייט און איר אַרומטרייבעריי" דאָס מיינט, אַז אין אַזאַ פאַל וועט ער איר מוחל זיין און וועט זי צוריק אַריינעמען אין זיין שטוב. שפּעטער דערמאָנט ער זיך די חרפּות און בזיונות וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט, ווערט ער ווידער צאַרנדיק. עס שטאַרקט זיך בּאַ אים דער געפיל פון נקמה און ער שרייט מיט ברענענדיקן כעס „איך וועל זי אויסטאָן נאַקעט, איך וועל זי אַוועקשטעלן ווי זי איז געבוירן געוואָרן. איך וועל זי טויטן מיט דורשט, קיין מענטש וועט זי פון מיינע הענט ניט ראַטעווען".

אַ לענגערע צייט האַלט אַז בּאַ אים דער קאַמף צווישן זיינע גע־פילן. אין אַ מאָמענט פון זעעלישער רואיקייט טראַכט ער איבער די גאַנ־צע טראַגעדיע זיינע און קומט צום אויספיר, ניט שוין זשע זאָל ער האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן טעות אין דער פרוי? זי האָט דאָך פאַרט אַמאָל אַרויס־געוויזן צו אים וואַרימע געפילן פון ליבע, טאָ פאַרוואָס זאָל ער ניט פּרו־בירן אופוועקן צוריק אין איר די געפילן? זיכער זיינען זיי בּאַ איר איינ־געדרימלט אף אַ ווייל, אָבער די פונקען מוזן נאָך טליען ערגעץ אין איר האַרץ. ער וועט פאַרזוכן זיי אופצובלאָזן און פאַנאַנדערגליען די אויס־געלאָשענע פונקען. אפשר איז ער גאָר אַליין שולדיק אין דער גאַנצער טראַ־געדיע? ער אַליין האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין ליבע צו איר. ניט געשענקט איר די געהעריקע אופמערקזאַמקייט אין דער צייט פון זייער ליבע.

באַאיינפלוסט פון דעם געדאַנק, באַשליסט ער אַלץ צו פאַרגעסן

וואָס עס איז געשען צווישן זיי ביידן. ער וועט פאַרזען אירע פעלערן, פאַרגעסן איר זינד און וועט זי ווידער נעמען אין זיין הויז, טראָץ איר אָפענער אויסגעלאַסנקייט. זי איז דאָך די מאַמע פון די דריי קינדער. דער געדאַנק באַרואיקט אים. ער הערט די שטים פון זיין האַרץ, וואָס זאָגט אים „גיי ליב די פרוי, וואָס איז אַ געליבטע פון אַנדערע און וואָס טרייבט אויסגעלאַסנקייט״.

הושע קויפט אויס זיין אויסגעלאַסענע פרוי פון איר ליבהאָבער. מיט מיטלייד און וואַרעמקייט ברענגט ער איר צו זיך אַהיים. וואָס איז שייך די רעהאַביליטאַציע פון איר כבוד און גוטן נאָמען, באַשליסט ער צו שטעלן איר אונטער אַ האַרטע פּראָבע. האַלט זי די פּראָבע אויס, וועט ער איר עפנטלעך נאָכאַמאָל פאַרקנס׳ן און דעמאָלט וועט זי שוין זיין אייביק זיין געליבטע פרוי.

הושע וואָס איז געווען מיסטיש געשטימט און אין אַלע פּאַסירונ־גען געזען גאָטס פינגער, האָט אין זיין פּערזענלעכער טראַגעדיע אויך געזען אַ גאָט זאַך. ניט אַנדערש, אַז זיין פּריוואַטע איבערלעבונג איז אַ סימבאָל פון דער איבערלעבונג פונעם גאַנצן פאָלק. דער קאַמף צווישן גוטס און שלעכטס, ליבע און האַס, מיטלייד און האַרצלאָזיקייט, טריי־קייט און פאַלשקייט, וואָס קומט פאָר אין זיין פּערזענלעכן לעבן איז אידענטיש מיט דעם קאַמף וואָס עס קומט פאָר אין לעבן פון פאָלק ישראל. קוים איז באַ אים דער געדאַנק אויפגעקומען, האָט ער שוין זיך גענומען איינעגבערן אין זיין מוח. ער פילט שוין אין זיך, אַז די יסורים און ליידן, דאָס ביסל גליק און פרייד, פאַרצווייפלונג און האָפענונג, זי־כערקייט און אַנטוישונג, וואָס ער פּערזענלעך לעבט איבער, איז דאָס ניט מער, כדי ער זאָל קענען פילן די יסורים און ליידן, גליק און פרייד, האָפענונג און אנטוישונג, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק לעבט איבער. און אויב ער פילט דאָס, ליגט אַף אים אַ חוב עפנטלעך, אפן קול, דאָס אויס־שרייען צום פאָלק און צו זיינע הערשער.

פאַר הושע אנטפּלעקט זיך אַ בילד אַף וועלכן ער זעט דעם גאַנצן לעבן פון פאָלק. ער זעט די געבורט פון פאָלק, זיין באַזעצן דאָס פאַרשפּראָ־בענע לאַנד, ער זעט די גאַנצע מדבר תקופה פון פאָלק. די שיינע ראָמאַנ־

טישע צייט, ווען דאָס פאָלק איז אקאָרשט פאַרמירט געוואָרן, ווי זיי דער־קלערן זיך אין ליבע צו גאָט און שווערן אים טרייקייט. ער זעט מיט וועל־כע פייערלעכקייט, מיט וועלכן פראַכט זיי האָבן גענומען דינען גאָט און איצט — פון דער דאָזיקער בליענדיקער יוגנט איז שוין קיין שפור ניטאָ. דאָס פאָלק האָט פאַרגעסן די ליבע וואָס זיי האָבן געשווירן צו גאָט. מען האָט גענומען נאָכלויפן פרעמדע ליבהאָבער, אין ריינעם יידישן לעבנס־שטייגער איז אריינגענומען געוואָרן פרעמדע קולטן. די קינדער פון ישׂ־ראל האָבן אדאַפּטירט אין זייער לעבן שענדלעכע זיטלעכקייט, וואָס זיי האָבן גענומען בא זייערע נייע פרעמדע ליבהאָבער. ניטאָ מער די שיינע יידישע עטיק און די שטרענגע מאָראַל. מען האָט געשווירן טרייקייט דעם גאָט פון יידישן פאָלק און מען דערקלערט זיך אין ליבע צו אַן אַנדער גאָט. מען איז ניט צוגעבונדן צום גאָט פון ישראל מיט דער ליבע און מיט דעם ברען ווי דאָס האָט באַדאַרפט טאָן אַ געטרייע איבערגעגעבענע גע־ליבטע. דעם כבוד פון גאָט טרעט דאָס פאָלק מיט די פיס.

מיט ברענענדיקע ווערטער, שטעכיקע ווי שפּיזן, הויבט ער אָן צו שילדערן דעם פאַרקריפּלטן לעבן פון פאָלק; מיט אַ נביאישער זיכערקייט, מיט אַ נביאישן פּאַטאָס מאָלט ער דעם סוף פון ישראל. לויט זיין נביאישן באַגריף קומט אויס אַז גאָט איז דער געליבטער פון ישראל און ישראל איז די געליבטע פון גאָט; די באַציונג פון גאָט צו זיין פאָלק איז די גלייכע ווי פון אַ געליבטן צו אַ געליבטע. ליבע און איפערזוכט גייען האַנט בא האַנט. מיט דעם מאָמענט וואָס די ליבע ווערט קאַלטער ווערט די איפערזוכט ברענענדיקער. אויב די געליבטע, דאָס הייסט ישׂראל, איז קאַלטער געוואָרן צו איר געליבטן — צו גאָט, וועט די איפעהזוכט אופ־הויבן דעם קאָפּ און ווו עס איז פאַראַן איפערזוכט קומט אויך נקמה. וואָרנט דער נביא הושע מיט פייערדיקע ווערטער, אַז גאָט וועט זיך נוקם זיין אַן ישׂראל פאַר זיין כבוד וואָס זיי האָבן צעטראָטן מיט די פיס. ער וועט זיך אָפּרעכענען פאַר זייער אומטרייקייט צו אים, און פאַר זייער אויסגעלאַסן לעבן. אין דער איבערצייגונג, אַז זיין געדאַנק איז ריכטיק און אַז דאָס איז דער ריינער אמת, שרייט ער מיט צאָרן צום פאָלק אין נאָמען פון גאָט:

„זי איז ניט מער מיין פרוי און איך בין ניט איר מאַן. איבער אירע קינדער וועל איך מיך ניט דערבאַרעמען, זיי זיינען

קינדער פון א זונה. זייער מוטער האָט מזנה געווען און פאַר־
שעמט זייער שוואַנגערשאַפט, זי האָט געזאָגט, איך וועל
גיין צו מיינע געליבטע".

די נביאות פון הושע, איז געווען אינספּירירט פון די דערמאָנטע צוויי לייט־מאָטיוון — האַס צו דער דינאַסטיע, דערפאַר וואָס זי איז גע־קומען צו דער הערשאַפט דורך בלוט פאַרגיסונג און זיין פּערזענלעכע טראַגעדיע, אַלס סינאָנים פון דער אומטרייקייט פון פאָלק ישראל צו זיין גאָט. אָט די ביידע מאָטיוון האָבן אויסגעפאָרעמט באַם נביא א שטרענ־גע און הארבע קאָנצעפּציע. ער איז אומדערבאַרעמלעך אין זיינע שטראָף־רייד. אין זיין נבואה איבער דער צוקונפט פון ישראל, איז ער ערטער־וויז ביז גאָר שוידערלעך.

„זאָל שומרון פאַרשולדקיט ווערן,
ווייל זי האָט ווידערגעשפּעניקט אין גאָט,
דורך שווערד וועט זי פאַלן,
אירע עופּה'לעך וועלן צעשמעטערט ווערן,
אירע שוואַנגערע פרויען וועלן צעשפּאַלטן ווערן".

דער נביא איז אויך ניט מילדער אין פּאָליטישן טייל פון זיין נבואה.

„זאָל זיי גאָט פאַרמיאוס'ן, ווייל זיי האָבן אים ניט געהאָרכט.
זיי וועלן וואַנדערן צווישן פעלקער. אפרים וועט צוריק גיין
קיין מצרים און אין אשור וועלן זיי עסן אומווירדיקעס".

הושע זעט דעם גאַנצן פאָלק ישראל אַלס אַן אַנטירעליגיעז, אָפּ־טריניק פון גאָטס געבאָט. אין דעם פּרט איז פאַר אים ניטאָ קיין אונטער־שייד פון קלאַס און שיכט. אין זיינע שטראָף־רייד וואָרנט ער אַלעמען גלייך און זאָגט אַז דעם גאַנצן פאָלק חורבן און גלות.

די געדאַנקען פון הושע זיינען טיף, זיינע פראַזן שאַרף און שטעכיק. אַ שניידנדיקע איראָניע מערקט זיך אין זיינע רייד. אָפּגעשניטן קורץ, שטאַרק קאָנצענטרירט, ערטערווייז אַן צוזאַמענהאַנג. אָט איז ער בייז און ברענט ווי פייער אף ישראל און אָט איז ער מילד, פול מיט צערט־לעכקייט און ליבע צו זיין פאָלק.

אין פאַרגלייך מיט זיין פאָרגענגער, דעם נביא עמוס, איז אויך הושע אַן אוניווערסאַליסט. ער האַלט אויך, אַז גאָט איז ניט נאָר אַ גאָט, ווע־

מענם מאַכט עס שפּרייט זיך אוים בלויז אפן פאָלק ישראל. ער האַלט, אַז גאָט איז אוניווערסאַל, אין זיין מאַכט ליגט די גאַנצע השגחה איבער דער וועלט. פּונקט ווי עמוס, איז ער אויך נעגאַטיוו קעגן די פרעמדע קולטן, וואָס דרינגען אַריין אין לעבן פון פאָלק. ער פאָדערט אויך פון פאָלק, אַז זיין לעבן זאָל זיין נענטער צו דער נאַטור און זאָל זיך באַזירן, אף די יסודות פון דער נאַטור, דאָס הייסט: צדק און משפּט, רעליגיעזע עטיק און מאָראַל.

אין קעגנזאַץ צום נביא עמוס, וואָס איז קאַלט, האַרט און טרוקן אין זיין נבואה, ניטאָ בא אים קיין שפּור פון מיטגעפיל צום פאָלק, איז דער נביא הושע, אפילו אין זיינע האַרטסטע און שטרענגסטע מאָמענטן, אַלץ דער מאַן מיט זיין צאַרטער, ראָמאַנטישער נאַטור, מיט זיין טיף־פילנדיק האַרץ. אין זיינע שווידערלעכסטע נביאות קעגן זינדיקן פאָלק, וואָס זאָגט פאָרוים חורבן, פּיין און אומגליק, מערקט זיך אַ פאַרבאַהאַלטענער געפיל פון מיטלייד און וואַרעמקייט צום פאָלק. אין הינטערגרונט פון זיינע נביאות, פילט מען זיין גרויסע ליבע און צערטלעכקייט צום פאָלק.

הושע ברענגט אַרוים דעם געדאַנק פון זיין אינספּיראַציע, אַז די שנאה פון גאָט צום פאָלק איז נאָר אַ צייטווייליקע, נאָר אַזוי לאַנג ביז עס וועט אָנגעהאַלטן די אומטרייקייט פון פאָלק צו זיין גאָט. טרייסלט זיך אָפּ דאָס פאָלק פון זיינע פרעמדע ליבהאָבער, און וואַרפט אַרוים פון זיין לעבן די פרעמדע קולטן, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין זיך ווערט ווידער גאָט פול מיט באַרמהאַרציקייט צו זיין געליבט פאָלק — דאָס פאָלק ישראל. דער שטראָף איז נאָר אַ מיטל צו צווינגען ישראל זיך אומצוקערן צוריק צו גאָט.

דער נביא דריקט אוים זיין צערטלעכקייט צום פאָלק מיט פאָלגנדע רירנדיקע ווערטער:

„ווי זאָל איך דיר איבערגעבן צו פרעמדע, אפרים?
ווי קען איך דיר מאַכן ווי אדמה? דיך לאָזן ווערן ווי צבאים?
מיין האַרץ קערט זיך אום אין מיר, מיין גאַנצער רחמנות צינדט
זיך אָן.‟

דאָס זיינען ווערטער פול מיט אַן אויסגעבענקטע ליבשאַפט און האַר־

ציקייט. אזוי קען ריידן בלויז א געליבטער, וואס איז אין כעס אף זיין געליבטע, אבער די ליבשאפט צו איר איז אים איינגעבאקן טיף אין הארצן.

לויט די קאנצעפציע פון עמוס'ן איז דאס פאלק ישראל ניט קיין צו גרויסער יחסן בא גאט. ער באציט זיך מיט ליבע צו זיין אויסדער־וויילט פאלק נאר אזוי לאנג ווי דאס פאלק דערפילט גאטס געבאטן. קוים הערט אוף ישראל צו פירן זיין לעבן אין יידישן גייסט, אף די יסודות פון רעליגיעזער עטיק, ער ווייכט אפ פון צדק און משפט, איז ישראל גלייך מיט אלע פעלקער „ישראל איז גלייך פאר מיר פונקט ווי די כו־שיים" האט זיך אויסגעדריקט דער נביא עמוס. דערפאר איז עמוס גע־ווען אזוי עקסטרעם אין זיין נבואה. אויב ישראל גייט ניט אין די וועגן, וואס די תורה האט אנגעצייכנט, איז פאר אים רעכט א פולשטענדיקע פארניכטונג פון פאלק און אונטערגאנג פון דער מלוכה.

לויט די קאנצעפציע פון הושע, כאטש ער איז אויך הארב און שטרענג, ער זעט אויך פאר חורבן און אונטערגאנג פארן פאלק ישראל צוליב זיינע זינד קעגן גאט, בלייבט אבער ישראל שטענדיק דער ליב־לינג פון גאט. זינדיקט ישראל צארנט טאקע אף אים גאט, אבער נאר אף א וויילע. די ליבע פון גאט צום פאלק ישראל איז איינגעבאקן טיף אין הארצן בא גאט. און פונקט ווי דער נביא, וואס ער האט, סוף כל סוף, אריינגענומען זיין אומטרייע פרוי צוריק אין זיין היים, אזוי וועט גאט ווידער אריינברענגען ישראל אין זיין היים.

עמוס איז געווען שטרענג דאגמאטיש, פאר אים איז געווען דער צענטראלער אקס, ארום וועלכן עס דארף זיך דרייען דאס לעבן פון ישראל „צדק און משפט, אמת און יושר". פון דעם וויל ער גארניט נאכלאזן. אדער אזא לעבן אדער אומקום. פאר הושע זיינען אויך געווען זייער וויכטיק די דאזיקע יסודות אין לעבן פון פאלק. ער האט זיך דאך אין זיינע שטראף־נביאות אויסגעדריקט:

> „ניטא קיין אמת און קיין גענאד, ניטא קיין גאט־דערקענונג אין לאנד, נאר שווערן פאלש, לייקענען און מארדן, גנב'נען און אויסגעלאסענער לעבן איז פארשפרייט אין לאנד"

אזא לעבן איז פאר אים אויך געווען אומווירדיק און ניט דערלאזבאר.

ער פאָדערט אויך צדק, משפּט, יושר און אמת. הושע איז אָבער געווען אַ ראָמאַנטיקער. פאַר אים איז דאָס נאָך געווען ווייניק. ער פאָדערט נאָך ליי־בע. ער פאָדערט ליבע פון מענטש צו מענטש, מיטגעפיל, פריינטשאַפט, און אופריכטיקייט דאַרף מען אויך האָבן אין לעבן. פאַר דעם נביא הושע דערגענצט מענטשן־ליבע און פריינטשאַפט די שיינע מידות פון אמת און יושר, גערעכטיקייט און מאָראַל.

הושע באַציט זיך אויך נעגאַטיוו צום קרבנות קולט באַגלייך מיט די אַנדערע גרויסע נביאים. איבער דעם קרבנות קולט דריקט זיך הושע אויס מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך פאַרלאַנג גענאָד ניט קיין קרבנות שלאַכטונגען. דער־קענען גאָט איז בעסער ווי בראַנדאָפּפערן".

פאַרן נביא הושע איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן: וויסן און דער־קענען די ריינע געטלעכקייט. דאָס ניט וויסן און ניט קענען די געטלעכ־קייט, איז די סיבה פאַרוואָס דער ריינער גייסטיקער לעבן פאַלט און עס שטייגט די אומזיטלעכקייט און אומאָראַלישקייט. מיט פּאַטאָס שרייט דער נביא: „דאָס פעלן פון אמת און גענאָד אין לעבן, איז צוליב דעם וואָס עס פעלט די דערקענטעניש פון גאָט".

אינטערעסאַנט איז באַם נביא הושע זיין צוקונפטס־אידעאַל. אין דעם פּרט איז ער אַן אוניקום צווישן די נביאים. די צוקונפט פון פאָלק ישראל באַטראַכט ער, אַלס רעליגיעז־דענקענדיקער און מיסטיש געשטימ־טער פון זיין שטאַנדפּונקט. ער בויט ניט די צוקונפט פון פאָלק אוטאָפּיס־טיש, ער חלומט ניט פון משיחישע אידעאַלן, ווי אַנדערע נביאים. לויט זיין שטאַנדפּונקט ליגט ישראל'ס צוקונפט נאָר אין תשובה. זיין תשובה באַשטייט אין דער דערווייטערונג פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, וואָס האָט געבראַכט דעם פאָלק: פאַרדאָרבנקייט און טרייפאַזיקייט צו גאָט. אין דער צוקונפט דערוואַרט דער נביא, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך דערנענ־טערן צו זיין אורשפּרונגלעכן מקור — צום מדבר לעבן — צו דער ריינער נאַטור, ווו עס הערשט די פּרימיטיווע, ניט געקינסטלטע, פּאַטריאַר־כאַלע געזעצן פון אמת, יושר און גערעכטיקייט. דעמאָלט וועט די נאַ־טור אויך זיך דערנענטערן צום פאָלק און אים באַשיצן. ראָמאַנטיש שיל־דערט דער נביא זיין צוקונפטס־אידעאַל, אין נאָמען פון גאָט:

„איך וועל איר אוועקפירן אין מדבר, איך וועל ריידן צו איר הארצן, און זי וועט דארטן זיין ווי אין די טעג פון איר יוגנט, ווי אין טאג, ווען זי איז ארויס פון מצרים. דעמאלט וועסטו מיר רופן: מיין מאן. וועסט מיר מער ניט רופן: מיין אוי־בערהאר, און איך וועל שליסן א בונט אין יענעם טאג מיט דער חיה פון פעלד, מיט דעם פויגל פון הימל און מיט דעם שרץ פון דער ערד. א בויגן און א שווערד וועל איך צעברעכן פון לאנד, און איך וועל זי מאכן ליגן אין זיכערקייט און איך וועל דיר פארקנס'ן צו מיר אף אייביק".

---

# ישעיהו הנביא (דער ערשטער)

די דאָזיקע ארבעט באַציט זיך אויף דעם נביא ישעיהו פון די ערשטע 39 קאַפּיטלען פון ספר ישעיהו. וואָס איז שייך די אַנדערע 27 קאַפּיטלען, שרייבן צו די מאָדערנע קאָמענטאַטאָרן, וויסנשאַפטלעכע ביבל קריטיקער און פיל פון תנ״ך מפרשים אַז אַנדער נביא, אַן אַנאָנימען נביא, אָדער ווי זיי באַצייכענען אים מיטן נאָמען „ישעיהו דער צווייטער". וועגן דעם לעצטן וועט זיין די רייד אין אַ באַזונדער ארבעט.

ישעיהו הנביא איז איינער פון די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע נביאים, וואָס האָט געווירקט אַן ערך אַ פּאָר הונדערט יאָר פאַרן חורבן פון מלכות יהודה דורך בבל. זיין נבואה און ווירקונגס צייט נעמט ארום אַ תקופה פון דריי מלכים וואָס האָבן געהערשט אין מלכות יהודה, יותם, אחז און יחזקיהו. זיין ווירקונגס צייט האָט געדויערט אומגעפער אַ האַלבן יאָרהונדערט. פאַר דער דאָזיקער צייט איז דער נביא געשטאַנען און גע־וואַכט איבער דער מלוכה פון יהודה ווי אַ טרייע מוטער, וואָס וואַכט איבער איר ליב קינד. זיין גרויסע שטאַטסמאַנשאַפט, זיין טיפער נבואה געפיל, זיין אומפאַרגלייכלעכער נאַציאָנאַלער חוש און זיין קלאָרער, ווייט גרייכנדיקער פּאָליטישער בליק האָט אים דערמעגלעכט אריינצודרינגען טיף און ווייט ניט נאָר אין דער מלוכה פּאָליטיק און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יהודה, נאָר אויך אין דער פּאָליטיק פון אַלע מלוכות וואָס זיי־נען געלעגן אין פאָדער אַזיע, באַם מיטלענדישן ים, באַם רויטן ים און האָט דערגרייכט אַזש ווייט, ווייט ביז צו דער נילוס דעלטאַ.

ישעיהו הנביא איז דער דריטער אין דער ריי פון די גרויסע פּאָ־ליטישע נביאים. פאַר אים האָבן געווירקט: עמוס און הושע אין ישראל און נאָך אים דער נביא מיכה אין יהודה. ער איז געווען פּאָליטיש רייפער, באַגאַבטער און מיט אַ גרעסערן פאַרנעם.

צו פאַרשטיין די ערשטע צוויי נביאים איז געווען גענוג צו געבן אַן איבערבליק איבער דעם אינערלעכן מצב פון מלכות ישראל. כדי אָבער

צו פאַרשטיין די גרויסקייט און טיפקייט פון נביא ישעיהו, מוז מען זיך באַקענען מיט דעם פּאָליטישן מצב פון די לענדער וואָס זיינען געלעגן אַרום מלכות יהודה און וואָס זיינען דירעקט אָדער אומדירעקט געקומען אין באַרירונג, דיפּלאָמאַטיש אָדער מיליטעריש, מיט מלכות יהודה.

## די מלוכות: אשור, מצרים און בבל

פּונקט אין די לעצטע יאָרן פון דעם גרויסן מלך עזיהו, וואָס האָט אַזוי גליקלעך און מיט גרויס הצלחה געהערשט איבער יהודה 52 יאָר, האָט דאָס לאַנד דערגרייכט אַ סך גלאָריע און גרויסקייט.

עזיהו האָט דאָס לאַנד גרויס און רייך געמאַכט. ער האָט אופגעהויבן איר ווירדע און אָנזעעוודיקייט. פּונקט צו יענער צייט האָט גענומען די מלוכה אשור שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער וועלט־פּאָליטיק. זי האָט פאַרפירט אַ מלחמה מיט דער שטאַרקער מלוכה ארפד, אויך אַ רייך און באַרימט לאַנד צו יענער צייט, די מלחמה האָט געדויערט גאַנצע זיבן יאָר אָבער אשור האָט איר באַזיגט.

דער זיג איבער דער שטאַרקער מלוכה האָט געעפנט פאַר אשור דעם וועג צום ברעג פון מיטלענדישן ים און האָט געדראָאָט די אַלע מלוכות, וואָס זיינען געלעגן באַם מיטלענדישן ים. זיך דערזעענדיק אין אַ דירעקטער געפאַר צו פאַרשלונגען ווערן פון אשור׳ס עקספּאַנסיע, האָבן די פעלקער ניט געהאַט קיין אנדער ברירה ווי זיך צו אונטערוואַרפן איר מאַכט.

די אימפּעריאַליסטישע אשור האָט אָבער געקראָגן אַ גרויסן אַפּעטיט. זי האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט דעם זיג און מיט די צוגעקומענע וואָסאַלן, נאָר זי האָט גענומען אויסברייטערן איר מאַכט ווייטער, צו מצרים צו, און מיט דעם ציל זיך דערנענטערט צו די לבנון בערג, די גרענעצן פון מלכות ישראל און האָט אומדירעקט באַדראָאָט איר הויפּט־שטאָט שומרון.

אין אָנבליק דערפון האָבן די הערשער פון שומרון זיך דערשראָקן. אשור׳ס עקספּאַנסיע האָט אַריינגעבראַכט אין ישראל אַ פּאַניק און אַ

בהלה שטימונג. די הויכע רעגירונגס־לייט פון ישראל זיינען צערודערט געוואָרן, דער קעניגלעכער הויף האָט זיך פאַרלאָרן. אין די קרייזן פון די גרויסע שררות און הויכער אַריסטאָקראַטיע איז אנטשטאַנען אַ שפּאַלטונג. בעת איין טייל איז געווען גענייגט זיך צו אונטערוואַרפן דער מאַכט פון אשור, ווערן איר וואַסאַל און ראַטעווען וואָס מען קען, האָט דער אַנדער טייל געצויגן צו מצרים, אשור׳ס קאָנקורענטין און היסטאָרישער שונא און בעטן דאָרטן הילף צו ראַטעווען די מלוכה פון דער דראָענדיקער געפאַר.

דער דאָזיקער כאַאָס אין דער פּאָליטיק פון מלכות ישראל האָט געבראַכט מיט זיך טעראָר און פּאָליטישע מאָרדן. די מלכים אין ישראל זיינען דערמאָרדעט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן. פירער פון איין פּאַרטיי האָבן פאַרפאָלגט און טעראָריזירט די פירער פון דער אַנדער פּאַרטיי. אַזוי האָט אַנגעהאַלטן דער מצב ביז אשור האָט זיך שוין באַוויזן מיט אירע אַרמייען דירעקט בא די גרענעצן פון ישראל און די געפאַר פון אַן אינוואַזיע איז שוין געווען אומפאַרמיידלעך. די געפאַר איז געווען ניט נאָר פאַר מלכות ישראל נאָר פאַר מלכות יהודה אויך, כאָטש דערווייל אומדירעקט.

אין אָנבליק פון דער דאָזיקער געפאַר איז מלכות ישראל אופגעשטורעמט געוואָרן. דער פּאָליטישער טעראָר איז שוין געווען צו געפערלעך. דער פירער פון די מצרים פּאַרטיי האָט דערמאָרדעט דעם מלך פון ישראל און אַליין פאַרכאַפּט דעם וואַקלדיקן טראָן. דער ערשטער טריט זיינער איז געווען, זיך צוזאַמענריידן מיט ישראל׳ס שטענדיקן בלוטיקן שונא — דעם מלך פון ארם, וואָס איז שוין זייט אַ לענגערע צייט געווען אונטערטעניק אונטער דער מאַכט פון אשור און צוזאַמען מיט אים אונטערנעמען אַ פאַרטיידיקונגס־קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא — אשור.

דורכצופירן דעם דאָזיקן געפערלעכן פּלאַן, האָבן ביידע געבויט אויף דער הילף פון מצרים. זיי האָבן דערוואַרט צו קריגן בא מצרים מיליטערישע הילף, אַ זאַך וואָס די אינטריגאַנטישע מלוכה האָט זיי אין דער שטיל צוגעזאָגט. עס איז אָבער ניט מעגלעך געווען קומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט מצרים ניט האָבנדיק געקרייצט די טעריטאָריע פון יהודה. בלייבט הייסט עס ניט איבעריק, ווי אריינשלעפן אין דער געפערלעכער מלחמה אויך יהודה.

אין יהודה האָט געקעניגט צו יענער צייט אחז. ער איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון אשורישער פּאָליטיק. דאָס הייסט, אַז זיין מלוכה פּאָליטיק איז געגאַנגען פּונקט אין דער פאַרקערטער זייט ווי די פּאָליטיק פון מלכות ישראל. נאַטירלעך האָט אחז צוריקגעוויזן די פאָדערונג פון דיביידע מלוכות זיך צו פאַרייניקן מיט זיי און ווערן אַ דריטע פאַרבינ־דעטע.

די ביידע פאַרבינדעטע, ארם און ישראל, האָבן מיט כוח געוואָלט צווינגען יהודה׳ן צוצושטיין צו זייער בונט. כדי דאָס דורכצופירן, האָבן זיי געזוכט אראָפּצוזעצן אחז׳ן פון זיין טראָן און אויף זיין פּלאַץ ארופזעצן איי־נעם, וואָס האָט געצויגן צו מצרים, דאָס הייסט גיין צוזאַמען מיט זיי.

דאָס ערשטע וואָס זיי האָבן געטאָן איז געווען אָפּרייסן די האפנ־שטאָט „אילת" פון יהודה און אָפּגעבן זי צוריק צו אדום, וועמען זי האָט אַמאָל געהערט. אונטער די אומשטענדן איז אחז שוין געווען גע־צווונגען אָפּן צו בעטן הילף בא אשור קעגן די ביידע פאַרבינדעטע, אַזוי אַרום, אומדירעקט אנערקענען די אויבערהערשאַפט פון אשור איבער יהודה. אשור האָט לאַנג זיך ניט געלאָזט בעטן. ער האָט באַלד זיך אָפּ־גערעכנט מיט די ביידע פאַרבינדעטע. אָפּגעריסן גרויסע שטיקער לאַנד פון ישראל און צעשלאָגן ארם. אמת, יהודה האָט זיך געראַטעוועט פון אַ מלחמה מיט ישראל און ארם, דאָס האָט איר אָבער געקאָסט צו אַ טייערער פּרייז. צו הויך האָט זי באַצאָלט אשורן פאַר די בערישע טובה. עס האָט איר געקאָסט איר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט. נאַטירלעך, אחז האָט געהאַנדלט אין דעם פאַל אויסגעהאַלטן. ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. אָפּשאַצנדיק ניכטער די פּאָליטישע לאַגע האָט ער אויסגעקליבן דאָס בעסטע וואָס עס האָט זיך געלאָזט אָבער אַ וואָסאָל איז ער שוין פאַרבליבן בא אשור. ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען, איז דער שטאַנדפּונקט פון נביא ישעיהו געווען גאַנץ אַן אַנדערער.

פון דעם מאָמענט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פּאָליטישער פּלאָנטער אין פאָדער אזיע אין וועלכן די ביידע יידישע מלוכות האָבן זיך געמוזט אריינפּלאָנטערן און דאָס האָט געקאָסט די עקזיסטענץ פון ביידע מלו־כות. צוערשט איז ישראל אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַ פּלאָנטער און שפּעטער האָט דער שטראָם פאַרשלעפּט אויך יהודה׳ן צווישן דעם גע־

ראנגל פון אשור מיט מצרים זיינען זיי ביידע צעריבן געוואָרן.

מצרים האָט פון שטענדיק געשאַרפט אירע ציין קעגן איר קאָנקורענטין אין פאָדער אַזיע — אשור. אייביק האָט איר פאַרדראָסן וואָס אשור האַלט אין איר מאַכט די לענדער וואָס ליגן באַם מיטלענדישן ים. זי אַליין האָט געוואָלט האָבן די העגעמאָניע איבער גאַנץ אַזיע. אין דער שטיל האָט זי קיינמאָל ניט אופגעהערט צו אינטריגירן קעגן איר ריוואַלין. דורך איר פאַלשקייט און כיטרע קאָמבינאַציעס איז איר געלונגען אַריינצושלעפּן אין איר נעץ דעם לעצטן קעניג פון ישראל, הושע, דער וואָס האָט דערמאָרדעט דעם ליבלינג פון אשור — פקח בן רמליהו. פאַרכאַפּנדיק דעם טראָן פון ישראל, איז ער אָפּן איבערגעגאַנגען צו דער ווירקונגס־ספערע פון מצרים און מען האָט גענומען פּלאַנעווען אַ נייע מלחמה קעגן אשור. עס האָט לאַנג ניט גענומען, איז אשור אַרויסגעטראָטן קעגן ישראל. דריי יאָר צייט האָבן זיינע אַרמייען געהאַלטן אין באַלאַגערונג מדינת ישראל. אין דער צווישנצייט האָט באַשטיגן דעם טראָן אין אשור, דער באַרימטער העלדישער מלך אירער, סרגון, וואָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דער עקזיסטענץ פון מלכות ישראל. ער האָט חרוב געמאַכט די מלוכה. אַ טייל פון איר באַפעלקערונג האָט ער גענומען אין געפאַנגענשאַפט און זי פאַרטריבן אין אשור. אַ טייל האָט ער איבערגעלאָזט אויף דער טעריטאָריע פון ישראל, אָבער ער האָט איר אויסגעמישט מיט פרעמדע פעלקער, וואָס ער האָט אַריינגעשיקט אַהין. די גאַנצע טעריטאָריע פון דער געוועזענער מלכות ישראל האָט ער אַנעקסירט צו אשור.

פאַרשטענדלעך, אַז מצרים האָט ניט געשוויגן. זי האָט ניט אופגעהערט צו אינטריגירן קעגן אשור. איר איז געלונגען אַנצורייצן קעגן איר די נייע אופגייענדיקע מאַכט אין אַזיע, די כשדים וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער מלוכה פון בבל. אשור איז ווידער פאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ מלחמה. ווידער האָבן זיך אופגעהויבן קעגן איר די לענדער וואָס זי האָט געהאַלטן אונטעריאָכט. ווידער האָבן זיי פּרובירט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך פון אשור. עס האָבן זיך אופגעהויבן קעגן איר רעוואָלטן און אופשטאַנדן. זי האָט זיך אָבער, סוף כל סוף, אַרויסגעפּלאָנטערט. דערשטיקט אין בלוט אַלע אופשטאַנדן און זיך גערוקט מיט

אירע אַרמייען אַלץ נענטער צום דרום, ביז נאָנט צו די גרענעצן פון יהודה.

יהודה איז געשטאַנען די גאַנצע צייט מן הצד פון די אינטריגעס. זי האָט אָפּגעהיט איר נייטראַליטעט און זיך ניט געלאָזט אַריינשלעפּן אין דעם פּאָליטישן געראַנגל צווישן די ביידע ריוואַלן. אין דער הינ־זיכט איז אחז געווען אויסגעהאַלטן און שטרענג אָפּגעהיט זיין פּאָלי־טישן בונד מיט אשור. אמת, ער האָט געהאַט זייער פיל אויסצושטיין פון דער קעגנערישער פּאַרטיי. דאָ האָט אים אַ סך געהאָלפן דער נביא ישעיהו, וועמענס השפּעה איז געווען זייער גרויס אין די מלוכה ספערן פון יהודה. די מצרים פּאַרטיי איז אָבער אויך ניט געשלאָפן. זי האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט כדי צו געווינען די אויבערהאַנט אין דער מלוכה פּאָליטיק און צושטיין צו דער קאָאַליציע קעגן אשור. באַם לעבן פון קעניג אחז איז איר געווען שווער דורכצופירן. איר איז דאָס אָבער געלונגען אין דער צייט, ווען דער יונגער קעניג יחזקיהו, דער זון פון אחז האָט איבערגענומען דעם מלוכה טראָן אין יהודה.

מיט דער הילף פון מצרים, איר שטענדיקער שונא, האָט זיך ווידער געשאַפן אַ קאָאַליציע קעגן אשור. דער אָנפירער פון דער קאָאַליציע איז געווען מרודך בלאדן, דער נייער קעניג פון בבל. ער איז געווען אַ פער־זענלעכער שונא פון אשור און ער האָט באַוויזן אַלע וואַסאַל־לענדער פון אשור געמיינזאַם אַרויסצוטרעטן אין אַ מלחמה קעגן איר. אין דער דאָזיקער קאָאַליציע זיינען שוין געווען אַריינגעשלעפּט אַלע מלוכות באַם מיטלענדישן און רויטן ים און אין שפּיץ פון זיי איז שוין געווען יחזקיהו דער קעניג פון יהודה, אַלס איינע פון די וויכטיקסטע מלוכות אין פּאָדער־אזיע. עס האָט געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונג אשור'ן איינצו־שטילן דעם דאָזיקן אופשטאַנד. אין אשור האָט שוין געקעניגט סנחריב. עטלעכע יאָר האָט ער ביטער געקעמפט קעגן זיין פערזענלעכן שונא — מרודך באַלאדן, דער קעניג פון בבל. ענדלעך איז ער אים בייגעקומען. ער איז באַזייטיקט געוואָרן פון טראָן. איצט האָבנדיק פרייע הענט, האָט ער גענומען איינציקווייז זיך אָפּרעכענען מיט די אַלע מלוכות וואָס האָבן ווידערגעשפּעניקט קעגן אים. אויף דער ערשטער ריי פון דער ליסטע איז געווען מלכות יהודה. אויף דער דאָזיקער צייט באַציט זיך די נבואה פון נביא ישעיהו דער ערשטער.

# דער אינערלעכער מצב פון יהודה אין יענער צייט

די העכסטע אַנטוויקלונג פון דער נבואה, ווען די גרעסטע פּאָליטישע נביאים האָבן געווירקט, פאַלן אויס די גלאַררייכע צייטן פון מלכות ישראל און מלכות יהודה. עמוס האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע פון די נביאים אין די בליענדיקסטע צייטן פון מלכות ישראל, ווען ירבעם דער צווייטער האָט געקעניגט איבער ישראל. זי איז דעמאָלט געווען אין איר העכסטער גלאָריע. פּאָליטיש אַנגעזען, עקאָנאָמיש גלענצנדיק און מיליטעריש שטאַרק.

אין דערזעלביקער צייט האָט פאַרנומען דעם טראָן פון יהודה דער קעניג עזיהו, וואָס האָט אויך באַוויזן מיט זיין פעאיקייט אופצוהויבן די מלוכה אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון איר גליק. דער היסטאָריקער פון דברי הימים דערציילט, אַז עזיהו האָט באַזיגט די פּלשתים, צעבראָכן זייערע פעסטונגען. ער האָט באַזיגט די עמונים און די בעדואינער. אַלע האָבן זיי געמוזט צאָלן צינזן צו מלכות יהודה. דאָס לאַנד איז געוואָרן רייך, פּאָליטיש אַנגעזען. עזיהו האָט זיך געלאָזט בויען שיינע פּאַלאַצן און גרויסאַרטיקע טורעמס אין ירושלים. ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ שטענדיקע אַרמיי, באַזאָרגט די אַרמיי מיט וואָפן און אַמוניציע. ער האָט פיל אופגעהויבן און אויסגעבעסערט דעם מצב פון דער אגריקולטור אין לאַנד, געזאָרגט פאַר דעם ווילשטאַנד פון די פּויערים. אַז אַ צאָל גרויסע און קליינע פּי האָט דעמאָלט פאַרמאָגט דאָס לאַנד. עזיהו האָט געהאַט גרויס הצלחה אין זיין אויסערלעכער פּאָליטיק און דאָס פּאָלק האָט געלעבט אין גרויס שפע און גליק.

דאָס לעבן האָט אָבער אויך געהאַט אַ שאָטנדיקע זייט. אין דער מאָס וואָס עס איז געוואַקסן די הצלחה און עס האָט זיך געמערט די שפע פון גוטס באַם פּאָלק. אין דער צייט ווען די אַריסטאָקראַטיע האָט געבויט לוקסוס פּאַלאַצן און פאַרבראַכט די צייט אין ווילטאָג און פאַרגעניגן, איז אין דערזעלביקער מאָס אויך געוואַקסן די אַפּווייכונג פון ריינעם יידישן לעבן. עס זיינען געוואַקסן די סאָציאַלע סתירות אין דער געזעלשאַפט. ווי שטענדיק, ווו עס וואַקסט רייכקייט און לוקסוס, וואַקסט אויך פאַרדאָרבנקייט און אומגערעכטיקייט. דאָרטן ווו עס ווערט אַרויס־

געשטופּט דער ריינער יידישער לעבנס־שטייגער, פאַרנעמט זיין פּלאַץ א פּרעמד לעבן. ריכטיק דריקט זיך אויס טאַקע דער נביא ישעיהו אף דער צייט. „אַז דאָס לאַנד איז פול געוואָרן מיט גאָלד און זילבער, איז זי אויך פול געוואָרן מיט געטצקעס".

דער איבערפלוס אין לוקסוס און פאַרגעניגן איז געווען אַזוי גרויס, אַז די אַריסטאָקראַטיע און מאַגנאַטן האָבן שוין ניט געוווּסט וואָס צו טאָן פון צופיל גוטסקייט. זיי זיינען ממש ווילד געוואָרן פון צופיל פאַר־געניגן. „פרעסן און טרינקען, ווייל מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן" דאָס איז געווען זייער לעבנס־פילאָזאָפיע אין יענער צייט.

אינעם רעליגיעזן לעבן איז אויך ניט געווען בעסער. זייער רע־ליגיעזן לעבן האָט אויסגעפּילט נאָר די אויסערלעכע, פאָרמעלע גאָטס־דינסט. דער קרבנות־קולט איז בּאַ זיי געווען דער עיקר אין זייער רע־ליגיעזן לעבן. דעם דאָזיקן קולט האָבן זיי פאַרבונדן מיט גרויס לוק־סוס. דער הויף פון בית המקדש איז אין א יום טוב טאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פּשוטן שענק־הויז. מען האָט דאָרטן געפרעסן און גע־זויפט, גע'רעש'ט און געשיכורט, מען האָט ניט גענומען אין אכט די הייי־ליקייט פון הויז, אַז דאָס איז גאָר אַ גייסטיק־רעליגיעזער צענטער פאַרן פאָלק. אַזוי אַרום האָבן זיי פאַרוואַנדלט דאָס אָרט פון העכסטן רעליגיעזן אויסדרוק אין אַן אָרט פון פאַרדאָרבנקייט און אויסגעלאַסנקייט. דאָס אָרט איז געוואָרן דער אויסדרוק פון גרעסטער אומגערעכטיקייט.

און ווי עס מענערט זיך, אַזוי ווייבערט זיך דאָס. די יידישע פרויען, די שטענדיקע באַשיידענע, פּשוטע, אַרבעטזאַמע און טרייע יידישע טעכ־טער, קוים האָבן זיי דערזען דעם בּליאַסק פון גאָלד, האָבן זיי פאַר־לאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך. באַגלייך מיט די מענער האָבן זיי זיך אריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון לוקסוסדיקן לעבן, מען האָט געהוליעט, געפרעסן און געזויפן. דער ווילדער לעבן, דער גרויסער איבערפלוס אין פאַרגעניגן און לוקסוס האָט געבּראַכט מיט זיך די נאַטירלעכע קאָנסעק־ווענצן. די פרויען זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן מיט פאַריסענע קעפּ און געבלאָזן פון זיך. אויסגעפּוצטע, אויסגעצירטע און פאַרפּומיר־טע זיינען זיי געגאַנגען טאַנצנדיק און „געווונקען מיט די אויגן" ווי דער

נביא דריקט זיך אויס איבער זיי. דער פאלגנדיקער טריט פון אזא לעבן איז: פארלירן די בושה און פארשמוצן די משפחה ריינקייט.

האנט בא האנט מיט דער שפע פון גוטס און רייכקייט גייט אויך מיט די געלטגיריקייט. וואס מער מען האט, מער ווילט זיך. כדי צו דערווערבן מער רייכקייט און מער געלד, שטעלט מען זיך פאר קיין זאך ניט אפ. שווינדלען, נארן, רויבן, עקספלאטירן, עקאנאמיש אונטערדריקן, דאס זיינען די שטענדיקע באגלייטער פון געלטגיריקייט. גאר אין א גרויסער מאס האט זיך דאס אלץ איינגעווארצלט אין גוזעלשאפטלעכן לעבן פון יהודה אין יענער צייט. די שטאטישע איינוווינער און די אויבערשטע שיכטן פון פאלק זיינען רייך געווארן אפן חשבון פון די ארימע און שווער ארבעטנדיקע פויערים. טאמער האבן זיי באדארפט עפעס אויסבארגן, האט מען געריסן פון זיי די העכסטע צינזן, מען האט גענומען בא זיי די העכסטע פרייזן, גענארט אין וואג און מאס, גענומען בא זיי משכנות, טאמער האבן זיי ניט געהאט צו באצאלן צו דער צייט, האט מען צוגענומען דאס לעצטע פעלד, די לעצטע בהמה, די איינציקע הייזל און אפילו די קינדער זייערע געמאכט פאר קנעכט און דינסטן.

טרעפלעך דריקט זיך אויס דער נביא ישעיהו איבער זיי:

„ווי איך, איר, וואס דערווערבן א הויז נאך א הויז, וואס דערנענטערן א פעלד צו א פעלד, ביז עס איז שוין ניטא פאר אן אנדערן קיין פלאץ. נאר איר אליין מיינט צו בלייבן בעלי בתים אין לאנד".

אונטער די אומשטענדן און בא אזא גזעלשאפטלעכן לעבן, איז שוין ניט קיין וואונדער, וואס אפילו די ריכטער און גייסטיקע פירער זיינען אויך געוועזן פאלש און אומערלעך. די ריכטער האבן נאר געמשפט פאר די, ווער עס האט זיי בעסער באצאלט. די ארימע, די יתומים, די אלמנות האבן ניט געהאט צו וועמען זיך ווענדן מיט זייערע קריוודעס. זאגט אף דעם דער נביא

„דעם יתום האט מען ניט געמשפט און די קריוודע פון די אלמנות איז גאר צו זיי ניט געקומען".

די כהנים, די גייסטיקע פירער פון פאלק, די וואס האבן געזאלט דערציען דאס פאלק און אופקלערן די אמת'ע פרינציפן פון געטלעכקייט

און דעם עיקר פון דער ריינער אמונה האָבן אויך זייערע פליכטן פאַר־נאַכלעסיקט און געהאַנדלט ווי זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן פאָדערן דאָס. זיי האָבן געמאַכט פון דער אויסערלעכער פאָרם און צערעמאָניאַל אין גאָט־דינסט דעם עיקר פון רעליגיעזן לעבן. דער קרבנות־קולט איז געוואָרן בא זיי דער העכסטער אויסדרוק פון רעליגיע, ווייל דאָס איז געלעגן אין זייערע אינטערעסן. זיי האָבן געפאָדערט וואָס מער און וואָס בעסערע קרבנות פאַר גאָט. קרבנות האָבן אָבער געקענט ברענגען נאָר די רייכערע האָבן זיי געקאָרמעט גאָט מיט קרבנות אָן א שיעור, וואָס מער זיי האָבן געבראַכט קרבנות, זיינען זיי געוועזן מער זיכער, אַז גאָט באַ־וויליקט זייער פאַרדאַרבענעם לעבן. אַזוי אַרום האָבן די רייכע און תקיפים פאַרכאַפּט די רעליגיע אויך פאַר זיך אַליין.

האָלטנדיק גאָט בא זיך אין בוזים, איז בא זיי אויסגעקומען, אַז גאָט איז נאָר א גאָט פון ישראל און האָט צו זאָגן נאָר אין לאַנד פון יהודה. ער איז, הייסט עס, דער גאָט פון לאַנד, דער אויבער־גאָט. דער באַגריף שליסט ניט אויס, אַז אין לאַנד מעג זיך געפינען נאָך א גאָט אויך. האָבן זיי טאָקע אַריינגענומען צו זיך דעם גאָט פון עמון, דעם גאָט פון מואב און א גאָט פון אַן אַנדער שכנות'ן לאַנד. נאָך זייער באַגריף איז אין דעם ניט געווען קיין סתירה. האָט מען ביסלעכווייז גע־דינט צו יענעם גאָט אויך און אויסגעפירט זייערע קולטן אויך.

די גייסטיקע פירער האָבן דאָס אַלץ געזען און האָבן געשוויגן. זייע־רע מאַטעריעלע אינטערעסן זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט די אינטע־רעסן פון דער אַריסטאָקראַטיע און מאַגנאַטן. קענן זיי האָבן זיי ניט גע־האַט דעם מוט זיך צו שטעלן. ביסלעכווייז זיינען זיי אויך אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם שדים טאַנץ און האָבן זיך מיטגעדרייט אין דעם קאָראַ־האָד. זיי האָבן פאַרבלענדעט די אויגן פון דער פאָלקס־מאַסע זיי זאָלן ניט וויסן און ניט פילן וואָס אַרום זיי קומט פאָר.

אָט אין דער אַטמאָספערע זיינען אַרויסגעטראָטן די גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע נביאים און לײדנשאַפטלעך געקעמפט. זיי האָבן אופגעשטו־רעמט דאָס געמיט פון פאָלק. זיי האָבן פּראָטעסטירט און געליאַרעמט קעגן אַזאַ געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי האָבן געקעמפט איינצושטעלן אין לעבן ריינע רעליגיעזע פּרינציפּן. זיי האָבן געפאָדערט פון דער געזעל־

שאפט: אמת, יושר און גערעכטיקייט, גאָט דערקענטעניש און ערלעכ־
קייט. און אונטער די דאָזיקע אומשטענדן איז אַרויסגעטראָטן דער נביא
ישעיהו, דער גרעסטער זשעני פון דער נביאים עפּאָכע.

— — —

ישעיהו הנביא איז געווען דער געניאַלסטער פאָרשטייער פון די
נביאים. ער איז דער שטאַרקסטער גליד אין דער נביאים קייט, וואָס האָט
זיך געצויגן קווער דורכן לעבן פון יידישן פאָלק, אין דער עפּאָכע פון דער
ערשטער מלוכה אין ארץ ישראל. זיין ווירקונג האָט ער אָנגעהויבן אויף
דער גרענעץ פון צוויי תקופות, ווען איין העלפט פון פאָלק ישראל איז
שוין געשטאַנען נאָנט באַם אונטערגאַנג, ווען מלכות ישראל האָט זיך
שוין געקאָרטשעט אין גסיסה־קאָנוווּלסיעס און מלכות יהודה האָט גע־
זוכט אומזיסט מיטלען, ווי אַזוי און וועד עס זאָל איר ראַטעווען פון
אונטערגאַנג.

דער נביא ישעיהו האָט געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַ־
מיליע. ער איז געבאָרן געוואָרן אין ירושלים און האָט דאָרטן פאַר־
בראַכט זיין גאַנצן לעבן. דער תלמוד וויל האָבן, אַז ישעיהו איז גע־
ווען אַ קעניגלעכער פּרינץ, אַ דירעקטער אָפּשטאַמלינג פון דוד׳ס הויז.
ער זאָל האָבן געווען אַ פּלימעניק פון קעניג אמציה. אַ דאַנק זיין אַריס־
טאָקראַטישן אָפּשטאַם איז ער געשטאַנען זייער נאָנט צו די רעגירונגס־
קרייזן.

ישעיהו הנביא איז געווען אַ חכם, טיפזיניק, געלערנט, ער האָט
פאַרמאָגט אין זיך די באַגייסטערונג פון אַ פּאָעט און די עקזאַלטאַציע
פון אַ הייליקן. אין אים האָבן זיך פאַראייניקט די פּראַקטישקייט און ענער־
גיע פון אַ גרויסן שטאַטסמאַן. ער איז געווען אַן אַבסאָלוטער גלויביקער
אין איין און איינציקן גאָט, וואָס פירט אַן מיט דער וועלט־הערשאַפט.
פאַר אים איז גאָט געווען דער הייליקסטער פון אַלע הייליקייטן, דער
פּרעכטיקסטער פון אַלע פּרעכטיקייטן. פאַר אים איז גאָט געווען פול אין
אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט. גאָט איז דער איינציקער כוח וואָס באַ־
וועגט מיט דער וועלט לויט זיין איינציקן ווילן און ער פירט אַן מיט דעם
גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע און מיטן גורל פון דער גאַנצער מענטש־
הייט.

דער נביא ישעיהו איז געווען אַ פאַנאַטישער קעמפער פאַר זיט־

לעכקייט און פאליטישע אמת'ן. ער איז געווען אבסאלוט און אומוואקל־דיק אין גלויבן פון דער יידישער אייגנארטיקייט און אייביקער עקזיס־טענץ. דער נביא צייכנט זיך אויס מיט זיין אויסערארדנטלעכן פאטאס און ליריזם, ער איז א גלענצנדיקער טריבון און גרויסער שפראך־קינסט־לער אין פראזע און פאעטישער פארם.

אויסערדעם איז דער נביא געווען אויסגעבונדן מיט דעם געזעל־שאפטלעכן לעבן פון ירושלים. ער איז געווען באקאנט מיטן לעבן פון קעניגלעכן הויף און מיט אלץ וואס עס טוט זיך אין בית המקדש, דער צענטראלער פונקט פון דעמאלסדיקן גייסטיק־רעליגיעזן לעבן. זעלבסט־פארשטענדלעך, אז ער האט געקענט דעם עבר פון זיין פאלק און איז געווען א גרויסער פאטריאט פון זיין לאנד. ער האט ליב געהאט יעדער בערגעלע, יעדער טייכעלע פון זיין לאנד און זיינע לויטערע בליקן איבער דער צוקונפט פון זיין פאלק האבן דערלאנגט אין די ווייטסטע האריזאנטן פון יידישן עתיד.

נאך זייענדיק א קינד האט ער געהערט וואס מען דערציילט פון דעם נביא עמוס, וואס האט זיך געהאט באוויזן אין מלכות ישראל. ער האט געהערט, אז עמוס האט אופגעשטורעמט דאס פאלק מיט א נבואה פון א „טאג פון גאט" וואס וועט קומען. ער האט אויך געהערט פון נביא הושע, וואס האט אויך גערעדט פון א „טאג פון גאט" און אזא „טאג" איז געקומען. ווען ער איז נאך געווען גאר יונג, האט א סטיכישער שטור־רעם און ערד־ציטערניש אויסגעבראכן אין יענעם וועלט־טייל, דאס איז שוין געווען אין די לעצטע יארן פון קעניג עוזיהו. זייענדיק פון דער נא־טור זייער א פילבארער, מיט א צארטער עמפינדלעכער נאטור, האבן אף אים די נביאות פון עמוס און הושע געמאכט א שטארקן איינדרוק. ער האט זיך גענומען פארטראכטן אין די פאליטישע און געזעלשאפטלעכע געשעענישן וואס קומען פאר אין זיין צייט און האט א סך געלערנט פון די דאזיקע געשעענישן.

דער יונגער ישעיהו זעט מיט קלארע אויגן וואס עס קומט פאר אין זיין געליבט לאנד. דאס פאלק טאקע לעבט אין וווילטאג און צופרידנ־קייט. רייכקייט און שפע איז דא אין לאנד לרוב. דער קעניג עזיהו האט אריינגעבראכט אין לאנד אלדאס גוטס. די רעגירונגס־לייט גייען ארום

שטאָלץ און פריילעך, אָבער ער זעט אומעטום אַ פינצטערן שאָטן. גייט אַרום דער יונגער ישעיהו אַן אומעטיקער. זיין שיינער שטראַלנדיקער פנים איז באַצויגן מיט אַ כמאַרע. זיינע אויגן זיינען פול מיט טרויער און זאָרג. אים גייט ניט איין דער אויסערלעכער גלאַנץ און גליק פון לאַנד. אים אימפּאָנירט נישט די פרייד פון פאָלק און ניט די רואיקייט פון דער הויפּטשטאָט ירושלים. אין זיינע אויערן קלינגען נאָכאַנאַנד דער אָפּקלאַנג פון דער נבואה וואָס ער האָט געהערט פון זיינע צוויי פאָרגענ־גער — עמוס און הושע. ער מעסט די איצטיקע רואיקייט און גליק פון פאָלק מיט זייער מאָס.

לויט די דערמאָנטע נביאים איז דאָס פאָלק שטאַרק זינדיק. אונ־טער דעם אויסערלעכן גלאַנץ און גליק פון לעבן שטעקט אַן אינעווייניקסטע צעפוילקייט. די געזעלשאַפט איז פאַרדאָרבן. אַ פאַרברעכערישן לעבן פירט די געזעלשאַפט אין ירושלים און עס איז נישט בעסער אין גאַנצן לאַנד. די הייליקע שטאָט ירושלים איז פאַראומרייניקט מיט פאַר־דאָרבנקייט און אומגערעכטיקייט. אַזאַ לעבן וועט נישט פאַרשווינדן ווערן און קען נישט פאַרשווינדן ווערן, ווייל גאָט פון ישראל איז אַ גאָט פון גערעכטיקייט און פאָדערט גערעכטיקייט אין לעבן. אמת, עס איז נאָך דערווייל גאָרנישט צו מערקן אין לאַנד. דער קעניג עזיהו, כאָטש ער ליגט אַ קראַנקער, איינגעשלאָסן אין זיינע צימערן, אָבער די דעה איבער די מלוכה ענינים איז נאָך אַלץ אין זיינע הענט. אין אַ ליאַדע מאָמענט קען ער שטאַרבן. דער יונגער טראָן־פאָלגער יותם איז נאָך אומדערפאַרן, ער קען נאָך נישט האַלטן שטאַרק אין זיינע הענט דעם מלוכה רודער. עס וועלן אויסברעכן מהומות אין לאַנד פּונקט ווי עס איז אויסגעבראָכן אין לאַנד ישראל, נאָכן טויט פון שטאַרקן קעניג ירבעם און דעמאָלט ווער ווייסט וואָס עס וועט פּאַסירן מיט זיין ליב לאַנד יהודה.

טראַכט דער יונגער אַריסטאָקראַט איבער די אַלע פינצטערע פּערס־פּעקטיוון, וואָס זיינע געדאַנקען ברענגען אַרויף און אַ שרעק באַפאַלט אים. ער זעט דעם כאַאָס, וואָס איז אויסגעבראָכן אין ישראל, ווי די קעניגן ווערן דאָרטן דערמאָרדעט איינער נאָכן אַנדערן. דער פונדאַמענט פון דער מלוכה אין ישראל איז שוין אונטערגעגראָבן. די מלוכה וואַקלט זיך שוין. זי איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין די פּאָליטישע אינטריגעס

צווישן מצרים און אשור. די מלוכה געפינט זיך איצט ווי א שיף אינ־מיטן שטורעמדיקן ים. אט, אט און דער שטורעם ווארפט איר ארויף אויף א גרויסן פעלז און זי גייט אונטער. וועט זיין ליב לאנד יהודה אויס־מיידן אזא סוף?

דער אריסטאקראט ווייסט געגוי וואס עס טוט זיך אין די הויכע מלוכה־ספערן פון זיין לאנד. ער ווייסט, אז דארטן קוקט מען ניט גלייכ־גילטיק צו די אינטריגעס. א טייל שלעפט דעם מלוכה־וואגן צו דער זייט פון אשור און א טייל קערעוועט אים צו מצרים און דאס הארץ קלעמט פון ווייטיק און יסורים איבער דעם גורל פון זיין לאנד.

און אט איז געשען וואס אים האט אזוי געשראקן. דער קעניג עזי־הו איז געשטארבן. זיין זון יותם האט איבער גענומען די מלוכה. מערקט טאקע ישעיהו ווי די מלוכה שיף האט גענומען זיך ווארפן אין אלע זייטן.

וואלט כאטש דאס פאלק געגלויבט אין גאט מיטן גאנצן הארצן, וואלטן זיי זיך פארלאזט אויף אים, ער זאל זיי מציל זיין פון דער סכנה, ווייל די גאנצע וועלט־באוועגונג ליגט אין זיין מאכט, אבער דאס פאלק האט אפגעווייכט פון גאטס וועג. עס גייט אויף פרעמדע וועגן. דער גייס־טיק־רעליגיעזער לעבן איז פארשווונדן. סאציאל־געזעלשאפטלעכער לעבן צעפוילט. זיטלעכקייט, ניטא מער, די גייסטיקע פירער זיינען פאלש. וואס טוט מען? פון וועמען קען דאס פאלק דערווארטן הילף? ווי ראַ־טעוועט מען דאס פאלק פון באפארשטייענדיקן אומגליק, וואס רוקט זיך אלץ נענטער און נענטער צום לאנד?

דער יונגער אריסטאקראט קען זיך קיין עצה ניט געבן. וואלט ער כאטש געהאט מיט וועמען זיך דורכצורייד ן איבער די אלע ספיקות וואס מאטערן אים, ווייל אים קיינער ניט אויסהערן. מען איז פארטאן אין עסן און טרינקען, אין הוליען און לוסטיקייט. מען לאכט אים אויס, דעם אריסטאקראטישן פאנטאזיאר.

בלאנדזשעט דער אריסטאקראט איבער די גאסן פון ירושלים. עס איז שוין טונקל געווארן. מיטאמאל דערזעט ער זיך שטיין אפן ציון־בארג, דארטן וווּ גאטס הויז געפינט זיך, נאך אלץ פארטיפט אין זיינע טרויעריקע געדאנקען, פירט אים דער אינסטינקט אין גאטס־הויז. דארטן ווערט ער באהערשט פון גאטספארכטיקייט אין מיסטישן דענקען. זיינע

ליפן הויבן אן שעפטשען א תפילה צו גאט. ער האט שוין מיט וועמען זיך אויסצוריידן. ער גיסט אוים זיין צעוויטיקט הארץ פאר גאט, דעם גאט פון פאלק ישראל. ער ווארט, אז גאט וועט אים ענטפערן און אנווייזן א לייזונג צו די אלע פראבלעמען וואס מאטערן אים און פייניקן זיין נשמה די גאנצע צייט.

און שטייענדיק אליין באם הייליקן היכל, אין ווינקעלע לעבן „היי־ליקייט איבער אלע הייליקייטן", אפגעזונדערט פון שטאטישן טומל, פארטיפט אין זיינע מיסטישע מחשבות, מיטן הארצן און נשמה אריינ־געטאן אין דער תפילה, ווערט דער יונגער אריסטאקראט עקזאלטירט, א הייליקער ציטער נעמט אים א דורך. ער דערזעט א וויזיע. אים קומט פאר, ער זעט „גאט זיצן אף זיין טראן, ברענענדיקע מלאכים זיי־נען געשטאנען איבער אים, יעדער מלאך האט זעקס פליגל, מיט צוויי פליגלען פארדעקט ער זיין פנים, מיט צוויי פליגלען פארדעקט ער זיינע פיס, מיט צוויי פליגלען איז ער געפלויגן. און איין מלאך זאגט צום צווייטן, הייליק, הייליק, הייליק איז דער גאט פון חיילות, די גאנצע ערד איז פול מיט זיין כבוד".

דער יונגער ישעיהו ווערט שטארק עמאציאנירט פון דער וויזיע. ער ציטערט פון שרעק, דורך זיין מוח טראגט זיך דורך שנעל, ווי א בליץ א געדאנק, אז ער זעט איצט גאר אן אנדער גאט ווי דער וואס דאס פאלק זעט. ער זעט אן איבערנאטירלעכן גאט, דאס פאלק ווייסט גאר־ניט פון אזא מעכטיקן און הייליקן גאט, וואס ער זעט. דאס פאלק קען א גאט א באשרענקטן, א באגרענעצטן, וואס פירט אן נאר מיט זייער איינן לאנד, א גאט וואס זעטיקט זיך מיט קרבנות פון באראנעס און אקסן, מיט שמעקעוודיקן ווייראך און מיט רויכערדיקע גראזן, אזא גאט קען זיין צופרידן מיט דער איינשטעלונג פון זייער לעבן.

ער דא, זעט א גאט וואס איז דער שעפער פון דער גאנצער וועלט און ממילא פירט ער אן מיט דער גאנצער וועלט געשיכטע. אט, טאקע אין דער באשאפונג זיינער און אין דער פירונג קען מען דערקענען די גרויסקייט, די מעכטיקייט, די הייליקייט און פראכט פון גאט, דעם גאט, וואס ער זעט, דרינגט זיין אויג אריין טיף אין אינעווייניקסטן לעבן פון דער גאנצער מענטשהייט און פון אלע באשעפענישן. דער יונגער ישעיהו

פילט מיט זיין נשמה און מיט זיין הארץ, אז דער גאָט, וועמען ער זעט איצט איז ניט קיין גאָט, וואָס באַגנוגנט זיך מיט קרבנות פון שעפּסן און אָקסן, ער זוכט גאָר אופריכטיקייט, אַ ריין האַרץ, זיטלעכקייט, גע־רעכטיקייט, אמת און יושר און איבער אַלעם גלויבן אין זיין מאַכט. דער גאָט וויל זיכער אויך, אַז די מלוכה פּאָליטיק פון הייליקן לאַנד זאָל גיין בהסכם מיט זיין ווילן. און דער יונגער ישעיהו דערפילט, אַז ער האָט שוין אַן ענטפער אויף זיינע ספיקות. ער האָט שוין אַ ציל אין לעבן, ער ווייסט שוין וואָס ער מוז טאָן כדי צו ראַטעווען זיין לאַנד. די גרויס־קייט, הייליקייט און מעכטיקייט פון גאָט, וואָס ער האָט דערפילט אין זיין וויזיע דאַרף ער איבערגעבן דעם פאָלק. דעם גאָט באַגריף וואָס ער האָט מיט זיין חוש דערגרייכט דאַרף ער מאַכן פילן אויך זיין פאָלק. דאָס וואָס אים איז באַלויכטן געוואָרן דורך דער וויזיע איצט, דאַרף ער דאָס אויך באַלייכטן דעם פאָלק.

פאַרטיק געוואָרן מיט זיך, פילט ער, אַז אַ שטים שרייט צו אים „וועמען זאָל איך שיקן, און ווער פון אונדז וויל גיין”? און דער אַריס־טאָקראַט ענטפערט אַן וואַקלעניש, פעסט און זיכער, „שיק מיך”. פון דעם מאָמענט אַן ווערט דער יונגער אַריסטאָקראַט פאַרוואַנדלט אין דעם גרויסן נביא ישעיהו. פון דעם מאָמענט אַן, איז זיין גאַנצער לעבן אויס־געפילט מיט דער הייליקער מיסיע וואָס ער האָט איבערגענומען. דער קלענסטער פּרט פון זיין פּריוואַטן לעבן, יעדער פּינטל פון אויג, יעדער מהות פון זיין וועזן, איז באַ אים פאַרבונדן מיט דער שליחות, וואָס גאָט האָט אים אָנפאַרטרויט. אין אַליץ זעט ער אַ ווונק פון גאָט, אין יעדער באַוועגונג זעט ער דעם ווילן פון גאָט, אַליץ ווערט באַ אים קאָנצענ־טרירט אין איין פּונקט — נבואה. אפילו די קינדער וואָס זיין פרוי האָט אים געבוירן, רופט ער אויך אַן סימבאָלישע נעמען, אין שייכות מיט זיינע נביאות.

און דער נביא הויבט אָן צו דערפילן זיין מיסיע. ער ווייסט וואָס אים שטייט פאָר. זיין שליחות צו דערפילן וועט זיין שווער. דאָס פאָלק איז ניט גלויביק, זיי ווילן ניט גלויבן. גייסטיק זיינען זיי געזונקען, פּאָ־ליטיש פאַרפירט, אָבער ער נעמט אויף מיט ענטוזיאַזם די דערפילונג פון זיין הייליקער מיסיע.

פעסט אין זיין באשלום, הערט דער יונגער נביא א קול, וואס זאגט צו אים:

„גיי און זאג צום דאזיקן פאלק, זאג זיי, אז זיי זיינען שוין איינגאנצן פארדארבן. דאס פעלן איין גלויבן צו גאט, דאס פארשווינדן פון זיטלעכקייט איז שוין אריינגעדרונגען טיף אין לעבן פון פאלק, זאג זיי, אז הערן וועט איר הערן, אבער איר וועט ניט פארשטיין, קוקן וועט איר קוקן, אבער איר וועט ניט זען. פעט איז דאס הארץ פון פאלק, זיינע אויערן זיינען טויב און זיינע אויגן פארקלעפט.״

און דער נביא פרעגט „ביז וואנען וועט עס אזוי זיין״? און דער קול ענטפערט אים:

„ביז שטעט וועלן זיין וויסט און איינוווינער, הייזער אן מענטשן און דאס לאנד א וויסטעניש, און איך וועל פארטרייבן די מענטשן אין א ווייטער מדינה, און די אפגעלאזנקייט וועט זיין גרויס אין לאנד, און אויב עס וועט בלייבן א צענטל, וועט דאס אויך פארשניטן ווערן״.

אז אמתער נביא איז אויך א גרויסער פאטריאט פון זיין פאלק און לאנד. מיט אזא ביטערע נבואה קען ער ניט קומען צום פאלק. מיט נבו־אות פון חורבן אליין וועט ער גארניט מאכן. פארענדיקט ער די וויזיע נבואה מיט פאלגנדיקע טרייסט ווערטער:

„ווי דער טערעבינט און אייכנבוים, ווען זיי ווערן אפגעהאקט און עס בלייבט פון זיי בלויז דער שטאם, פון וועלכן עס שפראצן ארויס פרישע צווייגן און בלעטער, אזוי וועלן אויך בלייבן די הייליקע זאמען. זיי זיינען דער שטאם פון דער הייליקער אומה און פון דעם שטאם וועט זיך צעבליען און צעוואקסן די גאנ־צע אומה״.

אינטערעסאנט איז געווען דער ערשטער ארויסטריט פון נביא. ער טוט נאך דעם נביא עמוס. פארנארן דאס פאלק און ציען די אופמערק־זאמקייט פון די צוהערער מיט אנדערע רייד. ער ווייסט, אז אויב ער וועט אנפאנגען מיט שטראף־רייד וועט מען אים ניט אויסהערן און דער יונגער נביא געפינט א מיטל.

אין די ימים טובים, ווי באקאנט, זיינען זיך צוזאמענגעקומען אלע יידן

פון יהודה און ירושלים. מען האט די צייט פארבראכט לוסטיק און פרייי לעך, מען האט געטאנצט און געזונגען אין די גאסן און מערק־פלעצער. עס פלעגן ארומגיין צווישן די פארברענגענדיקע, זינגער און דערציילער, וואס האבן אמוזירט דעם עולם מיט לידער און שיינע מעשיות. אין אזא יום טוב האט ישעיהו געמאכט זיין ערשטן ארויסטריט. ער האט זיך געמאכט ווי א זינגער און אנגעהויבן זינגען א ליד פאר די לוסטיקע פארזאמלטע.

„לאמיר זינגען פאר מיין ליבן פריינט,
דאס געזאנג פון זיין וויינגארטן,
א וויינגארטן האט מיין ליבער פריינט געהאט,
אף א בארג־שפיץ א פעטן,
און ער האט אים צעגראבן און אויסגעשטיינערט,
און אים פארפלאנצט מיט טייערע וויינשטאקן,
און ער האט א טורעם געבויט אין אים,
און א קעלטער אויסגעהאקט אין אים,
און ער האט געווארט ער זאל ברענגען גוטע טרויבן
און ער האט גאר געבראכט ווילדע טרויבן!

דער נביא ווענדעט זיך דערנאך צום עולם און בעט, אז דער עולם זאל משפטן צווישן אים און זיין וויינגארטן. וואס נאך האט ער געקענט טאן, פארן וויינגארטן און ער האט ניט געטאן? פארוואס האט אים דער וויינגארטן אפגענארט?

דער נביא שטעלט זיך אפ, גלייך ווי ערווארט אף אן ענטפער פון די צוהערער און דערנאך זינגט ער ווייטער, ער זינגט אויס דעם ענטפער.

„איצט וועל איך אייך דערציילן,
וואס איך וועל טאן צו מיין וויינגארטן,
איך וועל אפטאן זיין צוים
און זאל ער אפגעגעסן ווערן.
איך וועל צעברעכן זיין פלויט,
און זאל ער צעטראטן ווערן,
איך וועל אים מאכן פאר א וויסטעניש,
איך וועל ניט ארומשניידן זיינע צווייגן,

נית אַרומגראָבן זיינע וואָרצלען,
זאָל ער פאַרוואַקסן ווערן מיט דערנער און ווילד געוויקס,
און די וואָלקנס וועל איך פאַרזאָגן,
נית צו רעגענען אַף אים".

דער עולם הערט אים געפּלעפּט. זייער א שיינער געזאַנג. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז נית מער ווי א משל, אָבער זיי זיינען נייגעריק צו הערן דעם נמשל.

ערשט איצט הויבט אוף דער יונגער נביא זיין שטים און ברענגט ארויס וואָס ער וויל זיי באמת זאָגן.

„דאָס הויז פון ישראל איז דער וויינגאָרטן פון גאָט, די מע־נער פון יהודה זיינען זיין באַליבטע פלאַנצונג. גאָט האָט גע־וואָרט, אַז גערעכטיקייט וועט הערשן אין לאַנד, צום סוף ווערט דאָ אומשולדיק בלוט פאַרגאָסן, ער האָט געוואָרט אַף יושר און צדק, ערשט עס הערשט יאָמער און קלאַג".

און איינמאָל אָנגעהויבן, רעדט דער נביא ווייטער. ער זעט, אַז דער עולם הערט אים אויס, וויל ער אויסנוצן דעם מאָמענט, ער הויבט אָן אויסרעכענען די זינד פון דער געזעלשאַפט:

„ווי צו די וואָס רוקן א הויז צו א הויז, דערנענטערן א פעלד צו א פעלד, ביז עס איז מער ניטאָ קיין פּלאַץ פאַרן אָרימאַן. אין מיינע אויערן האָט גאָט געשווירן, אַז א סך הייזער וועלן וויסט ווערן, גרויסע און שיינע הייזער וועלן בלייבן אָן איינוווינער.

„ווי צו די וואָס שטייען אוף באַגינען און יאָגן זיך נאָך שאַר־פע געטראַנקען, זיי זיינען אוף ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווייל דער וויין ברענט אין זיי.

„ווי צו די וואָס זאָגן אַף שלעכטס גוט און אַף גוט שלעכטס, וואָס מאַכן ביטער זיס און פון זיס ביטער. זיי זיינען באַ זיך אין די אויגן שטענדיק קלוג. אין זייער אייגענעם אָנזען זיינען זיי פאַרשטענדיק. זיי זיינען העלדן אַף וויין טרינקען, גבורים אַף שאַרפע געטראַנקען. זיי גיבן גערעכט דעם שולדיקן פאַר שוחד און דעם גערעכטן געפינען זיי פאַר שולדיק.

„ווי צו אייך, וואָס פירן איין אומגערכטע געזעצן, נייגן אָפּ פון גערעכטיקייט, רויבן דאָס רעכט בא די אָרימע און באַראַבעווען אַלמנות און יתומים״.

אָט די אַלע אומרעכטן האָט דער נביא אויסגערעכנט פאַר דעם לומ־דיקן עולם, אינעם ערשטן אַרויסטריט זיינעם.

צוויי גרונט־געדאַנקען מערקט מען אין דער נבואה פון ישעיהו הנביא. צוויי הויפּט־מאָמענטן קרייצן זיינע נביאות: דער רעליגיעז־עטי־שער און סאָציאַל־פּאָליטישער. אין פאָדערגרונט פון די בײדע מאָמענטן שטראַלט ארוים בא אים ווי אַ ליכטיקער שטראַל זיין פעסטער, אומ־בויגזאַמער גלויבן אין די הייליקייט און אייביקייט, אין די אַלמעכטי־קייט און גרויסקייט פון גאָט. און דער דאָזיקער גלויבן איז באַם נביא אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער אייביקייט פון פאָלק ישראל און היילן לאַנד פון ציון. אין זיין גלויבן איז ער אַזוי זיכער און פעסט איבערצייגט, אַז עס מוז קומען אַ שענערע און בעסערע צוקונפט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווייל גאָט געהערט דאָך דער גאַנצער מענטש־הייט, אָבער נאָר דורך די פאַרמיטלונג פון פאָלק ישראל, וועמען די גע־שיכטע האָט אָנפאַרטרויט די מיסיע, איבערגעבן דער מענטשהייט די דאָ־זיקע גליקלעכע צוקונפט.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין נבואה, די יאָרן וואָס גיסן זיך צוזאַ־מען מיט דער צייט, וואָס דער יונגער יותם האָט געהערשט איבער יהו־דה. דער פּאָליטישער געראַנגל צווישן אשור און מצרים און די אינטרי־געס פון דער פאָלשער מצרים האָט נאָך ניט אָנגעשפּאַרט צו מלכות יהודה, באַגרענעצט זיך דער נביא מיט נביאות פון רעליגיעז־עטישן כאַראַקטער.

אין דער הינזיכט גייט ער אין די פוסטריט פון זיין פאָרגענגער עמוס. ער האָסט די אויסערלעכע פאָרם פון דערפילן דעם רעליגיעזן חוב. ער האָט פיינט די צערעמאָניאַלן, וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עיקר פון גאָטס־דינסט. ישעיהו הנביא שטעלט אויך דעם טראָפּ פון ריינעם יידישן אויסלעבן זיך, נאָר אָף דער רעליגיעזער עטיק און מאָראַל, וואָס די רעליגיע דיקטירט. אין דעם פונקט גייט דער נביא נאָך פיל טיפער און ברייטער און אַקצענטירט זיין פּרעדיקן אָף פאָלגנדיקן געדאַנק:

„אייערע ראש חודש פייערונגען און אייערע ימים טובים האָב

איך פיינט. דאָס איז מיר שווין צו איבערלעסטיק, איך בין שווין מיד זיי צו פאַרטראָגן. איך בין שווין זאַט מיט עולות פון באַראַנעס און פעטס פון געשטאָפּטע שעפּסן. דאָס בלוט פון אָקסן און שאָף פאַרלאַנג איך ניט מער, ווייל אייערע הענט זיינען איינגעשמירט אין בלוט".

אין דעם קאַטעגאָרישן אופן דריקט זיך אויס דער נביא ישעיהו איבער דעם קרבנות קולט, וואָס איז געוואָרן אַ פּוסטע און אינהאַלטסלאָזע פאָרמאַליטעט אין דער רעליגיע.

דער נביא פאָדערט פּאָזיטיווע מעשים, מצוות מעשיות, וואָס נאָר זיי קענען אויסדריקן און אַרומנעמען דעם ריינעם און אמתן רעליגיעזן לעבן. ער זאָגט:

„רייניקט אייך, הערט אויף טאָן שלעכטס, לערנט טאָן בעסער גוטס, פאָדערט גערעכטיקייט, שטאַרקט דעם באַרויבטן, נעמט אייך אָן פאַרן יתום, שטעלט אייך איין פאַר דער אלמנה".

דאָס זיינען קלאָרע דיבורים — גאָט וויל ניט מער קיין קרבנות פון פאַרבלוטיקטע הענט.

פּונקט ווי עמוס, וואָס אַטאַקירט די פרויען פון דער אַריסטאָקראַטיע און גיסלט מאַגנאַטן פאַר זייער באַרויבן די אָרימע און שוואַכע דערמיט, וואָס זיי פאָדערן פון די מענער, וואָס מער פאַרגעניגן און לוקסוס, טוט דאָס זעלביקע דער נביא ישעיהו אויך, אָבער מיט מער אָפנקייט און דרייסטקייט. ער איז געווען אַ שטאָטישער איינוווינער, אַ גרויסער אינטעלעקטואַל, זעט ער וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט און ווי מען לעבט אין דער שטאָטישער גנזעלשאַפט. ער קען דורך דורך דעם לעבן פון די פרויען ווי זיי פּוצן זיך אין נאַרישן לוקסוס און לעבן אין פּוסטע פאַרגעניגנס אַף דעם חשבון פון דער אָרימער מאַסע. שרייט דער נביא צו די פרויען:

„די טעכטער פון ציון זיינען שטאָלץ באַ זיך. זיי גייען מיט פאַריסענע קעפּ, מיט געמאָסטענע טריט, זיי ווינקען מיט די אויגן, קלינגען מיט זייערע גאָלדענע רינגען, וואָס זיי טראָגן אַף די פיס, זיי וויקלען זיך אין פאַרביקע גאַרטלען און קרויזן זייערע האָר אין שיינע לאָקן".

**דער נביא וואָרנט די דאָזיקע פרויען:**

„עס וועט קומען א טאָג, דער טאָג פון משפּט, ווען גאָט אָפּ־
טאָן די שיינקייט פון די פיס־רינגען, די שטערנבענדער און
די לבנה׳לעך מיט וועלכע זיי צירן זיך. גאָט וועט קרעציק
מאַכן די קעפּ פון די ציון טעכטער, אַנשטאָט פיינע פאַרפו־
מען וועט זיך פילן פון זיי צעפוילנקייט, אַנשטאָט די שיינע
גארטלען וועט זיין א שטריק, אַנשטאָט שיינע לאָקן אויף זייע־
רע קעפּ וועט זיין א פליך."

פאַר אזא צעלאָזענעם לעבן זאָגט פאָרויס דער נביא, אַז עס וועט
זיך ניט אויסלאָזן גוט:

„ירושלים, דיינע מענער וועלן פאַלן דורך דער שווערד, דיי־
נע גבורים וועלן פאַלן אין מלחמה. קלאָגן און טרויערן וועלן
דיינע טויערן. אויסגעליידיקט וועלן ווערן די שטעט. ווי א
מוטער, וואָס קלאָגט אויף אירע קינדער וועט זי זיצן אויף דער־
ערד און טרויערן איבער אירע זין, וואָס זיינען אַוועק און
וועלן זיך מער ניט אומקערן".

דער נביא ישעיהו זעט אויך פאַר א „טאָג פון גאָט", אָבער בא
אים האָט דער „טאָג פון גאָט" נאָך אַן אַנדער באַדייטונג.

„ווען גאָט וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט אין זיין פו־
לער גרויסקייט און פּראַכט, אין דעם טאָג וועט דער מענטש
ניט האָבן קיין ווערט, זיין גאווה וועט געבראָכן ווערן, זיין
כוח און מאַכט וועט ווערן נידעריק. גאָט אליין וועט זיין גרויס
אין יענעם טאָג".

אין דעם טאָג וועט גאָט ליימערן יהודה פון אַלע אָפּפאַלן, ער וועט
זי רייניקן פון אַלע פאַרדאָרבנקייט און וועט זי ברענגען צוריק צו
דער הויכער מדרגה און צו דער גלאָריע וואָס זי האָט געהאַט אין די
צייטן פון דוד און שלמה:

„איך וועל צוריקערן דיינע ריכטער ווי אין אָנפאַנג דיינע
ראַטגעבער ווי צו ערשט. ערשט דעמאָלט וועט מען דיר קע־
נען אָנרופן, די שטאָט פון גערעכטיקייט, די טרייע שטאָט".

אין דער ראָל פון א גרויסן פּאָליטישן נביא, וואָס באַזיצט די אויי־
סערגעוויינלעכע פעאיקייט געניי צו זיין אָריענטירט איבער די פּאָליטי־

שע לאגע פון די ארומיקע שכנישע פעלקער און אין הסכם דערמיט קערעווען דעם רודער פון דער פאליטיק אין דער אייגענער מלוכה, באווייזט זיך דער נביא ערשט אין די צייטן ווען אחז האט איבערגענומען די מלוכה פון יהודה און זיין קלימאקס דערגרייכט אין די צייטן, ווען יחזקיהו איז שוין געזעסן אפן טראן פון יהודה.

ענדלעך האט די אינטריגאנטישע מצרים דערגרייכט איר ציל. זי האט אריינגעשלעפט אין אירע פאליטישע אינטריגעס מלכות ישראל און די מלוכה פון ארם — צוויי אייביקע שונאים זיינען זיי זיך געווען קעגנזייטיק, נאכקומענדיק דעם פארלאנג פון מצרים זיינען זיי געווארן איצט פארבינדעטע. דער ציל איז געווען, קעגנשטעלן זיך דער עקספאנסיע פון אשור, פארשטעלן אים דעם וועג צו ווייטערע דעראבערונגען. דאס האט געמיינט פשוט, מיט זייערע הענט ארויסשארן פון פייער די ברענענדיקע קוילן פאר מצרים.

דער גרויסער שטאטסמאן ישעיהו, מיט זיין קלארן און שארפן בליק פון א רעאל־פאליטיקער האט ווי געהעריק אפגעשאצט די פאליטישע קאמבינאציע וואס מצרים האט דא אנגעפלאנטערט. מיט זיין טיפן נביאישן חוש האט ער כמעט גענוי, אין אלע פרטים, געזען די קאנסעקווענצן פון דער דאזיקער קאמבינאציע און ווי ווייט זי וועט אנרירן די אינטערעסן פון זיין לאנד און פאלק. זיין גרויסער פאטריאטיזם, זיין טרייקייט און ליבע צום לאנד האט אים דיקטירט, אז אין די געפערלעכע מאמענטן, וואס דערנענטערן זיך צו זיין לאנד און פאלק, מוז ער שטיין אף דער וואך און וויפל דאס וועט נאר זיין מעגלעך, האלטן דאס לאנד דערווייטערט פון דער דראענדיקער קאטאסטראפע.

מלכות ישראל האט דער נביא שוין באטראכט ווי פארלוירן. זי קען זיך שוין מער ניט ארויסראטעווען פון דעם אומגליק, אין וועלכן די מלוכה־פירער האבן איר אריינגעשלעפט. צופיל איז שוין מלכות ישראל געזונקען אין איר זינד. צו פארברעכעריש איז איר געזעלשאפטלעכער לעבן. זי האט זיך דערווייטערט פון די יסודות און פרינציפן פון געזונטן יידישן לעבן און דערמיט אונטערגעגראבן דעם פונדאמענט פון איר מלוכה־עקזיסטענץ, אבער מלכות יהודה איז נאך ניט אזוי זינדיק און ער האט געוואלט, זי זאל ניט מיטגעשלעפט ווערן אין דעם אומגליק.

מיט זיין רעדנערישן פאטאס, מיט זיין זעלטן שיינע רעטאריק און שפראך־עלעגאנץ, רעדט ער צום פאלק און צום מלך, אפהאלטן זיך און ניט נאכגעבן דעם פארלאנג פון דיביידע פארבינדעטע, מיטצומאכן א מלחמה מיט זיי קעגן אשור. ער זאגט פאַרויס וואס עס וועט ווערן פון די ביידע פארבינדעטע.

„דמשק (די הויפטשטאט פון אדם) וועט אופהערן צו זיין א שטאט, איינגעפאלענע חורבות וועט זי ווערן".

און אין פארבינדונג מיט ארםווארנט ער אויך ישראל:

„די שטעט פון ערוער (ישראל שטעט אין עבר הירדן) וועלן פארלאזן ווערן, סטאדעס בהמות וועלן דארטן ליגן, עס וועט ניט זיין קיין מענטש, וואס זאל זיי שרעקן, אפרים וועט אופהערן זיין א זעלבסטשטענדיקע מלוכה".

באטש דער נביא קוקט אף די דאזיקע געשעענישן מיט די אויגן פון א רעאל־פאליטיקער און ווייסט, אז פון דעם בונד צווישן ישראל און ארם וועט סיי ווי גארניט ארויסקומען.ביידע וועלן אריינפאלן אין די שארפע נעגל פון אשור׳ס אימפעריאליזם. מצרים וועט אויך מיאוס אפשניידן, אשור וועט איר אויך באזיגן און חרוב מאכן. ער איז אזוי זיכער אין זיין פארויסזאגן און וויל די זיכערקייט אויך דעם פאלק איבערגעבן. ער גייט ארום סימבאליש נאקעט און בארוועס דריי יאר, כדי צו איבערצייגן אלעמען, אז אזוי וועט דער מלך פון מצרים ארומגיין נאקעט און בארוועס. נאכדעם ווי זי וועט חרוב ווערן דורך די הענט פון אשור. סוף כל סוף, וועט אשור אויך חרוב ווערן, דער נביא האט איר חורבן אויך אנגעזאגט אין פאַרויס. א מלוכה וואס בויט איר פונדאמענט אף איינשלינגען פרעמדע מלוכות, ווערט שפעטער אליין אויך איינגעשלונגען. א מלוכה, וואס בויט איר צוקונפט אף פארגאסענעם בלוט, ווערט דערטרונקען אין איר אייגענעם בלוט. ער האט דאס לייכט געקאנט אופקלערן די מלוכה פירער און דעם פאלק, ווייל דאס איז דער לאגישער אויספיר און דער היסטארישער פראצעס פון פעלקער. דער נביא האט אבער געוואלט בעסער, אז דאס פאלק זאל אים גלויבן אין נאמען פון זיין שליחות. ער האט געוואלט אויסנוצן די געלעגנהייט און באווייזן דעם קעניג אחז און זיינע ראטגעבער, די גרויסקייט און מעכ־

טיקייט פון גאָט, אַז זיי זאָלן זיך פאַרלאָזן נאָר אויף גאָט און האָבן אין אים דעם גאַנצן בטחון.

און די געשעענישן לויפן איינע נאָך דער אַנדערער. די אַרמייען פון ארם און ישראל האָבן דערקלערט אַ מלחמה צו יהודה. אָפּגעריסן די האפנשטאָט „אילת" זיי גענומען איין אַ גאַנצע ריי שטעט און דערפער און זיי רייסן זיך צו ירושלים.

אחז האָט אין גרויס אייליגניש גענומען פאַרשטאַרקן די פעסטונג פון דער הויפּטשטאָט. ער האָט געוואָלט באַזאָרגן די שטאָט מיט וואַסער פאַר דעם פאַל פון אַ באַלאַגערונג. ווען אחז איז געשטאַנען בײַם גראָבן פון אויבערשטן טייך, בײַם ברעג פון וועשער־פעלד, באַווייזט זיך פאַר אים דער נביא, פירנדיק בײַ דער האַנט זיין יונגן קינד „שאר־ישוב" — אַ סימבאָלישער נאָמען, אַז אַן „איבערבלייבעכץ וועט זיך צוריקקערן" ער שטעלט זיך לעבן וואַסער־גראָבן, וווּ דער קעניג שטייט און הויבט אָן זאָגן זיין נבואה:

„זיי רואיק אחז, האָב ניט קיין מורא, זאָל דיר דיין האַרץ ניט שרעקן פאַר די צוויי רויכערדיקע אָפּגעסמאָליעטע האָלץ־וועשקעס. רצין דער קעניג פון ארם און פקח דער זון פון רמליהו, קעניג פון ישראל. זיי האָבן אויף דיר געטראַכט שלעכטס, זיי האָבן געזאָגט: מיר וועלן אופגיין אויף יהודה און זי באַלאַגערן, מיר וועלן זיך דורכרייסן דורך אירע פעסטונגען און בערג־שטעגן און מיר וועלן זי באַזיגן. מיר וועלן אַרופזעצן אויפן טראָן דעם זון פון טבאל (אַן אָנהענגער פון מצרים). הער וואָס גאָט האָט געזאָגט, עס וועט ניט קומען און עס וועט ניט געשען".

דער נביא וויל אויסנוצן דעם גינסטיקן מאָמענט און מאַכן דעם וואקלדיקן און שוואַך־גלויביקן אחז'ן פאַר אַן אמת'ן גלויביקער אין גאָט און אין זיין מעכטיקייט. דער נביא אַליין איז אַן אַבסאָלוטער גלויביקער אין גאָט. ער זעט אין דעם גאַנצן פּאָליטישן פּלאָנטער אַ ווערק פון גאָט. ער אַליין איז דער שליח פון גאָט, ער פירט אויס די שליחות פון גאָט, גאָט אַליין האָט אים דעמאָלט, בײַ דער וויזיע, געהייסן גיין. אין דער דאָזיקער פעסטקייט און איבערצייגונג זאָגט ער צו אחז'ן:

„אויב דו גלויבסט ניט, בעט דיר אַ צייכן פון דיין גאָט, בעט פון דער טיפעניש (די ערד זאָל זיך פּלוצלינג שפּאַלטן) אָדער בעט פון אויבן, אין דער הויך (די הימלען זאָלן פינצטער ווערן)".

אחז האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרבינדן דעם גורל פון זיין לאַנד מיט אַזאַ אַבסטראַקטקייט ווי גאָט. פאַר אים, דעם אומגלויביקן, איז דאָס ניט קיין שטיצפּונקט. ער האָט זיך זיינע פּלענער „איך וויל ניט פאַרלאַנגען און וועל ניט אויספּרובירן גאָט" האָט אחז געענטפערט גלייכגילטיק. אַחז האָט דעם נביא ניט געפאָלגט און ער האָט אויסגע־פירט זיין פּלאַן. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון בלוט־דורשטיקן שונא — אשור און דערמיט געחתמ'עט דעם גורל פון יהודה. זיך אַריינגעוואָרפן אין פּיסק פון וואָלף און געוואָרט אַף זיין גנאָד, ווען אים וועט זיך פאַרגלוסטן דעם קרבן צו דערווערגן.

דער נביא האָט פּרובירט ריידן צום פאָלק, ער האָט פאַרזוכט צו שאַפן אַ קראַפט, וואָס זאָל זיך קעגנשטעלן קעגן די פּלענער פון אחז'ן. ער האָט גערעדט פאַר אַלעמען:

„אַט וועט דמשק ווערן אויס שטאָט, זי וועט ווערן אַ חור־בה, אַף אייביק פאַרלאָזן. קי און שעפּסן וועלן זיך פּאַשען אין אירע שטעט, און קיינער וועט זיי ניט איבערשרעקן. אין יענעם טאָג וועט אויך פאַראָרעמט ווערן די פּראַכט פון ישראל, און די פעטקייט פון זיין לייב וועט אָפּגעצערט ווערן און דער פיינט וועט זיי צונויפנעמען ווי אַ שניטער קלייבט צו־זאַמען די זאַנגען. נאָר געציילטע וועלן איבערבלייבן, אַזוי ווי עס בלייבן איבער אַ פּאָר איילבירטן אויפן שפּיץ פון אַן אָפּ־געקלאַפּטן בוים. די פעסטונגען פון אפרים וועלן איינגענומען ווערן, קיין מלוכה וועט מער ניט זיין אין דמשק און דער איבערבלייב פון ארם וועט זיין אַזוי ווי די פאַרלאָרענע פּראַכט פון די קינדער ישראל".

קיינער אָבער הערט ניט דעם נביא.

דער נביא ישעיהו איז אַרומגעגאַנגען אַן אומגעברויזטער, אַ פאַרבי־טערטער און אַ פאַרזאָרגטער. עס איז אים ניט געלונגען צו איבערצייגן

אחז'ן, אַז מען מוז האָבן בטחון אין גאָט און גלויבן אין זיין הילף. עס איז אים ניט געלונגען צו שאַפן אַ גרופּע, וואָס זאָל זיך קעגנשטעלן אחז'ן. ניטאָ צו וועמען צו ריידן, אָבער דער נביא ווערט ניט פאַרצווייפלט, ער איז ניט אנטוישט. פאַרקערט, דער דורכפאַל מיט אחז'ן דערמוטיקט אים צו ווייטערע מעשים. דער נביא האָט זיך פאַרלייגט געזונט צו מאַכן דעם יסוד פון פאָלקס־עקזיסטענץ. אויב די איצטיקע געזעלשאַפט טויג ניט, איר יסוד איז צעפוילט, זי האַלט באַם צעפאַלן, דאַרף מען שאַפן אַ נייע, אַ געזונטע געזעלשאַפט, זאָל זיין אַ קליינע, אָבער מיט געזונטע וואָרצלען, זי זאָל זיך שפּעטער קענען צעוואַקסן און ווערן אַ ברייט צעצווייגטער בוים. דער נביא דערווייטערט זיך ביסלעכווייז פון דער געזעלשאַפט און פּאָליטיק און שאַפט אַ שולע פון נביאים. ער גרופּירט אַרום זיך אַ קליינע גרופּע אָנהענגער און טרייע תלמידים וועלכע ער דערציט אין זיין גייסט. ער פאַרלאָזט זיך אויף די דאָזיקע קליינע גרופּע, אַז זיי וועלן איבערנעמען זיינע אידעאַלן און זיין טריי דעם ווילן פון גאָט. אָט די קליינע גרופּע וועט אפשר זיין דער פעסטער שטאַם פון וועלכן עס וועט זיך צעוואַקסן די אומה פון ישראל.

דער נביא לאָזט צונויפנעמען אַלע זיינע רעדעס, די גאַנצע נביאישע טעטיקייט ביז איצט און גיט דאָס דער גרופּע אופצובאַוואָרן פאַר שפּעטערע צייטן.

„פאַרבינדט די דאָקומענטן, פאַרזיגלט די תורה וואָס איך האָב געלערנט, איך וועל האָפן צו גאָט, וואָס האָט פאַרבאָהאַלטן זיין פּנים פון יעקב'ס הויז".

זאָגט אַז דער נביא צו זיינע תלמידים.

אויך אין דעם פּרט איז מקוים געוואָרן די רייד פון נביא. די דאָזיקע קליינע גרופּע תלמידים פון גרויסן רבי, איז שפּעטער געוואָרן דער קוואַל פון וואַנען די פאַרטריבענע פון יהודה, האָבן געשעפּט זייערע נאַציאָנאַלע אידעאַלן. אַ דאַנק די אידעאַלן, וואָס דער נביא האָט איינגעפּלאַנצט אין די הערצער פון זיינע תלמידים, האָט זיך שפּעטער צעפלאַקערט דער נאַציאָנאַלער פייער אין די הערצער פון די גולי בבל, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו ברענען מיט ליבע צו זייער לאַנד, ביזן היינטיקן טאָג.

לאנג האט דער נביא ניט געקענט בלייבן אומטעטיק. ער האט שוין ניט געקענט צוזען ווי אחז איז געווארן צופיל היימיש מיט אשור און איר קולטור. אחז האט זיך שוין געהאט אין גאנצן דערווייטערט פון יידישן לעבן. די קולטן פון אשור האט ער איינגעפירט אין גאטס הויז, גאט פון ישראל האט ער פארגעסן, דאס איז שוין פארן נביא געווען צו פיל.

אין צווישן איז געשען אלץ ווי ער האט פאראויסגעזען. אלע מלו־כות וואס זיינען אופגעשטאנען קעגן אשור זיינען פון איר באזיגט גע־ווארן. אויך מלכות ישראל איז געפאלן א קרבן פון איר אייגענער פאר־פלאנטערטער פאליטיק. די מלוכה האט אשור אונטערגעבראכט. דעם גרעסטן טייל פון די מלוכה אנפירער און אריסטאקראטיע האט דער קע־ניג פון אשור געפאנגען און פארטריבן זיי אין גלות און די טעריטאריע פון ישראל האט ער אנעקסירט פאר אשור.

אין דער צייט איז בא אחז'ן א קינד געבוירן געווארן, דער קליי־נער פרינץ יחזקיהו, וואס איז פון געבורט באשטימט געווארן צו זיין דער טראן־פאלגער. ישעיהו איז אן אייגענער מענטש אין קעניגלעכן הויף. דער קליינער פרינצל איז אים שטארק געפעלן געווען. א ווייל קינד איז דאס געוואקסן. דער נביא גיט אכטונג אף זיין דערציונג. ער העלפט די לערער אים דערציען אין יידישן גייסט. די גאנצע האפענונג לייגט דער נביא אפן פרינץ יחזקיהו. ער זאגט אים פאראויס א גלענצנדיקע צו־קונפט. ער האפט, אז דורך אים וועט יהודה געראטעוועט ווערן, מיט זיין הילף וועט יהודה אויסמיידן די קאטאסטראפע וואס איז געשען מיט מלכות ישראל. דער קליינער פרינץ יחזקיהו איז באם גאנצן פאלק בא־ליבט.

ווידער ווערט דער נביא אפטימיסטיש און פול מיט האפענונג. דער צוקונפטיקער מלך פון יהודה — יחזקיהו וועט שוין דערפילן גאטס ווילן און יהודה וועט אויסמיידן דעם אומגליק פון ישראל.

„אונדז איז א קינד געבוירן געווארן, א זון איז אונדז גע־געבן געווארן, די הערשאפט וועט ליגן אף זיין שולטער, זיין נאמען וועט זיין ווונדערלעכער ראטגעבער, א העלד פון גאט, אן אייביקער פאטער, א האר פון שלום. זיין הערשאפט וועט זיין גרויס, שלום אן א ברעג וועט זיין אין זיין צייט, ער

וועט זיצן אף דוד'ס טראָן, און וועט באַפעסטיקן זיין מלו־
כה מיט משפט און גערעכטיקייט, אייביק וועט זיין זיין מלו־
כה". אין אזא האָפענונגס־פולן טאָן האָט דער נביא גערעדט
וועגן יחזקיהו.

אחז איז געשטאָרבן, יחזקיהו זיצט שוין אפן טראָן פון יהודה.
דער אָפטימיזם פון נביא בנוגע דעם יונגן מלך יחזקיהו ווערט שוואַ־
כער. דער יונגער מלך איז א שוואַכלינג. ער קען ניט האַלטן פעסט אין
זיינע הענט דעם מלוכה רודער. די מצרים פּאַרטיי האָט אופגעהויבן
דעם קאָפּ. מצרים אינטריגירט שוין ווידער קעגן אשור און וויל ניט
אַנדערש, ווי אַריינשלעפּן יהודה אין דער נייער אינטריגע.

דער נביא גייט אַרום אַ פאַראומערטער און אַ באַזאָרגטער. ער זעט
שוין די שוואַרצע כמאַרעס וואָס טראָגן זיך פון ווייטן איבער דעם הימל
פון יהודה.

כאָטש פאַרן לעבן פון אחז'ן איז דער נביא געווען אַ גרויסער קעג־
נער און האָט געקעמפט קעגן דעם, וואָס יהודה וויל זיך אונטערוואַרפן
דער מאַכט פון אשור, איצט אָבער, אַז דאָס איז שוין געשען, איז דער
נביא ערלעך און אויסגעהאַלטן.

**ער קעמפט קעגן דעם, אַז יהודה זאָל ברעכן איר וואָרט און צערייסן
דעם בונט מיט אשור.**

דער נביא זעט אין דעם נייעם קאָמפּלאָט אַ גרויסע צרה פאַר יהו־
דה. דער נביא ווייסט אויסגעצייכנט די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק
פונקט ווי די פּאָליטיק פון זיין לאַנד. ער קען זייער גוט די כאַראַקטעריס־
טיק פון העלדישן קעניג פון אשור. ער זעט, אַז זיגן אין דעם נייעם
קאָמפּלאָט וועט דאָך אשור. ניט אומזיסט איז ער אַרומגעגאַנגען דריי
יאָר נאַקעט און באָרוועס, אַלס סימבאָל, אַז אַזוי וועט אַרומגיין דער
קעניג פון מצרים און דער זיג וועט זיך אָפּרופן קאַטאַסטראָפאַל אפן
לאַנד פון יהודה, אויב זי וועט זיך באַטייליקן אין קאָמפּלאָט.

דער נביא וואַרפט זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער
מלוכה פּאָליטיק. אַ דאַנק זיין איינפלוס אפן יונגן קעניג געלינגט אים
אויסצומיידן, אַז יהודה זאָל זיך אַריינפּלאָנטערן אין דעם שפּינוועבס
וואָס מצרים וועבט. אַ דאַנק די וואַכזאַמקייט פון נביא מיידט אויס

יהודה, וויניקסטנס אף א צייט, די דראַענדיקע קאַטאַסטראָפע.

פינף יאָר זיינען פאַרביי. דער לעגענדאַרער העלד סרגון דער קעניג פון אשור איז געשטאָרבן. זיין טראָן האָט באַשטיגן סנחריב. אין אָנפאַנג האָט עס אויסגעוויזן, אַז דער נייער קעניג וועט ניט קענען אָנהאַלטן די גרויסמאַכט פון אשור. מצרים האָט געהאַט איצט אַ גוטע געלעגנהייט אופצורייצן אַלע קליינע מלוכות, די וואַסאַלן פון אשור קעגן איר. מען האָט ניט דורכגעלאָזט יהודה אויך. פון אַלע זייטן קומען שלוחים אין יהודה, זי זאָל זיך אויך באַטייליקן אין דער מלחמה קעגן אשור. די הויפּטשטאָט, ירושלים איז אופגעשטורעמט. די פּאָליטישע פּאַרטייען אַרבעטן אף אַלע כלים. דער נביא שרייט און וואָרנט, בלייבן רואיק, זיך ניט באַטייליקן אין דער נייער אינטריגע, ער איז קעגן דעם, אַז מען זאָל זיך פאַרבינדן מיט מצרים. ער פּרעדיקט זיין געדאַנק, זיך פאַרלאָזן נאָר אף גאָט און אף זיין הילף.

„מיט רואיקייט און שטילקייט וועט איר געהאָלפן ווערן. בטחון איז אייער גבורה".

שרייט דער נביא, דער גרויסער מאַמין, בא וועמען די אמונה אין גאָט און בטחון אין אים איז אַלץ. אמונה איז דער מקור פון וואַנען די הילף קען קומען. ער קען דאָס ניט פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס פאָלק טראַכט ניט פון דעם און גייט זוכן הילף ערגעץ אַנדערש ניט בא גאָט, אין וועמענס הענט עס געפינען זיך אַלע געשעענישן פון דער וועלט. מיט אַ ביטערע איראָניע שרייט דער נביא און וואָרנט דאָס פאָלק און די מלוכה פירער:

„ווי צו די וואָס לויפן אין מצרים נאָך הילף און פאַרלאָזן זיך אף פערד. צו גאָט פון ישראל ווענדן זיי זיך ניט און בא גאָט זוכן זיי ניט קיין הילף".

דעם נביא'ס פּאָליטישער אני מאמין איז געווען דער אַבסאָלוטער גלויבן אין גאָט. פאַרן נביא איז געווען דער גאַנצער געראַנגל ניט מער ווי אַ מלחמה צווישן ברוטאַלער קראַפט און גייסט, ער איז זיכער, אַז אין אַזאַ געראַנגל מוז דער גייסט זיגן. הערליך דריקט זיך אויס דער נביא איבער דעם:

„מצרים איז אַ מענטש — ניט קיין גאָט,

זייערע פערד זיינען פלייש — ניט קיין גייסט.
ווען גאָט באַווייזט זיין מאַכט,
פאַלט דער העלפער און שלעפּט מיט דעם, וואָס ער
וויל העלפן".

דעם נביא טוט ווי, עס פאַרדריסט אים ביז גאָר, וואָס דאָס פאָלק הערט אים ניט און די מלוכה פירער באַגרייפן ניט זיין גערעכטן שטאַנד־פּונקט. מען איז זיכער אין מצרים'ס הילף און מען קימערט זיך פון גאָרניט. מ'עסט און מען טרינקט און מען איז זיך משמח. דער נביא קלאָגט ביטער און וויינט איבער דעם אומגליק וואָס דערנענטערט זיך.

„קערט זיך אָפּ פון מיר, איך וועל ביטער וויינען, איילט אייך
ניט מיר צו טרייסטן, ווייל איך זע מיין פאָלקס אומגליק".

און דאָס פאָלק לאַכט פון אים, האַלטן אים פאַר אַ פאַנטאַזיאָר. לויט זייער מיינונג, פירן זיי אַ ריכטיקע פּאָליטיק און ער קומט מיט זיינע פאַנטאַזיעס. דאָס פאָלק זאָגט:

„וועמען גייט ער לערנען, וועמען גיט ער צו פאַרשטיין? וואָס
זיינען מיר, אנטוויינטע פון דער מאַמעס מילך, אָקאָרשט
אָפּגעריסענע פון דער ברוסט"?

אָבער דער נביא הערט ניט אויף צו וואָרענען. ער ענטפערט אין נאָמען פון גאָט:

„דאָס איז אָנטגילטיק און גאַנץ באַשטימט, איך וועל ירוש־
לים ענג מאַכן, אַ קלאָג און אַ בראָך וועט זיין".

דער נביא זעט, אַז צוליב דער פאַלשער פּאָליטיק, צוליב פעלן פון בטחון און גלויבן אין גאָט, גייט יהודה אונטער, אשור וועט ברענגען אומגליק אויף יהודה און ער איז ניט אומשטאַנד דאָס צו פאַרמיידן.

און גערעכט איז געווען דער נביא. אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזן ווי ער האָט פאָרויסגעזען. אשור איז אַ שטראָף רוט אין די הענט פון גאָט און מיט דער שטראָף־רוט האָט גאָט באַשטראָפט די וואָס האָבן אין אים ניט געגלויבט. דער נייער קעניג פון אשור, נאָכדעם ווי ער האָט איינגעשטילט די רעוואָלטן, האָט ער זיך געלאָזט אויף יהודה, אָפּגעריסן פון איר שטיקער און באַדראָט ירושלים.

צו שפּעט האָט זיך אָרומגעזען יחזקיהו, אַז ער איז באַגאַנגען אַ

טעות. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר סנחריב׳ס אַרמייען און הכנעה׳דיק געבעטן בא סנחריב׳ן גנאָד. אַ גרויס פאַרמעגן פון גאָלד, זילבער און טייערע שטיינער האָט יחזקיהו אים געשיקט און סנחריב האָט זיך דערמיט ניט באַגנוגנט, ניט אַנדערש, אַז ער מוז אים עפענען די טויערן פון ירושלים, האָט ער געוואָלט.

יחזקיהו, אַ פאַרצווייפלטער, אַ פאַרלאָרענער און אַן אומבאַהאָלפענער האָט שוין דאָס אויך געוואָלט נאָכגעבן, ווען ניט דער נביא, וואָס האָט אים אין זיין פאַרצווייפלונג געשטיצט און געמוטיקט, ער זאָל דאָס ניט טאָן.

דאָ האָט דער נביא ווידער געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצווייזן זיין פּאָליטישן זשעני. מיט זיין שאַרפן פּאָליטישן חוש, מיט זיין אויסעראָרדנטלעכער אָריענטאַציע און קלאָרן בליק, האָט ער געזען, אַז צו אשור׳ס גדולה מוז שוין נעמען אַ סוף. זי האָט שוין דערגרייכט דעם קלימאַקס פון איר גרויסקייט און זי מוז שוין זיך קייקלען אַף אַראָפּ. אשור איז נאָר אַן אינסטרומענט אין די הענט פון גאָט, וואָס באַוועגט דעם שווערן ראָד פון דער וועלט געשיכטע. אשור איז געווען אַ שטראָףרוט אין זיינע הענט. זי האָט שוין אָבער אָפּגעטאָן איר אַרבעט. זי האָט שוין באַשטראָפט מלכות ישראל, די זינדיקע און אָפּטריניקע, באַשטראָפט די אַנדערע פעלקער, שונאים פון יידישן פאָלק, געגנוג באַשטראָפט אַפילו מלכות יהודה אויך. אין הסכם מיט דעם וועלט-געשיכטלעכן פּראָצעס מוז זי שוין אַליין באַשטראָפט ווערן.

דער נביא זעט שוין אפילו פונוואַנען די שטראָף וועט קומען. ער זעט וואָס אין אשור קומט פאָר. דאָרטן, הינטער דעם רוקן פון סנחריב, איז ניט גלאַטיק. זיינע אייגענע מענטשן בונטעווען קעגן אים. אין פאָדער־אזיע קומט אוף איצט אַ מאַכט, בבל, דער היסטאָרישער שונא פון אשור קריצט מיט די ציין אַף אים, עס מוז קומען אַף אשור די מפּלה. בבל וועט שוין איצט ווערן די שטראָף־רוט אין די הענט פון גאָט. דער קעניג, וואָס איז געזעסן ביז איצט אפן טראָן פון בבל מיט דער אונטערשטיצונג פון אשור איז שוין אַראָפּגעזעצט. אפן טראָן דאָרטן זיצט איצט אַ העלד און אַ מוטיקער גבור, מראדך בלאדן. ער פאַרטראָגט ניט קיין אונטערטעניקייט. ער וועט זיין דער וואָס וועט אַרונטערוואַרפן אשור

פון איר גדולה. אשור וועט אפגעווישט ווערן פון אויבערפלאך. זי איז א רוט וואס האט שוין אפגעטאן איר ארבעט און מען ווארפט זי שוין אוועק.

דער נביא געפינט שוין ווידער מיט וואס צו טרייסטן זיין פאלק. כאטש ער האט פארויסגעזאגט איר ביטערן סוף, אבער יהודה איז זיין געליבט פאטערלאנד, ישראל איז זיין ליב פאלק און ער מוז אנפילן זייער הארץ מיט האפענונג.

„ער וועט ניט אריינקומען אין דער דאזיקער שטאט און ער וועט ניט אריינשיסן אין איר קיין פייל. איך וועל באשיצן די שטאט, איך וועל איר העלפן צוליב מיין קנעכט דוד."

דער נביא חזרט איבער זיינע רייד צום וויפלטן מאל, אז אלץ ווערט געפלאנט פון גאט און ס'איז ניטא וואס זיך צו שרעקן:

„געשווארן האט גאט פון די חיילות אזוי צו זאגן: ווי איך האב עס פארטראכט, אזוי וועט געשען און אזוי ווי איך האב געפלאנעוועט, אזוי וועט דאס בלייבן. אשור וועט צעבראכן ווערן אין מיין לאנד און אף מיינע בערג וועל איך אים צע־טרעטן. און עס וועט אראפ פון אים זיין יאך און זיין לאסט פון זיין אקסל. דאס איז דער פלאן, וואס איז געפלאנעוועט געווארן אף דער גאנצער וועלט. דער גאט פון די חיילות האט עס געפלאנעוועט און ווער קען עס פארשטערן? זיין האנט איז אויסגעשטרעקט און ווער קען זי אפהאלטן?"

„און אשור וועט פאלן דורך דער שווערד פון ניט קיין מאן, און א שווערד פון ניט קיין מענטש וועט אים פארלענדן. א־זוי זאגט גאט, וואס האט אנגעגרייט א פייער אין ציון צו פארברענען זיינע פיינט און א ברענענדיקן אויוון אין ירוש־לים צו פארצערן זיינע שונאים".

אזוי איז געשען ווי דער נביא האט פארויסגעזען. דערמוטיקט פון נביא'ס רייד האט יחזקיהו זיך אפגעזאגט צו עפענען די טויערן פון ירוש־לים. ווען סנחריב האט שוין געוואלט אנגרייפן די שטאט, האט ער פלוצלינג דערהאלטן א נאכריכט, אז אין זיין הויפטשטאט איז עפעס ניט רואיק. ער האט זיך געמוזט אומקערן צו זיין לאנד, קומענדיק דארטן

האבן אום זיינע אייגענע קינדער הערגעמאָרדעט. אין דער ארמיי וואס ער האט געלאזן לעבן ירושלים איז אויך פלוצלינג אויסגעבראכן א פעסט און אין איין נאכט זיינען אומגעקומען הונדערט אכציק טויזנט פון זיינע חיילות.

אזוי האט דער נביא געראטעוועט אף א זעלכע הונדערט יאר די עקזיסטענץ פון מלכות יהודה. ניט נאר דאס לאנד אליין האט ער געראטעוועט. מיט זיין שארפן חוש און נביאישע אינטואיציע האט ער אויך געראטעוועט דאס גאנצע יידנטום פון אונטערגאנג.

דער נס וואס איז געשען מיט ירושלים און די פארויסזאגעכצן פון נביא האט האך באווויגן דאס פאלק פון יהודה זיך אריינצוטראכטן אין זיינע רייד. יחזקיהו האט אריינגעבראכט געוויסע רעפארמען אין רעליגיעזן לעבן. ארום דעם מלך האבן זיך גרופירט א גרופע אינטעליגענטן און געלערנטע, וואס האבן געזאמלט און אפגעהיט א סך פון די גייסטיקע שאפונגען אין יענער צייט. צוזאמען מיט דער גרופע יונגע נביאים, וואס ישעיהו האט דערצויגן, זיינען די דאזיקע שאפונגען פארבאהאלטן געווארן. די דאזיקע ווערטפולע אוצרות האבן פיל מיטגעהאלפן אין די שפעטערדיקע צייטן, ווען יהודה איז אונטערגעגאנגען און מען איז אוועק אין גלות, אויסצוקריסטאליזירן די ריינע יידישע קולטור, אופצוהאלטן די מסורה, אופצוהאלטן די טראדיציע און אויספארמירן א ריינע יידישקייט. דאס איז געווען דער אנשפאר־פונקט פאר די פארטריבענע אין גלות, אויסצווארעמען אין זייערע הערצער די ליבע צום לאנד פון זייערע אבות. דערפון די טיפע בענקשאפט צו שיבת ציון און די שטרעבונג צו נצח ישראל

דער נביא איז אלט געווארן. ער האט געגעבן א בליק אף צוריק, באטראכט דעם האלבן יארהונדערט אין וועלכן ער האט געווירקט אלס נביא. אליין האט זיך אויסגעלאזן ווי ער האט עס דערפילט מיט זיין נביאישער אינטואיציע, אין איין זאך האט ער א טעות געהאט — אין מלך יחזקיהו. די האפענונג וואס ער האט אמאל אף אים געלייגט איז ניט מקוים געווארן. דאס איז ניט דער מלך וואס זאל אופבויען אן אידעאלן שטאט, דאס איז ניט דער „קעניג פון פרידן אן א ברעג".

דער נביא גיט אן איבערבליק איבער אלע זיינע געדאנקען וואס ער־

האט ארויסגעזאגט אין משך פון זיין ווירקונגס־צייט, ער ברייטערט אויס די האריזאנטן פון זיין נבואה. ער זעט, אז אין משך פון דער צייט זיינען מלכים אויפגעשטאנען און געפאלן. מלכים זיינען דערמארדעט געווארן און אנדערע האבן פארכאפט זייערע טראנען. מלוכות האבן זיך געבויט און פארשוואונדן פון אויבערפלעך. סטיכישע כוחות האבן זיך באוויזן אין דער פאליטישער וועלט און ווידער ניטא מער. ניטא קיין אייביקייט פאר די אלע כוחות־דערשיינונגען. אייביקייט איז נאר גאט, זיין כוח, זיין מאכט, זיין הייליקייט, בלייבן אייביק. ער דערמאנט זיך, וואס ער האט אמאל געזאגט: „ריכטיק, אלע באשעפענישן זיינען ווי גראז, אלע זייערע גנאדן ווי א פעלד־פלאנץ, נאר גאטס ווארט בלייבט אייביק."

דער נביא לאזט הורך אין זיין געדאנק אלץ וואס ער האט אמאל געפריידיקט און געדענקט און באשטעטיקט נאכאמאל, אז די ברוטאלע כוחות אף דער וועלט זיינען נאך פארבייגייענדיק, זיי האלטן ניט לאנג. יהודה'ס צוקונפט קען ניט געבויט ווערן אף א כוח פון מענטשן. יהודה קען נאר עקזיסטירן אין דער צוקונפט אנשפארנדיק זיך אף א שטארקן נאציאנאלן אידעאל און גייסטיקע שטאנדהאפטיקייט.

אין דער ריכטונג קאנצענטרירט דער נביא זיין נביאות קראפט און געזעלשאפטלעכע ווירקונג אין ירושלים. ער פירט א ברייטע געזעלשאפטלעך־דערציערישע פראפאגאנדע. ער וויל לייגן דעם גרונטשטיין פאר א נייעם שטאט. א שטאט וואס זאל ניט זיין געשטיצט אפן ברוטאלן כוח, נאר אפן גייסטיקן כוח. און דאס איז פארן נביא ניט קיין אבסטראקטע זאך. ווען די געזעלשאפט וועט דערצויגן ווערן צו גאט־דערקענטעניש, ווען די גרויסקייט און הייליקייט פון גאט וועט אריינדרינגען אין דער מענטשהייט, וועט די מענטשהייט זיך דערהויבן צו די העכסטע אידעאלן. זי וועט דעמאלט דערגרייכן צו דער מאכט פון גייסט, ממילא וועט פארשווינדן בא דער מענטשהייט הער דראנג צו טאן שלעכטס איינער דעם אנדערן, עס וועט זיך איינשטעלן א געזעלשאפט פון ברידערלעכקייט און פריינטלעכקייט, גלייכקייט און אייביקער פרידן.

פארן נביא איז דער דאזיקער געדאנק אבסאלוט ניט קיין אוטאפיע

און ניט קיין משיחישער חלום. דער געדאנק איז בא אים א רעאליטעט, וואס מוז קומען און, אז דאס וועט קומען נאר פון ירושלים, איז פאר אים אויך קלאר. די וויזיע פון גאטס גרויסקייט און פרעכטיקייט האט ער דאך געזען אין גאטס הויז, אפן בארג ציון, אין ירושלים. עס דארף נאר זיין דער מאן, וואס זאל פארווירקלעכן דעם אידעאל. נאטירלעך, אז אזא מאן קען נאר זיין איינער פון דוד׳ס הויז. נאר א מאן פון דוד׳ס הויז קען דערגרייכן צום העכסטן שטאפל פון גאט-דערקענטעניש און דער-מאלט איז דאס א ווירקלעכקייט.

אין א הערלעכן בילד אנטוויקלט דער נביא דעם דאזיקן געדאנק:

„און עס וועט זיין אין דעם סוף פון די טעג,
גאטס בארג וועט שטיין פעסט, אויבנאן פון די בערג,
און וועט דערהויבן ווערן איבער אלע הויכע ערטער.
און אלע פעלקער וועלן צו אים שטראמען,
און פיל אומות וועלן גיין און זאגן:
קומט, לאמיר אופגיין צום בארג פון גאט,
צו דעם הויז פון יעקב,
זאל ער אונדז ווייזן זיינע וועגן,
ווארים פון ציון וועט ארויס די תורה,
און גאטסווארט פון ירושלים,
ער וועט משפט׳ן צווישן פעלקער,
אנטשיידן צווישן אומות,
און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אף
אקעראייזנס,
און זייערע שפיזן אף שנייד-מעסערס.
א פאלק קעגן א פאלק וועט ניט הויבן קיין שווערד,
און מען וועט ניט מער לערנען קיין מלחמות.

און ציענדיק ווייטער דעם פאדים פון דעם געדאנק, קומט דער נביא צום אויספיר, אז אזא מלוכה קען אנפירן נאר אן אידעאלער מלך, וואס וועט זיך דערהויבן צו גאט-דערקענטעניש און זיין דורכגעדרונגען מיט גייסטיקייט און דערהויבנקייט, אזא מלך קען קומען נאר פון דוד׳ס הויז, ווייל נאר א מלך פון דוד׳ס הויז קען האבן א געטלעכע קראפט צו

הערשן ניט מיט כוח נאָר מיט גייסט. אַזאַ מלך וועט דערציִען דאָס פאָלק צו גאָט־דערקענטעניש, וואָס עס מיינט: גערעכטיקייט, אמת, יושר, ברי־דערלעכקייט און שלום אַן אַ ברעג.

דאָס זיינען די וווּנדערלעכע ווערטער פון נביא ישעיהו. אין מיטן אַ וועלט וואָס איז געווען פאַרטרונקען אין בלוט, אין רציחה, אין רויב און מאָרד, האָט זיך דערהויבן דער נביא אין דער קליינער יהודה און געמאָלט בילדער פון אייביקן פרידן, פון גערעכטיקייט און גלייכקייט פאַר גאָר דער מענטשהייט. דאָס איז דער הייליקער אידעאַל פון פאָלק ישראל, ס'איז די גרויסקייט צו וועלכער דער נביא האָט דערהויבן דאָס פאָלק פון ישראל, דאָס איז דער הויכער נאַציאָנאַלער אידעאַל פון יידישן פאָלק, וואָס פאַרבינדט אים אויף אייביקע אייביקייטן צום באַרג ציון און צום הייליקן לאַנד פון זיינע אבות. צו אַזאַ הויכן אידעאַל האָבן געקענט דער־גרייכן נאָר די יידישע נביאים.

מיט פאָלגנדיקע העלע פאַרבן מאָלט דער נביא פאַר אונדז דעם בילד פון אַזאַ אידעאַלן מלך:

„און אַ ריטל וועט אַרויס פון דעם שטאַם פון ישי,
און אַ צווייג פון זיינע וואָרצלען וועט שפּראָצן,
און רוען וועט אויף אים גאָטס גייסט,
דער גייסט פון חכמה און פאַרשטענדעניש,
דער גייסט פון עצה און גבורה,
דער גייסט פון דענקען און גאָטס־פאַרכטיקייט,
ניט נאָך דער זעונג פון זיינע אויגן וועט ער משפּט'ן,
ניט נאָך די הערונג פון זיינע אויערן וועט ער אַנטשיידן,
נאָר ער וועט משפּט'ן מיט גערעכטיקייט די אָרימע,
אַנטשיידן מיט יושר די געדריקטע,
ער וועט שלאָגן דאָס לאַנד מיטן רוט פון זיין מויל
מיטן אָטעם פון זיינע ליפּן וועט ער טויטן דעם רשע,
גערעכטיקייט וועט זיין דער גאַרטל פון זיינע לענדן,
טריַיקייט — דער גאַרטל פון זיינע דיכן,

אַ וואָלף מיט אַ שעפּס וועלן הויזן צוזאַמען,
אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע וועלן הויערן,
און אַ קאַלב, אַ יונג לייב און אַ פעט רינד איניינעם,
און אַ קליין יינגעלע וועט זיי פירן,
און אַ קו מיט אַ בער וועלן זיך פיטערן,
איניינעם וועלן הויערן זייערע יונגע,
און אַ לייב ווי אַ רינד וועט עסן שטרוי,
און אַ זויג קינד וועט זיך שפּילן אפן נעסט פון
אַ שלאַנג,
און אַף דער נאָרע פון אַ גיפטיקער שלאַנג,
וועט אַן אַנטוווינט קינד לעגן זיין האַנט,
זיי וועלן ניט שלעכטס טאָן און ניט פאַרדאַרבן,
אַף מיין גאַנצן הייליקן באַרג,

ווייל די ערד וועט זיין פול מיט גאָט־דערקענטעניש,
ווי די וואַסערן וואָס באַדעקן דעם גרונט פון ים".

---

אינטערעציענדיק אַ סך הכל אונטער די נביאות פון ישעיהו הנביא, דערזעען מיר זיין געשטאַלט אין זיין פולן גרויס. ער איז דער געניאַלס־טער צווישן די נביאים, זיין נאַציאָנאַלער באַנעם איז ריזיק גרויס, זיי׳ן מאָנאָטעאיסטישער וועלט־באַנעם איז גוואַלדיק טיף און ווייט. ער האָט אויסגעברייטערט און פאַרטיפט דעם רעליגיעז־עטישן באַגריף. ער איז אבסאָלוט אין זיין גלויבן אין גאָט, ער נעגירט יעדער קערפּערלעכן כוח אַף דער וועלט. פאַר אים עקזיסטירט נאָר איין קראַפט — דער גייס־טיקער כוח. ארויסגייענדיק פון דער הנחה, איז צו אים קיין גלייכן ניטאָ צווישן די נביאים.

ישעיהו הנביא איז מורא׳דיק גרויס אין זיין גאָט באַנעם. די הייר־ליקייט און פּרעכטיקייט פון גאָט, איז פאַר אים דער צענטראַלער פּונקט אין לעבן. אין קעגנזאַץ צו אַנדערע נביאים, וואָס האָבן געזען גאָט אין

דער נאַטור, זעט ער גאָט איבער דער נאַטור. אין יעדער נאַטור דער־שיינונג זעט ער די אַנטפּלעקונג פון גאָטס כבוד און זיין פּרעכטיקייט. פאַר אים איז ניטאָ קיין היסטאָרישע געשעעניש, קיין פּאָליטישע אַקציע, קיין פּריוואַטע איבערלעבונג, וואָס זאָל געטאָן ווערן אַן גאָטס ווילן. די אמונה און בטחון אין גאָט איז פאַר אים די באַזע פון יידישער עקזיסטענץ און פאַרבינדט דערמיט די עקזיסטענץ פון אַ יידישער מלוכה.

גרויס איז געווען זיין גלויבן אין יידישער אייביקייט און אין דער דער אייביקייט פון ציון. די נשמה פון דער אייביקייט איז פאַר אים — ירושלים. ער איז וווּנדערבאַר מיט זיין שפּראַך עלעגאַנץ און סטיל. זיין שפּראַך איז די לעבעדיקסטע פון אַלע נביאים. זיינע אויסדרוקן און טערמינען וואָס ער באַנוצט זיינען נאָך היינט ליטעראַרישע פּערל.

נאָך היינט, אַריבער צוויי מיט אַ האַלב טויזנט יאָר, קלינגט זיין אַליין אַ שטאָטישער מענטש, דערצויגן און געוואַקסן אין שטאָטי־שער ציוויליזאַציע, זיינען זיינע נאַטור־בילדער וואָס ער שילדערט פון דאָרף, פון פעלד, פון וויינגאָרטן, פון וואַלד און וואַסער, די פולפאַרביקס־טע און הערלעכסטע אין דער ליטעראַטור פון יענער צייט.
שטים אין די אויערן פון דער גאַנצער מענטשהייט, די קלאַנגען פון זיין מעכטיקער שטים זיינען שטאַרקער און שענער פון יעדער מוזיק מעלאָדיע. זיין לײדנשאַפטלעכער רוף צו גערעכטיקייט, צו פּאָזיטיווע מעשים אין יידישן לעבן, זיינען נאָך היינט פריש און צאַפּלדיק, גלייך ווי ער וואָלט דאָס היינט געזאָגט.

ישעיהו הנביא איז דער גרעסטער נביא און אַנזאָגער פון אַ נייער, גאָלדענער און גליקלעכער תקופה פאַר דער מענטשהייט. ער איז דער וווּנדערבאַרסטער טרוימער פון אַן אידעאַלער, גייסטיק־דערהויבענער צו־קונפט פון גאַר דער וועלט." צו זיינע אופריכטיקע סאָציאַלע אידעאַלן און באַגערן, איז קיין גלייכן ניטאָ.

זיין אָנזאָג פון אַ ליכטיקער צוקונפט, פון ברידערלעכקייט און גלייכ־קייט, פון פרידן און גליק, לייכט ווי אַ ליכטיקער שטערן פאַר דער מענטשהייט. אין די פינצטערסטע און טרויעריקסטע עפּאָכעס, וואָס די מענטשהייט האָט איבערגעלעבט, באַזונדערס מיר יידן, האָט די מענטש־הייט געפונען טרייסט און די הערצער זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט האָ־

פענונג אין די רייד פון דעם נביא־אַנזאָגער. פאַר אונדז יידן האָבן זיי־
נע ווערטער געוועקט אין אונדזער האַרצן דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און
די בענקשאַפט צו אונדזער לאַנד. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי
אַזוי דער נאַציאָנאַלער אידעאַל וואָלט זיך בא אונדז אויסגעוואָרעמט,
ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט בא אונדז די וואונדערבאַרע רייד פון דעם
גרויסן נאַציאָנאַלן נביא.

דער פראַנצויזישער היסטאָריקער רענאַן זאָגט: ישעיהו איז געווען
דער גרעסטער זשעניע פון אַ ראַסע פון גיגאַנטן. ער האָט ניט פאָרמירט
די אידייעס פון יידנטום, ער איז ניט געווען זיין דערפינדער, ער איז
אָבער געווען זיין קלאַסישער זשעני. די סעמיטישע שפּראַך האָט דורך
אים דערגרייכט איר העכסטן אויסדרוק. זיין סטיל איז די פולקאָמענהייט
אַליין. אידייען און ווערטער שטייגן בא אים ביז צו דער העכסטער
הויך פון זייער צערטלעכקייט. העכער פון אים איז ניטאָ וואוהין צו
שטייגן. ווען מען נעמט אין באַטראַכט זיין פאַנטאַזיע, פּאַטאָס און
שוואונג, האָט מען פאַר זיך איינעם פון די גרעסטע וואָרט קינסטלער פון
דער וועלט־ליטעראַטור.

# די נביאים: מיכה, עובדיה,
# חבקוק, צפניה, נחום און יונה

# מיכה הנביא

מיכה הנביא האָט געלעבט אין איין צייט מיט די גרויסע נביאים הושע און ישעיהו, דאָס הייסט, אין דער צייט ווען עס האָט געהערשט איבער מלכות יהודה די מלכים: יותם, אחז און יחזקיהו. אַלס נביא האָט ער געווירקט אין יהודה און געהערט צו דער גרופּע גרויסע פּאָ־ליטישע נביאים. כאָטש אין זיין נבואה איז ניט צו מערקן דעם גרויסן נאַציאָנאַל־פּאָליטישן שוווּנג ווי באַם נביא ישעיהו, פילט מען דאָך די השפּעה פון ישעיהו אין זיינע נבואות.

דער מצב אין מלכות יהודה איז אין יענער צייט געווען אַ קרי־טישער. פון איין זייט איז די פּאָליטיק אין מלכות יהודה געווען זייער וואַקלדיק, ניט סטאַביל. די צוויי גרויסע מלוכות, אשור און מצרים, וואָס זיינען געלעגן פון ביידע זייטן יהודה, האָבן געפירט צווישן זיך אַ קאָנ־קורענץ־קאַמף. ביידע מלוכות האָבן געוואָלט האָבן די העגעמאָניע אי־בער די מלוכות פון מזרח, וואָס זיינען געלעגן באַ די ברעגעס פון מיט־לענדישן ים. מיט פאַרשיידענע מיטלען, האָבן זיי געזוכט אַריינצוקריגן אין זייער פּאָליטישער ספערע די קליינע מלוכה׳לעך פון פּאָדער־אַזיע. מצרים האָט געאַרבעט מעשים כדי צו אָרגאַניזירן אופשטאַנדן און רעוואָ־לוציעס אין די לענדער, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפן אָדער צוגע־שטאַנען צו אשור.

מלכות יהודה, אַלס איינע פון די באַדייטנדיקע מלוכות באַם מיט־לענדישן ים, האָט אויך געליטן פון דעם קאַמף וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן אשור און מצרים. ירושלים איז געוואָרן אַ נעסט פון פּאָליטישע אינטריגעס. צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן זיך אויספאָרמירט אין יע־נער צייט אין יהודה. איין פּאַרטיי האָט געצויגן דעם פּאָליטישן וואָגן צו אשור און אַ צווייטע פּאַרטיי האָט אים געשלעפּט צו מצרים. ביידע פּאַרטייען האָבן געקעמפט צווישן זיך. יעדע פון זיי האָט געוואָלט אויס־איבן איר השפּעה אפן קעניגלעכן הויף צו פירן די פּאָליטיק נאָך איר ווילן.

אין אַ געוויסער צייט, נאָך דעם טויט פון סרגון, מלך אשור, איז דער פּאָליטישער וואָגשאָל פון אשור שטאַרק געזונקען אויף אַראָפּ און מצרים האָט זיך אַ הויב געטאָן אין דער הויך. אין די לענדער אונטער דער השפּעה פון אשור, מיט דער מיטווירקונג פון מצרים, זיינען אויס־געבראָכן אופשטאַנדן און רעוואָלוציעס קעגן אשור. יחזקיהו, דער מלך פון יהודה איז אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער מצרים־פּאַרטיי אין זיין לאַנד און זיך געשטעלט אין שפּיץ פון די מלו־כות, וואָס האָבן געהאַלטן אין רעוואָלטירן קעגן אשור. ניט לאַנג האָט אָזוי אָנגעהאַלטן. דער פּאָליטישער וואָגשאָל פון אשור האָט ווידער גע־נומען גיין אין דער הויך. סרגון׳ס נאָכפאָלגער, סנחריב האָט איינגע־שטילט אַלע רעוואָלטן און אויף זיין טיראַנישן שטייגער זיך גענומען אָפּ־רעכענען מיט די קליינע מלוכות. סנחריב האָט אויך ניט געשאָנעוועט די קליינע יהודה. אַ גרויסע צאָל שטעט און דערפער האָט ער דעראָבערט אין יהודה און האָט שוין געדראָט די הויפּטשטאָט ירושלים.

אין דעם קריטישן מאָמענט, האָט דער נביא ישעיהו, איינער פון די גרעסטע פּאָליטישע נביאים אין יהודה, וואָס איז געשטאַנען זייער נאָנט צום קעניגלעכן הויף, זיך אַריינגעמישט אין דער מלוכה פּאָליטיק. מיט זיין גרויסן אויטאָריטעט, מיט זיין פּאָליטישע אָריענטאַציע און באַ־גאַבטקייט, האָט ער פאָרמירט אַ פּאַרטיי פון שלום, זיך קעגנגעשטעלט דעם פּאָליטישן שטראָם, וואָס האָט געשטראָמט קיין מצרים, איינגעשטילט די רעוואָלט־מאַכער אין יהודה און אויף אַ שטיק צייט געראַטעוועט די לאַגע.

דער סאָציאַלער מצב אין מלכות יהודה איז אויך געווען זייער און זייער קריטיש. דער פונדאַמענט פון דער סאָציאַלער גערעכטיקייט איז גע־ווען אונטערגעגראָבן ביז צום וואָרצל. די געזעלשאַפט איז געווען קאָ־רומפּירט. די העכערע שיכטן פון פאָלק, די אַריסטאָקראַטיע, הויכע רע־גירונגס־באַאַמטע און סתם גבירים האָבן זיך געבאָדן אין לוקסוס און פאַרגעניגן. שיכרות, הולטייסטווע און אויסגעלאַסנקייט איז געווען דער יסוד פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. די ווינטן אין יהודה׳ס לעבן האָבן גע־נומען בלאָזן אין דערזעלביקער ריכטונג ווי אין מלכות ישראל, אין די צייטן פון ירבעם דעם צווייטן. קאָרופּציע און געמיינקייט האָט זיך איינ־

געוואַרצלט אין יהודה, באַזונדערס נאָכדעם ווי עוזיהו האָט דעראָבערט פאַר יהודה דעם האַפן „אילת". צווישן די מלוכות באַם מיטלענדישן ים און די פון רויטן ים האָט זיך אַנטוויקלט אַ מסחר. יהודה איז רייך געוואָרן פון דעם מסחר. ווי אין דער גאַנצער וועלט קאָנצענטרירט זיך די רייכקייט אין געציילטע הענט, האָט זיך אויך אין יהודה קאָנצענטרירט די רייכקייט אין די הענט פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע און די וואָס שטייען נאָנט באַם מלוכה רודער. זיי זיינען געוואָרן די געלט מאַגנאַטן און תקיפים, בשעת די נידעריקערע שיכטן זיינען געבליבן פאַראָרעמט און פאַרשקלאַפט.

נאָך מער, מיט דעם אופשטייג פון מסחר און וווקס פון רייכקייט, זיינען אויך געשטיגן די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט און עס זיינען געוואַקסן די סאָציאַלע סתירות אין יהודה. די נידעריקע פאָלקס־שיכטן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקספּלאָטאַציע מאַטעריאַל פאַר די רייכע. מען האָט געזויגן דאָס בלוט פון די אָרימע. מען האָט געדריקט די אַרבעטער, גערויבט און באַשווינדלט די פאָלקס־מאַסע. ווי דער נביא דריקט זיך בוכשטעבלעך אויס:

„די וואָס עסן דאָס פלייש פון מיין פאָלק און שינדן פון אים די הויט. עס איז פאַרשוווּנדן די גערעכטיקייט אין דער געזעלשאַפט פון יהודה., און קיין שפור פון יושר איז ניט געבליבן בא זיי."

אין די העכערע גייסטיקע קרייזן האָט דאָס אויך בעסער ניט אויסגעזען. די גייסטלעכע האָבן אויך פאַרוואַנדלט זייער הויכן באַרוף און אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע אין אַ מיטל, וואָס מער אויסצוקוועטשן מאַטעריעלע נוצן פון דער געהאַרכזאַמער פאָלקס־מאַסע און וואָס מער מאָרך אויסזייגן פון זייערע ביינער. דער רעליגיעזער מצב איז געזונקען צוליב דעם זייער נידעריק. די כהנים האָבן זיך ניט געקימערט צו דערציען גייסטיק דאָס פאָלק און ברענגען זיי צו אַ העכערן קולטורעלן ניוואָ. זיי האָבן קאָרומפּירט דעם משפט און די דינים. פאַר געלט האָבן זיי געטאָן, וואָס מען האָט זיי געבעטן. ריכטיק דריקט זיך אויס דער נביא איבער די גייסטיקע פירער:

„אירע כהנים משפט'ן פאר געלט און אירע נביאים זאגן פאר־
רוים פאר זילבער".

צוליב מאטיוון פון מסחר האבן די סוחרים פון יהודה געמוזט שטיין אין נאנטע באציאונגען מיט די סוחרים פון אשור, צידון, ארם, מצרים און אנדערע לענדער. צוזאמען מיט די סחורות וואס זיינען אריינגעפירט געווארן אין יהודה פון יענע לענדער איז ביסלעכווייז אויך אריינגעפירט געווארן די קולטורן פון די לענדער. דער ריינער יידישער גייסט, דער אידעאל פון אורשפרינגלעכן יידישן לעבן, די פשטות, עטיק, ריינקייט איז פארוקט געווארן אן א זייט. אין פאדערגרונט פון געזעל־שאפטלעכן לעבן איז געשטאנען דער אידעאל פון זאמלען געלד און זיל־בער. די פרעמדע לעבנס־שטייגערן האבן ארויסגעשטויסן פון יהודה'ס געזעלשאפט די יידישע פרינציפן פון רעליגיע און עטיק. אונטער די דא־זיקע אומשטענדן האט דער געזעלשאפטלעכער לעבן זיך געקייקלט, בארג אראפ. אין דער צייט איז דערשינען דער נביא מיכה.

מיכה הנביא שטאמט פון אן ארימער פויערישער פאמיליע, וואס האט געלעבט אין דארף מורשה, ניט ווייט פון דער גרענעץ מיט פלשתים־לאנד. די פאמיליע איז געווען ניט קיין מיוחס'דיקע אבער אן ארבעטס־זאמע. זי האט באארבעט איר קליינע נחלה און דערפון געצויגן איר חיונה.

פארברענגענדיק זיין יוגנט אין דארף, אף דער פרייער נאטור, ווייט פון דער שטאטישער ציוויליזאציע, האט ער אין זיך איינגעזאפט די דאר־פישע איינפאכקייט, די ברידערלעכקייט, יושר, אמת און גערעכטיקייט. וואס ער האט נאך געהערשט אין דער דארפישער סביבה, נאך פון אלטע צייטן און אף וואס ער האט זיך באזירט דער דארפישער לעבן.

באשאנקען פון דער נאטור מיט א פילנדיק הארץ, מיט א טיפן געפיל און א שארפן בליק פון א באאבאכטער, האט ער, אין די לאנגע איינזאמע אוונטן, פיל נאכגעטראכט איבער די אקטועלע לאגע פון די דארפס־איינוווינער, ארבעטער און פויערים און האט דאס פארגליכן מיט דעם לעבן פון די שטאטישע לײדיקגייער.

ווי עס שיינט איז אף אן אומבאקאנטן אופן געקומען אין זיין האנט א פראגמענט פון ישעיהו'ס נבואה, וועלכער האט געווירקט אין ירושלים.

אין דעם פראַגמענט האָט ער געליִיענט פון דעם שטאָטישן לעבן, וואָס פּאַרא פאַרדאָרבנקייט און געמיינקייט עס הערשט אין שטאָט, ווי די רייכע מאַגנאַטן איזדיעקעווען זיך איבער די אָרימע. ער האָט געזען, אַז די שטאָט איז פול מיט גזילה און רציחה, אַ נעסט פון פּאָליטישע אינ־טריגאַנטן איז די שטאָט. מילא פּאָליטיק, — אין דעם פאַרשטייט ער זיך ווייניק, ער קען ניט זאָגן אויב ישעיהו איז געווען גערעכט אָדער אומ־גערעכט מיט זיין פּאָליטישער ליניע, אָבער איבער די שטאָטישע אומ־גערעכטיקייט זעט ער, אַז ישעיהו איז גערעכט און דאָס איז אים אַריין טיף אין געדאַנק.

אָט צום ביישפּיל זעט ער זיין געגנט, זיין דאָרף און די דערביי־איקע דערפלעך. אַ געגנט אַ פרוכטבאַרע, פעטע פעלדער, געננג וואַסער, וועלדלעך און גרינע לאָנקעס לרוב, האָבן זיי, די שטאָטישע גבירים, געוואָרפן אַן אויג אויף דער געגנט און איין פעלד נאָך דער אַנדערער גייט אַריבער פון האַנט פון דער אָרימער דאָרפישער איינוווינערשאַפט צו די שטאָטישע גבירים. מיט פאַרשיידענע באַטריגערישע מיטלען נאַרן זיי אויס איין נחלה נאָך דער אַנדערער און זיין פילנדיק האַרץ ליידט דערפון, זיין צאַרטע נאַטור פּייניקט זיך דערפון, ער קען דאָס ניט צוזען. זיין האַרץ זידט ווי אין אַ קעסל. אים קומט פאָר, אַז די שטימע פון גערעכ־טיקייט רעדט צו אים און דערמוטיקט אים, ער זאָל אַזאַ אומגערעכטי־קייט ניט פאַרשווייגן, וואָס מער ער פאַרטראַכט זיך אין דעם, אַלץ מער מוט און מער דרייסטקייט פילט ער אין זיך. אַ פאַרבאָרגענער כוח צווינגט אים ניט צו שווייגן, ער זאָל פּראָטעסטירן עפנטלעך קעגן דער אומגע־רעכטיקייט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. ער נעמט פאָר אַ בייש־פּיל זיין פאָרגענגער ישעיהו, ווי יענער האָט פּראָטעסטירט און געשטורעמט קעגן די רייכע און זייער אומגערעכטיקייט און באַשליסט בא זיך צו טאָן דאָסזעלביקע.

ניין! האָט דער פאַרבאָרגענער כוח אין אים אַרויסגעשריען פון זיין נשמה. אַזאַ לעבן ווי עס ווערט געפירט אין שטאָט, איז ניט דער ריכ־טיקער יידישער לעבן. צוזאַמען מיט די נבואה־פראַגמענטן פון ישעיה, האָט מיכה אויך געקראָגן צו לייענען שטיקלעך מגילות אויף וועלכער עס איז געווען באַשריבן די וואונדער וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די יידן אַרויס־

גייענדיק פון מצרים און אנאליזירנדיק דאס אלץ, קומט ער צום אויס־
פיר, אז עס איז דא א גאט וואס פירט אן מיט דעם גאנצן אוניווערס,
און פירט די וועלט מיט א סדר. דער סדר פון דער וועלט איז, אז פאר־
ברעכנס ווערן באשטראפט. דער איצטיקער יידישער לעבן איז ניט דער
ריכטיקער. דער יידישער לעבן דארף זיין פשוט, תמימות'דיק, ריין און
אופריכטיק. דער יידישער לעבן איז באזירט אף דעם פרייען נאטור
לעבן. דער יידישער לעבן דארף אזוי ארום זיין פול מיט מאראל, מענטש־
לעכע ליבע, עטיק, אמת, יושר און גערעכטיקייט. דער לעבן וואס
די שטאטישע פירן איז פונקט דער היפוך צו דעם לעבן, וואס מען באַ־
דארף פירן, בהסכם מיט דעם וואס ער האט געלייענט פון יידישן עבר.
אזא לעבן ווי די שטאטישע פירן איז קעגן דעם וועלט סדר און קעגן דער
נאטור, דאס איז פארברעכעריש און, סוף כל סוף, מוז דאס באשטראפט
ווערן.

מיכה'ס באוווסטזיין ווערט קלאר פון דעם אלעם וואס ער האט
געלייענט און דורכגעמאכט. מיכה האט אלץ טיפער גענומען פילן אין
זיך די באדערפעניש צו גיין אין שטאט און אויסשרייען פאר דער
עפנטלעכקייט, דאס וואס זיין הארץ פילט, דאס וואס זיין געוויסן דיק־
טירט אים אין נאמען פון דעם גאט, וואס פירט די וועלט מיט א סדר
און א יושר. מיכה דערפילט, אז דאס איז זיין דירעקטער חוב, ער הערט
דעם נשמה דראנג זיינעם און גייט אין שטאט.

אין ירושלים קומט ער אין נאנטערן קאנטאקט מיט דעם גרויסן
נביא ישעיה, וועמען ער פארגעטערט און באוווּנדערט. ער הערט אים
רייידנדיק, ער זעט זיין מוטיקייט און אומדערשראקנקייט. ער הערט ווי
ישעיה ווארנט דעם קעניגלעכן הויף און די הויכע רעגירונגס־באאמטע,
אז זיי ווילן ברענגען דאס לאנד צום אונטערגאנג, אויב זיי ווילן נאכ־
פאלגן זייער פאליטיק און ניט ענדערן דעם געזעלשאפטלעכן לעבן. ער
זעט, דער נביא שרעקט זיך ניט זאגן דעם אמת אפילו דעם קעניג אליין
און ער ווערט נאך מער באגייסטערט פון דעם וואס ער פילט אין זיין
נשמה.

און דער מאמענט איז געקומען, ווען מיכה האט זיך באוויזן אין

דער עפנטלעכקייט, אלס דער נביא פון די ארימע, אלס דער נביא, וועמען דער פאלקס־כוח רופט ארויס אין לעבן.

אויב מיכה, ארויסטרעטנדיק אלס נביא, האט ער גענומען דעם נביא ישעיה אלס פארבילד, האט ער אים אין זאך איבערגעשטיגן. מיכה האט געלאזט צו רו די פאליטיק און אינגאנצן זיך אריינגעווארפן און פארטיפט אין די סאציאלע פראבלעמען און אין די סאציאלע סתירות פון לעבן. מיכה רעדט מיט הארץ, מיט ליידנשאפט. ער רעדט מיט דער שפראך ווי זיין גרויסער רבי, אין זיין גייסט, אבער מיט מער איינפאכקייט און מער אפענער. ער בייטשט און שניידט די גבירים און די אריסטאקראטיע אן רחמנות. ער שטעכט זיי מיט זיינע ווערטער דירעקט אין הארצן. ישעיה האט גערעדט אין א פאעטישער שפראך, אלעגאריש און איידל האט ער ארייגעזאגט, וואס ער האט באדארפט ארייגזאגן. מיכה רעדט מער פראזאאיש, אפן, דערפאר מער הארציק און זיינע רייד מאכן א גרעסערן איינדרוק. א קליינער ביישפיל. ישעיה רעדט איבער די אומגערעכטיקייט פון די גבירים צו די ארימע:

„איר עסט אויף דעם וויינגארטן, אין אייערע הייזער געפינט זיך רויב פון ארימע."

מיכה זאגט אפן און דרייסטער:

„די וואס עסן דאס פלייש פון מיין פאלק, די הויט פון זיי שינדן זיי אפ, צעפיצלען זייערע ביינער, צעשניידן זייער פלייש ווי אין טאפ ארייגצולייגן".

מיכה שאנעוועט ניט די גייסטלעכע. ער רעדט איבער זיי אויך אפן. ער זאגט:

„הערט זיך צו איר הארן פון יעקב און עלטסטע פון ישראל, אייער פליכט איז צו וויסן וואס עס הייסט משפט, אבער איר האט פיינט דאס גוטע און ליבט נאר דאס שלעכטע. די עלטסטע משפט'ן פאר געלט, די כהנים פסק'נען פאר באצאלט".

מיכה הנביא איז געווען דער שארפסטער פון די נביאים, וואס האט פארדאמט די פארדארבנקייט אין דער געזעלשאפט און דעם אויסגעלאסענעם לעבן פון די גבירים און אריסטאקראטיע. אף אזוי ווייט איז געגאנגען זיין פארדאמונג, ניט קוקנדיק אף זיין ליבע צום לאנד, זיין

שטאַרקע צוגעבונדנקייט צום פאָלק, האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט צו דראָען ירושלים מיט אַ טאָטאַלער פאַרניכטונג.

„ירושלים וועט וויסט ווערן".

האָט ער אָפּן געזאָגט און ער האָט די ביטערע נבואה אַרויסגעזאָגט אַפילו אויף דעם הייליקטום פון פאָלק. ער האָט געזאָגט

„דער הר הבית, (דער פּלאַץ, וווּ דער בית המקדש האָט זיך געפונען) וועט ווערן פאַרווילדערט ווי אַ וואַלד־הויכעניש".

בנוגע דעם קרבנות־קולט, וואָס די אַנדערע גרויסע נביאים האָבן אין אים געזען אַן אָפּלייטונג פון דער ריינער יידישער עטיק און אַ נייגונג נאָכצומאַכן די פאַרמען פון פרעמדע קולטן און האָבן אַזוי סאַר־קאַסטיש אויסגעלאַכט, האָט דער נביא מיכה געהאַט אַן אַנדער מיי־נונג. ער האָט באַטראַכט דעם קרבנות־קולט ווי אַ ווילד געוואוקס אויפן יידישן אָרגאַניזם. ער האָט דעם קרבנות־קולט ניט אויסגעלאַכט ווי די אַנדערע נביאים נאָר ער האָט דאָס צוגעזען מיט באַדויערונג. מיט האַר־ציקע ווערטער דערמאָנט דער נביא צו ערשט די געשיכטע ווי אַזוי יידן זיינען באַפרייט געוואָרן פון שקלאַפעריי פון מצרים, די איבערגעגעבנ־קייט פון זייערע פירער, משה און אהרן, ווי זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון בלעם'ס אינטריגעס אין מדבר.

מיכה איז געווען דער אמת'ער פאָלקס־מענטש. ער האָט געקענט דורך און דורך די פּסיכאָלאָגיע פון פאָלק. ער האָט געוווּסט, אַז מיטן ברענגען אַ קרבן איז דער ייד אויסן צופרידנשטעלן גאָט און געפינען חן אין זיינע אויגן אָבער ער פאַרשטייט ניט ווי אַזוי. אין זיין אומוויסנ־קייט נעמט ער אָן, אַז דער קרבן איז דער איינציקער וועג ווי צו קומען אין באַהעפטונג מיט גאָט. רעדט ניט מיכה מיט אַזאַ ביטול און חוזק ווי די אַנדערע נביאים פון די קרבנות. מיט האַרציקע ווערטער פרעגט ער דעם פאָלק:

„צי דען גלויבט איר טאַקע אַז גאָט קען מען דינען מיט יאָ־ריקע קעלבער, מיט טויזנטער באַראַנעס אָדער גאָר ברענ־גען פאַר אַ קרבן דעם עלטסטן זון?"

און ער ענטפערט אין גייסט פון די אַנדערע נביאים:

„עס איז דיר געזאָגט געוואָרן, מענטש, וואָס גוט איז און וואָס

גאָט פאָדערט, טאָן משפט, ליב האָבן חסד, אומגיין באַשיידן מיט גאָט".

אין די דאָזיקע ווערטער דריקט דער נביא אויס דעם גאַנצן תמצית פון זיין נביאישער גרויסקייט. ער באַווייזט, אַז די מענטשלעכע עטיק איז געקניפּט און געבונדן מיטן אמתן גלויבן אין גאָט. דער מענטש דאַרף דערפילן זיין מענטשלעכן חוב צום מיטמענטשן אָבער גלייכצייטיק אויך דערפילן זיין חוב צו גאָט, צוזאַמען בילדן די ביידע פליכטן אַ פעסטן יסוד אינעם יידישן לעבן.

דער נביא מיכה רעדט אַזוי פיל ווי די אַנדערע נביאים וועגן די גרויסקייט און פּרעכטיקייט פון גאָט פון ישראל. ער זעט ניט גאָט אויסערהאַלב די מענטשלעכע ספערן. ער פילט גאָט אינעווייניק אין זיך. ער שטעלט דעם טראָפ אַף די מענשטלעכע עטיק. מאָראַל און עטיק איז באַ אים דער צענטער פון זיין טיפער אמונה אין גאָט. חסד און משפט, צדק און יושר איז באַ אים פונקט ווי באַ די אַנדערע נביאים דער עיקר אין יידישן רעליגיעז-עטישן לעבן און דאָס איז פאַר אים איינע פון די יסודות אַף וועלכע עס איז אויסגעאַרמירט געוואָרן דער יידישער לעבן, בהסכם מיט די געבאָטן פון דער תורה.

ניט שטענדיק איז דער נביא מיכה געווען אַזוי ברוגז'דיק און שטעכעדיק. ניט אַלע מאָל האָט ער אַנגעזאָגט חורבן און אונטערגאַנג פון יהודה און ירושלים. ווי די אַנדערע נביאים איז ער אויך געווען נאַציאָנאַל געשטימט און שטאַרק ליב געהאַט זיין פאָלק. ער האָט געוואָלט זען זיין פאָלק זאָל זיין אין דער צוקונפט פאַראייניקט און שטאַרק. ער האָט אפילו נביאות געזאָגט איבער די פאַרטריבענע צען שבטים, אַז זיי וועלן צוריק זיך אומקערן און אונטער דער הערשאַפט פון יהודה וועלן זיי אַמאָל בילדן אַ פאַראייניקט פאָלק. ער האָט געוואָלט, אַז דער פאַראייניקטער יידישער פאָלק זאָל זיין גרויס און שטאַרק און זאָל שטיין אַף דעם געהעריקן גייסטיקן הויך ווי ער איז היסטאָריש באַשטימט.

מיט זיין טיפן נביאישן חוש זעט מיכה, אַז יהודה קייקלט זיך באַרג אַרונטער און מיט ריזיקע שריט גייט זי צום אונטערגאַנג. ער איז ניט קיין פּאָליטיקער און פאַרשטייט ניט ווי צו קערעווען דעם פּאָליטישן רודער פון זיין לאַנד. ער איז אַ פאָלקס-מענטש, ער פילט, אַז דער סוף מוז

קומען ווייל דאָס פאָלק האָט דאָס פאַרדינט, אַזוי איז דער סדר העולם, פאַר זינד ווערט מען באַשטראָפט. אויב אָבער גאָט באַשטראָפט פאַר זינד קען דער באַשטראָפטער אָפּקומען זיין זינד און ווערן אויסגע־לייטערט.

מלכות יהודה וועט באַשטראָפט ווערן פאַר איר זינד, זי וועט אָבער אויסגעלייטערט ווערן און נאָך האָבן אַ גליקלעכע צוקונפט און צו אַזאַ צוקונפט בענקט דער נביא. זיין נאַציאָנאַלע נשמה שטרעבט צו די מאָ־מענטן, ווען זיין פאָלק וועט זיך אויסלייטערן און ווערן גייסטיק און קול־טורעל געזונט. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט זיין נבואה רואיקער, ער ווערט מילדער, ער גלעט מיט וואַרימע האַרציקע ווערטער און טרייסט דעם ליידנדיקן פאָלק. ער פאַלט דעמאָלט אַריין אין טאָן פון זיין גרויסן רבי ישעיהו און שילדערט די צוקונפט פון ישראל משיחיש־טרוימעריש, מיט ליבע און האַרציקייט.

מיכה פּאַראַפראַזירט איבער זיין גרויסן רבי און שילדערט די צו־קונפט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„אין דער צוקונפט וועט דער באַרג פון גאָטס הויז זיין די פעסטונג פון אַלע בערג. אַלע פעלקער וועלן ציען צו דעם באַרג. אַלע וועלן קומען לערנען און הערן גאָטס וואָרט אויף דעם באַרג. פון ציון וועט אַרויסגיין די תורה און גאָטס וואָרט — פון ירושלים. און דעמאָלט וועט הערשן פרידן אויף דער וועלט. דעמאָלט וועט מען איבערשמידן די שווערד אין אַקער־אייזנס און די שפּיז אין שנייד־מעסערס. עס וועלן מער ניט זיין קיין מלחמות. רואיק און גליקלעך וועט יעדער איינער זיצן אונטער זיין ווייַנשטאָק און פייגנבוים.״

---

# דער נביא עובדיה

ווער דער נביא עובדיה איז געווען, ווען ער האָט געלעבט, אין וועלכע צייט ער האָט געווירקט, פונוואַנען ער שטאַמט, איז פון דער תנ״ך ליטעראַטור אומבאַקאַנט. די ביבל קאָמענטאַטאָרס און די אַלטע תנ״ך מפרשים זאָגן אַרויס פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם און קיין מיינונג ווערט ניט באַקרעפטיקט מיט איבערצייגנדיקע אַרגומענטן. אַלץ איז השערות. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, אורטיילנדיק לויט די געשיכטלעכע פאַקטן, דאַרף ער האָבן געלעבט אין בבל, אין דער צייט ווען דער נביא יחזקאל האָט געווירקט. עס איז אויך אומבאַוווּסט, וואָס אים האָט אינספּירירט צו דער נבואה, אויסער זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל, זיין ליבע צום פאָלק און זיין טיפער גלויבן אין אופלעב פון דער יידישער מלוכה.

די נבואה פון עובדיה צייכנט זיך אויס, וואָס דער ערשטער טייל אירער באַציט זיך ניט אויף יידן און ניט אויף דער יידישער מלוכה. זי באַציט זיך אויסשליסלעך אויף דאָס פאָלק אדום און זיין מלוכה. דער נביא זעט, אַז אדום איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג און חורבן. לאַכט דער נביא סאַרקאַסטיש פון אדום און שניידט אים מיט זיין שאַרפן מעסער.

דאָס פאָלק ישראל האָט געהאַט אַז אַלטע רעכענונג מיט זיין ברודער פאָלק אדום. פון דער נאַטור איז אדום געווען אַ שטאָלץ פאָלק, פול מיט פּוסטע גאווה און נאַרישער אימפּאָנענץ. איר גאווה האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די געאָגראַפישע לאַגע האָט איר געשיצט פון אַנפאַלער און שונאים. זי איז געלעגן אין דרום פון געזאַלצענעם ים ביז צום רויטן ים, דאָרטן ווו איצט ליגט דער דרום־האַפן פון ישראל — אילת, ניט ווייט פון עקבה.

די הויפּטשטאָט פון אדום איז געלעגן אויף אַ שפּיץ באַרג, אַרומגערינגלט מיט ים און אומדורכדרינגבאַרע פעלזן. די גאַנצע לאַנד איז געלעגן צווישן שפּיציקע פעלזן און הויכע סקאַלעס. אדום איז געווען

באַ זיך זיכער, אַז קיינער קען צו איר ניט צוקומען און וועט אייביק בלייבן עקזיסטירן.

די שנאה פון פאָלק ישראל צו אדום האָט זיך גענומען דערפון, וואָס נאָך אין דוד׳ס צייטן, איז דער ברודער פאָלק באַזיגט געוואָרן פון די יידישע חיילות און איז געבליבן אונטערוואָרפן אונטער דער יידישער מלוכה. אפילו שפּעטער, ווען די יידישע מלוכה איז געשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי, איז אדום געבליבן אַלץ אונטערוואָרפן דער מלוכה פון יהודה.

איינציקע מאָל האָט אדום פּאַרזוכט זיך אַרויסצורייסן פון דער הערשאַפט פון דער יידישער מלוכה, אָבער דאָס איז איר ניט געלונגען. אַט דאָס באַזיגטע ברודער־פאָלק, האָט אויסגענוצט אַמאָל די געלעגנהייט, ווען די כשדים זיינען באַפאַלן ירושלים און חרוב געמאַכט די שטאָט, האָט ער זיך פאַרייניקט מיט די אָנפאַלער און זיי געהאָלפן אין זייער רויבערישער אַרבעט. אדום איז געגאַנגען נאָך ווייטער. די פּליטים וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין זיין לאַנד, האָבן זיי אויך איבער־געגעבן אין די הענט פון די כשדים.

נאַטירלעך, איז דער פאַראַט פון אדום געבליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון פון יידישן פאָלק. דער אָפּקלאַנג פון פאַראַט ווערט זייער אָפט דערמאָנט אין דער תנ״ך ליטעראַטור, די נביאים ירמיה און יחזקאל ריידן איבער דעם פאַראַט פון אדום, אפילו די דיכטער אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש דערמאָנען אויך אין תהילים דעם פאַראַט פון אדום.

און אדום האָט זיך דערוואָרט. ער האָט געטרונקען דעם ביטערן בעכער פון חורבן און גלות ביז צום דעק, באַגלייך מיט דעם יידישן פאָלק. זיינע אייגענע פאַרבינדעטע, נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרטיק גע־וואָרן מיט יהודה, זיינען אין א טאָג באַפאַלן אדום, חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, צערויבט זייער האָב און גוטס און די איינוווינער פאַרטריבן. דאָס האָט אדום דערלעבט פאַר זיין פוסטע גאוה און נאַרישן שטאָלץ, פאַר זיין פאַרביסענע שנאה צו זיינע ברידער יידן. אַט אויף דעם אומגליק אדום׳ס באַציט זיך דער נביא עובדיה.

אין זיין נבואה דריקט אויס דער נביא די פרייד פון יידישן פאָלק

איבער דער מפּלה פון אדום. שאַרף און סאַרקאַסטיש רעדט ער איבער אדום״.

„דיין שטאָלצע האַרץ האָט דיר איינגערעדט, ווער קען צו מיר צוקומען? איך ליג אַף שפּאַלטן פון פעלזן, מיין זיץ איז אין דער הויך, אין הימל. אין האַרצן האָסטו געטראַכט, ווער קען מיך פון דאָרטן אַראָפּנידערן״.

און דער נביא איראָניזירט מיט אַ ביטערן געלעכטער קעגן אדום.

„אויב אפילו דו וועסט זיך אויפהויבן אַזוי הויך ווי אַן אָד־לער, אפילו אַז דו וועסט דיין נעסט מאַכן צווישן די שטערן, פון דאָרטן וועל איך דיר אַראָפּנידערן, אַזוי זאָגט גאָט״.

און נאָך מער וויטיקלעכער שטעכט אים דער נביא מיט זיינע סאַרקאַסטישע שפּילקעס:

„וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט, אדום? אַז גנבים קומען, אָדער נאַכט רויבער, נעמען זיי וויפל זיי קענען אַוועקטראָגן. אויב פּרוכט־רויבער קומען נעמען לאָזן זיי דאָך די יונגע, ניט צייַ־טיקע הענגלעך, און בא דיר אדום האָט מען אַלץ גענומען, אַלץ פאַרשלעפּט, נים געלאָזן גאָרנים״.

אין צווייטן טייל פּאַלט אריין דער נביא אין טאָן פון אַלע גרויסע נאַציאָנאַלע נביאים. אין פאַרבינדונג מיט דער מפּלה פון אדום, זעט שוין דער נביא, אַז די שונאים פון ישראל ווערן באַשטראָפט און ישראל וועט דערלעבן אַ ליכטיקע צוקונפט. ווי די אַנדערע נביאים זעט אויך דער נביא עובדיה אַ „טאָג פון גאָט״. ער זעט דעם „טאָג פון גאָט״, אין דעם זין אַז גאָט וועט משפּטן אַלע פעלקער וואָס האָבן אונטער־דריקט און געפּייניקט דאָס פאָלק ישראל. מיט אַן אמת׳ע משיחישע בענקשאַפט זיינען פול זיינע ווערטער. די טרוימישע האָפענונג פון יעדן ייד, צו זען דעם אופלעב פון מלכות ישראל, פאַרייניקט און צע־מענטירט פון אלע שבטים און שיבטן, אופגעריכט און איינגעאָרדנט אין הייליקן לאַנד פון ציון, איז באַם נביא עובדיה זייער שטאַרק.

מיט אַ באַזונדער נאַציאָנאַלער באַגייסטערונג רעדט דער נביא פונעם אופלעב פון די פאַרשוואונדענע צען שבטים. ער שילדערט מיט גרויס ליבשאַפט, ווי אין דער צוקונפט וועט ישראל באַוווינען און באַ־

פעלקערן די גאַנצע טעריטאָריע פון יהודה. די איינוווינער פון נגב וועלן ירשנען דעם באַרג פון אדום און די איינוווינער פון פלאַך לאַנד וועלן ירשנען דאָס לאַנד פון פלשתים און בנימין דעם גאַנצן גלעד.

מיט ליכטיקע שטראַלן באַשטראַלט ער דעם טאָג ווען אַלע יידן וועלן קומען צוריק אין לאַנד פון ציון און דעמאָלט וועט דער גאָט פון ישראל אנערקענט ווערן אַלס דער אַלוועלטלעכער קעניג איבער אַלע פעלקער.

# חבקוק הנביא

איבער דער פּערזענלעכקייט פון דעם נביא חבקוק ווערט אין תנ"ך ניט גערעדט און ערגעץ אנדערשוווּ אויך ניט. עס איז ניט באַקאַנט ווער דער נביא איז געווען, פונוואַנען ער שטאַמט און ווער זיין משפחה איז.

אין דער אגדה ווערט יאָ גערעדט פון דעם נביא. איין אגדה דער־ציילט, אַז דער נביא חבקוק איז דער זון פון דער באַקאַנטער שונמית, בא וועמען דער נביא אלישע האָט געוווינט און וועמען ער האָט גע־בענטשט, אַז איבער אַ יאָר וועט זי האָבן אַ זון. זי האָט טאַקע צום יאָר געבוירן אַ זון און ער זאָל האָבן געשטאָרבן און דער נביא אלישע האָט אים דערנאָך לעבעדיק געמאַכט און דער איז דאָס שפּעטער גע־וואָרן דער נביא חבקוק. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַ לעגענדע. די סברה ווערט געבויט אויף דעם סמך, אַז „חבקוק" קלינגט ענלעך מיט די ווערטער „את חובקת", די ווערטער וואָס דער נביא האָט געזאָגט צו דער שונמית, אַז זי וועט איבער אַ יאָר אַרום — נעמען אַ זון אויף אַ ווערטער קלאַנג קען מען אָבער ניט בויען קיין היסטאָרישן אמת. עס איז אויך ניט מעגלעך, אַז אַ נביא, וואָס האָט געלעבט אין יענע צייטן, זאָל קענען פאָרויס וויסן די פּאָליטישע אינטריגעס, וואָס וועלן זיך אָפּ־וויקלען שפּעטער מיט אַפּאָר הונדערט יאָר.

נאָך אַ מעשה ווערט דערציילט אין דער אגדה אין שייכות מיט דעם נביא הבקוק: „אין יענע צייטן האָט געלעבט אין יהודה אַ נביא חבקוק. אין איינעם אַ טאָג האָט ער אָפּגעקאָכט אַ געקעכץ און דאָס געטראָגן אין פעלד פאַר די שניטער. פּלוצלונג באַווייזט זיך צו אים אַ מלאך און באַפוילט אים טראָגן דעם געקעכץ צו דניאלן, וואָס געפינט זיך אין דעם מאָמענט אין אַ גרוב פון לייבן, אין בבל.

„אָבער איך ווייס דאָך ניט ווער דניאל איז און קען ניט דאָס לאַנד בבל, איך ווייס ניט וואָס פאַראַ לייבגרוב דאָס איז? — האָט חבקוק געענטפערט.

דאָ האָט דער מלאך אָנגענומען חבקוק׳ן פאַר די האָר־בערגעס פון קאָפּ, מיט אַ שטורעם האָט ער אים אַוועקגעטראָגן קיין בבל און אים אַוועקגעשטעלט פאַר דעם לייבנגרוב ווו דניאל איז געלעגן אין דעם מאָמענט.

דניאל! האָט חבקוק אַן איבעראַשטער אויסגעשריען — איך האָב דיר דאָ געבראַכט עסן, וואָס גאָט האָט דיר געשיקט.

ווען דניאל האָט צוגענומען דאָס עסן פון זיין האַנט האָט דער מלאך ווידער אופגעהויבן חבקוק׳ן און אים אַוועקגעטראָגן אויף זיין אָרט פונוואַנען ער האָט אים גענומען״.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז מער פאַנטאַזיע און לעגענדע ווי אַ היסטאָרישער אמת. אויף אַזעלכע לעגענדעס קען מען קיין זאַך ניט בויען. דאָס איז ניט קיין אָנהאַלטספּונקט צו וויסן ווער דער נביא איז געווען און אין וועלכער צייט ער האָט געלעבט.

ווילן מיר וויסן עפּעס וועזנטלעכעס איבער דעם נביא, מוזן מיר שטודירן דעם אינהאַלט פון זיין נבואה און פון זיינע אייגענע ווערטער ציען דעם אויספיר איבער דעם מהות פון נביא און די צייט אין וועלכער ער האָט געווירקט.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, האָט דער נביא חבקוק געלעבט און געווירקט אין איין צייט מיט דעם נביא ירמיה. דאָס הייסט, אין דער תקופה, ווען דער מלך יהויקים האָט געהערשט איבער יהודה. די תקופה איז באַקאַנט אין דער געשיכטע ווי זייער אַ קריטישע פאַרן פאָלק. דער קעניג יהויקים איז געווען אַ שלעכטער, אַ טיראַן, אַ דעספּאָט צו זיינע

אונטערטאַנען, גלייכצייטיק האָט ער אָבער פאַרשטאַנען ווי זיך צו אונטערלעקן צו די וואָס זיינען געווען העכער פאַר אים. דעם טראָן האָט ער געירשנט פון זיין פאָטער יאשיהו, נאָך דער מפלה וואָס יענער האָט געליטן אין מגידו, אַ דאַנק דעם וואָס דער עגיפּטישער פרעה האָט אים אַריינגעשלעפּט אין דער מלחמה מיט בבל.

יהויקים האָט זיך אַבסאָלוט ניט געקימערט וועגן די אינטערעסן פון זיין לאַנד און ניט פאַר זיין פאָלק. דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן איז געווען: אויסליידיקן די גאַנצע גאָלד און זילבער פון דער מלוכה קאַסע און דאָס אָפּגעבן צו פרעה, זיין אויבערהאַר, אַלס דאַנק דערפאַר, וואָס יענער האָט אים אַוועקגעזעצט אויפן טראָן פון יהודה, אָנשטאָט זיין ברודער יהואחז.

האָבנדיק אָפּגעשיקט דעם גאַנצן מלוכה אוצר צו זיין אויבערהאַר, האָט ער גענומען בויען פּאַלאַצן פאַר זיך און פאַרשענערן די וואָס זיינען שוין געווען פון פריער. קיין געלט איז שוין אין דער מלוכה קאַסע ניט געווען, אַרבעטער האָט ער באַדאַרפט, האָט דער טיראַן איינפאַך געצוווּנגען זיינע אונטערטאַנען צו אַרבעטן פאַר אים אומזיסט. ער האָט איינגעפירט אַ סיסטעם פון שקלאַפעריי אין לאַנד.

מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז ער איז באַם פאָלק פאַרהאַסט, איז ער אומגעגאַנגען מיט אים מיט אַ שטאַרקע האַנט. בלוטיק טיראַניזירט זיינע קעגנער, ניט געשאַנעוועט זיינע אָפּאָזיטאָרן. זיין טיראַניע, זיין פאַרשקלאַפונג, זיין רויב און סעקוועסטירן פון זיינע אונטערטאַנען האָבן געדינט אַלס ביישפּיל פאַר אַלע רייכע, תקיפים, אַריסטאָקראַטן און הויכע מלוכה־לייט. זיי האָבן זיך אויך אַזוי באַגאַנגען מיט דער אָרימער, הילפלאָזער פאָלקס־מאַסע. אויב עמיצער פון די גייסטלעכע אָדער נביאים האָבן אויפגעהויבן זייער שטים קעגן די אומגערעכטיקייט פון מלך און זיינע הארן, טאָמער האָט ווער פּראָטעסטירט קעגן דער טיראַניע, האָט מען זיי שרעקלעך פאַרפאָלגט. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין די תפיסות און זיך ניט אָפּגעשטעלט איינפאַך זיי אומצוברענגען. ווי עס ווייזט אויס, האָט דער נביא חבקוק אויך געליטן פון די פאַרפאָלגונגען און אַף דער דאָזיקער תקופה באַציט זיך די נבואה פון נביא חבקוק.

דער נביא קען שוין מער ניט צוזען די גוואַלט־אַקטן וואָס ווערן

אפגעטאַן אין לאַנד. ער קען שוין מער ניט פאַרטראָגן די אומגערעכטי־קייטן און רויב וואָס איז פול אין דער געזעלשאַפט. ער ווערט אופגע־קאַכט און אופגערעגט פון אזא לעבן. ער פילט אַ באַדערפעניש זיך אויס־צוטענהן מיט גאָט פאַרוואָס ער דערלאָזט צו אַזאַ פירונג אין דער גע־זעלשאַפט. ער האָט אַ טענה צו גאָט הלמאי ער באַשטראָפט ניט די שול־דיקע.

„ביז וואַנען, גאָט, וועל איך שרייען און דו הערסט ניט?
איך שריי צו דיר איבער דעם רויב, וואָס עס הערשט און דו העלפסט ניט.
פאַרוואָס זעסטו צו די אומגערעכטיקייט, די נידערטרעכטיקייט
און דעם רויב, די קריגערייען און די רייסערייען אין דער געזעלשאַפט און דו שווייגסט?
צוליב אַזאַ פירונג איז דאָך בטול געוואָרן דער געזעץ פון דער תורה און דער צדק איז פאַרשוווּנדן”.

אויסער דעם נביא׳ס חוש פאַר גערעכטיקייט, פאַר יושר און אמת, פאַרשטייט ער אויך גוט דעם פאָליטישן לעבן פון לאַנד. ער קען די פאָ־ליטיק פון די ארומיקע לענדער און זעט, אַז אין דער נאָנסטער צייט מוזן קומען פאָליטישע ענדערונגען אין מזרח, די מלוכה אשור, דער שטענ־דיקער בלוטיקער שונא פון יהודה, האַלט אין פאַרשווינדן פון דער פאָ־ליטישער מאַפּע. צום מיטלענדישן ים־ברעג און צו מצרים רוקט זיך אָן אַ ניי פאָלק — די כשדים. דער נביא שאַצט אָפּ ווי געהעריק די פאָ־ליטישע סיטואַציע און זעט, אַז דער זיג פון כשדים, וואָס האָבן זיך אריינגעכאַפּט אין בבל, איבער מצרים, איז ניט קיין צופעליקער. די באַ־זיגטע מצרים וועט שוין אַזוי גיך ניט אופשטיין. די כשדים פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אשור אין מזרח, זיי זיינען נאָך בלוטדורשטיקער, נאָך מאַכטגיריקער און נאָך מער ווילד ווי די אשורים. די קליינע יהודה, וואָס ליגט צווישן די צוויי גרויסע מלוכות וועט ניט געשאָנעוועט ווערן. אַי־נעם נייעם פאָליטישן כוח אין פאָדער־אַזיע, אין די כשדים, זעט דער נביא אַ ניי שטראָף רוט פאַר יהודה. אָט באַפאַלן זיי די קליינע יהודה, באַרויבן דאָס לאַנד און מאַכן אַן אַ חורבן אין פאָלק. זיכער איז דאָס

די שטראָף פון גאָט פאַר די פאַרברעכערישע מעשים וואָס די מלוכה האָט געטאָן און פאַר די זינד פון דער געזעלשאַפט.

אין זיין איבערצייגונג, אַז זיין פּאָליטישער חוש נאַרט אים ניט אָפּ, זיין וויזיע איבער דער צוקונפט וואָס עס שטייט פאַר דעם לאַנד יהודה איז פולקאָם אמת, קומט אים פאַר ווי ער הערט די שטים פון גאָט, וואָס ענטפערט אים אויף זיינע פריערדיקע טענות. דער נביא גיט איבער דעם ענטפער וואָס ער הערט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„גיט אַ קוק אויף דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון די פעלקער און שטוינט. עס וועט עפּעס געשען אין אייערע צייטן אַז מען וועט דאָס גאָרניט גלייבן ווען מען וועט דאָס דערציילן. איך וועל ברענגען די כשדים, דעם שרעקלעכן פאָלק. זאָל דער פאָלק אַרויסטראָגן דעם משפט פאַר דאָס אומגערעכטע וואָס איר האָט געטאָן.“

ווי בילד שיין, ווי קאָלירפול, ווי לעבעדיק איז די שילדערונג פון נביא דאָס אָנקומען פון די כשדים:

„פלינקער פון טיגערן זיינען זיינע פערד,
שאַרפער פון נאַכט־וועלף זיינען זיי,
פונוויטן פאַרשפּרייטן זיך זיינע רייטער,
זיי פליען ווי אַן אָדלער, וואָס איילט צום עסן,
זיי אַלע קומען רויבן,
זייער ציל איז דער מזרח,
דאָס פאָלק לאַכט זיך אויס פון מלכים,
גרויסע הארן זיינען פאַר אים אַ שפּילכעלע,
פעסטונגען זיינען פאַר אים אַ געלעכטער,
ער מאַכט פון ערד אַ וואַל און באַצווינגט זיי.

און די נבואה פון חבקוק איז פולקאָם מקוים געוואָרן. דער שרעק פון די כשדים און זייער בלוטיקער טעראָר האָט אָנגעהאַלטן איניקע יאָר. אינצווישן איז דער מלך יהויקים געשטאָרבן און זיין טראָן האָט באַשטיגן זיין זון יהויכין.

דאָס פאָלק האָט פריער אָפּגעאָטעמט, דער בלוטיקער טיראַן יהוי־

קים, דער פּאָליטישער אינטריגאַנט, דער וואָס האָט געבונטעוועט קעגן בבל, דער וואָס איז נאָכגעלאָפן פּרעה'ן פון מצרים און געלעקט זיין שטיוול, דער וואָס האָט ארופגעבראכט אפן פּאָלק די שנאה פון בבל, איר גרויזאַמקייט און איר טעראָר איז שוין מער ניטאָ. דער נייער מלך איז ניט אַזאַ טיראַן ווי זיין פאָטער. ער וועט פאַרשטיין ווי צו שטייערן דעם מלוכה רודער און אַרויסשלעפּן דאָס לאַנד פון דעם כאַאָס, אין וועלכן זיין פאָטער האָט עס אריינגעשלעפּט. ער וועט לעבן בשלום מיט בבל און אין יהודה וועט, סוף כל סוף, זיך איינשטעלן פרידן און רואי־קייט. דער נייער קעניג איז אַ גוטער מענטש און וועט זאָרגן פאַרן פּאָלק און פאַר זיין לאַנד. אַזוי האָט איז דער שטיל דערוואַרט דער נביא און דאָס איז געווען די האָפענונג פון פּאָלק. ליידער, איז די האָפענונג ניט מקוים געוואָרן.

קורץ נאָכדעם ווי יהויכין האָט איבערגענומען די מלוכה, איז שוין נבוכדנצאר, דער קעניג פון בבל מיט זיין שטאַרקער אַרמיי געשטאַנען פאַר די טויערן פון ירושלים. אין גאָר אַ קורצער צייט איז ירושלים געפאַלן. דער קעניג מיט זיין מוטער, געשמידט אין קייטן, צוזאַמען מיט די גאַנצע אדליים און אַריסטאָקראַטיע פון ירושלים זיינען געפאַנגען גע־וואָרן און אַפּגעשיקט אין בבל. אַ צעטראָטענע, אַ דערנידעריקטע, אַ באַ־שפּיגענע און אַ פאַרבלוטיקטע איז יהודה געלעגן באַ די פיס פון גרוי־זאַמען שונא און דער נביא בייט שוין זיין טאָן.

קודם איז דער נביא אַ הייסער נאַציאָנאַלער ייד. זיין פּאָלק איז באַ אים ליב און טייער, יהודה איז דער צענטער פון זיין עקזיסטענץ. די גרויסקייט פון זיין לאַנד איז זיין לעבנס־אידעאַל. ער פאַרגעסט שוין די אומגערעכטיקייט אין זיין לאַנד, ער געדענקט שוין מער ניט די פאַר־דאָרבנקייט אין דער געזעלשאַפט פון ירושלים. ער זעט זיין ליב לאַנד אַ צעבלוטיקטע און דאָס האַרץ טוט אים וויי. ער קען ניט איבערטראָגן די נאַציאָנאַלע חרפּה. ער איז צעבראָכן און צעווייטיקט איבער דעם גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק.

אמת, יהודה איז טאָקע געווען שלעכט. דאָס פּאָלק האָט אַפּגע־ווייכט פון רעכטן וועג, פאַרשוואונדן איז די ריינע יידישע אמונה, פאַר־געסן די רעליגיעזע עטיק פון יידישן וועלט באַנעם. דער שיינער יידי־

שער לעבנסשטייגער, וואָס די תורה האָט אָנגעצייכנט אַלס קאָנסטיטוציע פון יידישן לעבן איז פאַרגעסן געוואָרן.

אמת, היינטיקער בבל, פונקט ווי אמאַליקער אשור, איז פון גאָט באַשטימט אַלס די רוט וואָס דאַרף שטראָפן יהודה. אָבער וואָס פאַר א פאַרגלייך איז צווישן די פאַרדאָרבנקייט פון יהודה צו די גרויזאַמקייט פון בבל. אנטקעגן די בלוטדורשטיקייט פון בבל איז דאָך יהודה אַ צדיק. בבל איז שוין אריבער אַלע גרענעצן פון שטראָף. זי איז שוין געוואָרן ווילד. זי שטראָפט שוין ניט מער נאָר זי וויל איינפאַך אומברענגען און פאַרניכטן, חרוב מאַכן יהודה און אָפּווישן איר פון אויבערפלאַך. דאָס איז שוין פאַרן נביא צופיל.

דער נביא חבקוק האָט שוין איצט אַ אַנדער טענה צו גאָט. ווי קען גאָט צוזען, ווי זיין באַליבט פאָלק ווערט פאַרניכטעט, ווי קען ער דולדן די ווילדע אַכזריות פון די כשדים-בבלים. און דער נביא פאַרמולירט זיין טענה צו גאָט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„דו ביזט דאָך מיין הייליקער אייביקער גאָט,
דעם שונא האָסטו דאָך באַשטימט נאָר צו באַשטראָפן
אָבער ניט פעלקער צו פאַרניכטן,
דיינע אויגן זיינען דאָך ריין,
שלעכטס קענסטו ניט זען,
נידערטרעכטיקייט בליקסטו ניט אָן,
טאָ ווי קענסטו רואיק צוזען,
ווי דער רשע שלינגט איין דעם צדיק?
גלייך ווי פיש, ווי ווערים, וואָס קיינער באַשיצט זיי ניט
ווי קענסטו צוזען ווי מענטשן זיינען געוואָרן
אַלעמען ציט ער ארוים מיט זיין ווענדע,
אַלעמען שלעפּט ער אַרוים מיט זיין נעץ".

אין זיין פאַרטיפונג איבער דעם פּראָבלעם וואָס האָט אים אַזוי געפּייניקט, אין זיין קאָנצענטרירונג איבער דעם געדאַנק, פילט ער אין זיך די נאָנטקייט פון גאָט און זיין וואָרט, אַז גאָט, אין וועמען ער גלויבט אַזוי שטאַרק זאָל אים עפענען די אויגן און זאָל אים דערקלערן, וואָס

איז פֿאַר אים אַזוי פֿיינלעך און אומדערקלערלעך און ער הערט ווי גאָט ענטפֿערט אים. ער פֿילט ווי אַ מעכטיקע שטים זאָגט אים:

„פֿאַרשרייב די נבואה, קריץ דאָס אויס אויף אַ טאָפֿ, מען זאָל דאָס קענען לייכט לייענען. עס קומט די צייט, כאָטש זי וועט מעגלעך זיך פֿאַרשפּעטיקן, אָבער זי קומט אומבאַדינגט. דער שונא איז פֿול מיט שטאָלץ, און דעם שטאָלץ ליגט זיין אומקום. דער צדיק וועט אין זיין אמונה און בטחון אייביק לעבן."

מייסטערהאַפֿט און שיין שילדערט דער נביא דעם נאַרישן שטאָלץ פֿון שונא, זיין אכזריות, זיין רויבעריי. פֿול מיט פּאַטאָס זיינען די פֿראַזן, אין וועלכע ער איראָניזירט די פּוסטע גדלות פֿון שונא און לאַכט אויס זיין גלויבן אין גאָלדענעם און זילבערנעם גאָט.

דער נביא פֿירט אויס, אַז סוף כל סוף, וועט גאָט דעם שונא אַליין משפּט'ן און דעמאָלט, ווען בבל וועט געשטראָפֿט ווערן, וועט דער כבוד פֿון גאָט אַנטפּלעקט ווערן פֿאַר דער גאַנצער וועלט. די גאַנצע וועלט וועט איינזען, אַז דער רשע באַקומט זיין פֿאַרדינטן שטראָף און דער צדיק וועט אופֿגעריכט ווערן.

חבקוק און ירמיה, די ביידע נביאים האָבן געלעבט אין איין צייט. ביידנס נבואה האָבן געהאַט איין אויסגאַנגס־פּונקט. די גערעכטיקייט פֿון גאָט, דעם שטראָף וואָס ער וועט ברענגען אויף די זינדיקע. אין איין צענטראַלן פּונקט זיינען זיי געווען דיפֿערענט. בשעת ירמיה זעט, אַז דער גערעכטער גאָט קען ניט פֿאַרטראָגן אַ געזעלשאַפֿט, וואָס איז זינדיק און טרעט מיט די פֿיס די רעליגיעזע עטיק, ווייכט פֿון צדק און טוט נאָר אומגערעכטיקייט און אַלס קאָנסעקווענץ דערפֿון זעט דער נביא ירמיה דעם ביטערן סוף פֿון מלכות יהודה און דעם פֿיינלעכן גלות פֿאַרן פֿאָלק ישראל, זעט דער נביא חבקוק עפּעס אַנדערש. אמת, דער גערעכטער גאָט קען ניט צוזען קיין עוולות, ער פֿאַרטראָגט ניט קיין אומרעכט, די אומגערעכטע איז אָבער בבל, זי איז שלעכט, זינדיק, אומאָראַליש, פֿאַרדאָרבן, קעגן איר איז יהודה אַ צדיק. בבל וועט גאָט באַשטראָפֿן און יהודה וועט אופֿגעריכט ווערן. דער נאַציאָנאַלער געפֿיל האָט באַזיגט דעם עטישן געפֿיל באַם נביא חבקוק.

# דער נביא צפניה

קלאָר און גענוי גיט אונדז איבער דער תנ״ך ווער דער נביא צפניה איז געווען. ער איז געווען גאָר א גרויסער יחסן, ער שטאַמט פון די הויכע אַריסטאָקראַטיע אין יהודה. אין זיינע אָדערן פליסט קעניג־לעכע בלוט. ער איז אַן אור־אור אייניקל פון מלך חזקיהו. דאָס מיינט, אַז ער האָט געהערט צום קעניגלעכן הויף און געלעבט אין ווילשטאַנד, ווי אַ פּרינץ קען לעבן.

עס איז אויך קלאָר און דייטלעך אָנגעגעבן אין וועלכער צייט צפניה האָט געלעבט און געווירקט. ער האָט געלעבט ווען אפן טראָן פון יהודה איז געזעסן אַ מינדעריעריקער קעניג, דער קליינער יאשיהו, אין וועמענס צייטן עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע רעפאָרמע אין רעליגיעזן לעבן פון יהודה. אורטיילנדיק נאָך דעם אינהאַלט פון זיין נבואה, איז צפניה אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט, אין אָנפאַנג פון יאשיהו׳ס מלוכה, נאָך בעפאָר עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן די גרויסע רעפאָרמעס. אין יענע צייטן, האָט זיך שוין דער הימל פון יהודה גענומען פאַרציען מיט פינצטערע כמארעס און געדיכטע וואָלקנס.

דער ריינער רעליגיעזער סענטימענט און פאַרשטענדעניש אין רעלי־גיעז־גייסטיקן לעבן איז צו יענער צייט געווען שטאַרק געפאַלן בא יידן. עטיק און מאָראַל, ווי בכלל דאָס לעבן, אין איינקלאַנג מיט די געבאָטן פון דער תורה, איז געשטאַנען אף אַ נידעריקער מדרגה. בולט האָט זיך געמערקט אין יהודה דער פּאָליטישער און קולטורעלער איינפלוס, וואָס אשור, די דעמאָלטדיקע וועלט־מאַכט, האָט ארופגעצווונגען. נאַטירלעך האָט אשור׳ס איינפלוס אַ סך געווירקט עס זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן דער יידישער גייסט און יידישע קולטור אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. גאָט פון ישראל האָט פאַרלאָרן אין אָנזען און חשיבות ווי באַלד ער קען ניט העלפן ישראל פון אשור, דעם היסטאָרישן שונא פון ישראל און יהודה. פאַרקערט, דער גאָט פון אשור האָט געוונען אין אָנזען. ער איז שטאַר־

קער און מעכטיקער פון ישראל׳ס גאט. והא ראיה, אשור שלאגט און באזיגט יהודה. האט מען זיך געווארפן צום קולט פון אשור, מען האט גענומען דינען צו די פארשיידענע געטער, וואס האבן זיך איינגעביר־גערט אין אשור׳ס לעבן, און מען האט אדאפטירט אשור׳ס קולטור.

באזונדערס שטארק איז געווען איינגעווארצלט אין לעבן פון יע־נער יהודה, אז זינט מען האט גענומען ארויסווייזן א נעגאטיווע באצי־אונג צו פרעמדע קולטן און מען האט זיך געהאלטן נאר באם קולט פון גאט פון יהודה, גייט עס פון שלעכט צו ערגער. אין יענער צייט האט געלעבט דער נביא ירמיה אויך און בא א געלעגנהייט האט דאס דער המון אפן אים געזאגט „זינט מיר האבן אופגעהערט צו רויכערן צו דער מלכת השמים״ — א סימבאלישע באצייכענונג פון דער „זון־גאט״ צו וועלכער מען האט געדינט, אף דעם שטייגער ווי דאס האבן געטאן די אשורים, „פעלט אונדז אלץ״.

אין דער צייט וואס מנשה האט געקיניגט איבער יהודה, א צייט פון פינף און פופציק יאר, האט ער געטאן אלץ וואס איז אים נאר גע־ווען מעגלעך צו סטימולירן די פרעמדע קולטן אין לאנד. דאס פאלק איז אפן איבערגעגאנגען צום דינסט פון פרעמדע געטער. דער גייסטיק־רע־ליגיעזער צענטער אין ירושלים — דער בית המקדש — איז געווארן א פאנטעאן פון געטשן און געטשקעס.

אמת, דער גרויסער נביא ישעיה, וואס האט געווירקט צוריק מיט א האלבן יאר הונדערט, האט טאקע איבערגעלאזט א גרופע תלמידים פון זיין שולע, וואס זיינען געווען געטריי צו די פרינציפן פון ריינער רעליגיעז־עטישער אמונה. זיי האבן טאקע פראפאגאנדירט דעם מאנאטעאיזם און די רעליגיעזע עטיק, וואס די נביאים האבן געזוכט, אבער זיי זיינען גע־ווען שוואך, אומעכטיק, זיי האבן ניט געהאט קיין איינפלוס אפן געזעל־שאפטלעכן לעבן. זיי האבן ניט געהאט דעם מוט און די דרייסטקייט אפן ארויסצוטרעטן מיט זייער פראפאגאנדע און פראטעסטירן קעגן די איינווארצלונג פון פרעמדע געטער און זייערע קולטן אין לאנד פון יהודה.

צפניה האט יא געהאט דעם מוט ארויסצוטרעטן. ער האט ניט מורא געהאט. ער איז געווען א קעניגלעכער פרינץ, א גרויסער אריסטאקראט

און דערצו צוגעבונדן צו דער יידישער אמונה מיט לייב און לעבן. צפניה האָט פּראָטעסטירט, דרייסט געשליידערט דעם אמת אין פּנים פון מלך, די פּרינצן און זייערע שררות. ער האָט צו גוט געוווסט, אַז דער קעניגלעכער הויף איז דער באַלוואַרט פון די אַלע אומווירדיקייטן און פרעמדע קולטן.

אַלס אויסגאַנגס־פּונקט פון זיין נבואה, האָט אים געדינט אַ היס־טאָרישע געשעעניש וואָס איז געשען אין יענער תקופה. אַ פּערספּעקטיוו פון אַ נאָנטע, גאָר גרויסע פּאָליטישע ענדערונג האָט צפניה באַמערקט מיט זיין נביאישן חוש. ער האָט דערפילט, אַז די דערוואַרטנדיקע פּאָ־ליטישע ענדערונג וועט קאַטאַסטראָפאַל זיך אָפּרופן אויף מלכות יהודה. די דאָזיקע ענדערונג, וואָס ער האָט דערוואַרט, האָט ער אָנגענומען אַלס דעם „טאָג פון גאָט", דאָס זעלביקע וואָס די נביאים, זיינע פאָרגענגער האָבן געזען. באַ יענע נביאים איז געווען דער „טאָג פון גאָט" די אויפ־גייענדיקע מלוכה פון אשור און זיי האָבן אין דער וועלט מלוכה געזען די רוט מיט וועלכער גאָט וועט שטראָפן די זינדיקע יהודה, פאַר איר אָפּטרינען פון ריינעם יידישן לעבן און יידישן גייסט. באַ צפניה'ן איז געווען דער „טאָג פון גאָט" דער אופקום פון סקתים, אַ ווילד פאָלק, וואָס האָט סטיכיש געשטראָמט פון די אַרמעניער בערג צו די ברעגן פון מיטלענדישן ים. ער האָט געזען אין די סקתים די שטראָף רוט, מיט וועלכע גאָט וועט שטראָפן יהודה פאַר איר אָפּטרינען פון דער ריינער יידישער אמונה — אַ פאַקט, וואָס טיילווייז האָט זיך דאָס טאַקע באַ־שטעטיקט. ער הויבט אָן זיין נבואה מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך וועל אַלץ פאַרניכטן פון אויבערפלאַך פון דער ערד,
זאָגט גאָט. איך וועל פאַרניכטן מענטשן און בהמות, פויגלען
פון הימל און פיש אין ים, די שטרויכלונגען און די רשעים,
וואָס האָבן די שטרויכלונגען אוועקגשטעלט, איך וועל פאַר־
ניכטן די גאַנצע מענטשהייט פון דער ערד, אַזוי זאָגט גאָט".

צפניה'ס וועלט־באַנעם און זיין אמונה באַגריף איז דער זעלביקער ווי באַ זיינע פאָרגענגער: עמוס, הושע ישעיה. ער איז אַ שטרענגער און איבערצייגטער מאָנאָטעאיסט ביז פאַנאַטיזם. פאַר אים איז ניטאָ קיין אַנדער גאָט אויסער דער פון ישראל, וואָס הערשט איבער גאָר דער

וועלט. פאַר אים קומט אויס, אַז בלויז טראַכטן פון אַז אַנדער גאָט, צונעמען אַן אַנדער גאָט אַלס שותף צום גאָט פון ישראל, איז דאָס דער גרעסטער פאַרברעכן, דאָס איז בא אים אַ פאַרלייקענונג פון גאָט אַליין. ער שטורעמט און פייערט קעגן דעם צוזאַמענמיש פון פרעמדע קולטן מיטן יידישן. די פרעמדע קולטור, וואָס יידן שלעפּן אַריין אין זייער לעבן, פאַרטושט דעם ריכטיקן פּנים פון דער יידישער קולטור. די פרעמדע קולטור פרעסט אויף דעם נאַציאָנאַלן גייסט פון יידישן לעבן און צעשטערט דעם יסוד פון יידישער עקזיסטענץ. צפניה שטראָפט, ער פּראָטעסטירט, ער וואָרנט קעגן אַדאָפּטירונג פון פרעמדע קולטורן אין יידישן לעבן.

צפניה גייט נאָך ווייטער. ער איז אַ קעניגלעכער פּרינץ. ער ווייסט אויסגעצייכנט, אַז די גאַנצע פאַרדאָרבנקייט און שלעכטס, וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין דער געזעלשאַפט, שטאַמט פון קעניגלעכן הויף. דאָרטן איז דער נעסט פון אַלדאָס בייזע און שעמט זיך ניט צו זאָגן די הויף־ספערן דעם אמת אין די אויגן. מיט צאָרן שרייט ער צו זיי אין נאָמען פון גאָט:

„איך וועל שטראָפן די האַרן און די קעניגלעכע פּרינצן, און אַלעמען וואָס קליידן זיך אין פרעמדפעלקערדיקע קליידער."

צפניה קען זייער גוט דאָס לעבן פון די אַריסטאָקראַטן און שררות. אין די פריערדיקע צייטן האָבן זיי נאָך כלומרשט געהאַלטן פון גאָט און געגלויבט אים. זיי האָבן ניט געהאַלטן פון די נביאים, וואָס האָבן גע־טענהט, אַז גלויבן אין גאָט מיינט זיך האַלטן שטרענג אַן די רעליגיעזע עטיק. זיך באַנעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט יושר, צדק און אמת, לעבן מיט גערעכטיקייט און ברידערלעכקייט. קעגן די דאָזיקע פאָדע־רונג פון די נביאים האָבן זיי געענטפערט:

„וואָס סטראַשעט איר אונדז? מיר האָבן דאָך גאָט בא אונדז, קען אונדז קיין שלעכטס ניט געשען".

אין זיין צייט זיינען שוין די אַריסטאָקראַטן און שררות פּולקאָם גלייכגילטיק געוואָרן צו גאָט. אין נאָמען פון גאָט שרייט ער צו זיי:

„איך וועל מיך דערמאָנען פון די פאַרגליווערטע אויף זייער

הייוון, וואָס טראַכט זיך, גאָט טוט ניט קיין גוטס און ניט קיין שלעכטס."

צפניה זעט דעם פועל יוצא פון אזא רעליגיעזע גלייכגילטיקייט. ער זעט, אַז דאָס פעלן פון רעליגיעזן סענטימענט באַם מענטשן, פירט אים צו פאַרדאַרבנקייט, אייגנוציקייט, אויסגעלאַסנקייט, פאַרקריפלונג פון גערעכטיקייט און געמיינקייט. אַט קעגן דעם טרעט אַרויס דער נביא צפניה:

„וויי, שמוציקע און באַטריגערישע שטאָט. זי האָט ניט געהאָרכט גאָט, זיטלעכקייט האָט זי ניט פאַרנומען, גאָט ניט געטרויט, צו אים זיך ניט דערנענטערט. אירע האַרן זיינען ווי שרייענדיקע לייבן, אירע ריכטער ווי הונגעריקע וועלף, אירע נביאים זיינען לייכטזיניקע, אירע גייסטיקע פירער פאַרשוועכן די הייליקייט און צערויבן די תורה".

ווי געזאָגט, איז צפניה אין דער הינזיכט פון שטעלן די רעליגיעזע עטיק, די גערעכטיקייט און ערלעכקייט אַלס גרונט־פּרינציפּ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, גלייך צו די נביאים זיינע פאָרגעגנער. אין דער הינזיכט פון פרעמדע קולטור און פרעמדע געוווינהייטן, וואָס יידן נעמען אַריין אין לעבן איז ער נאָך שאַרפער און שטרענגער פון זיינע פאָרגעגנער. באַ אים איז שוין א פאַרברעכן דאָס קליידן זיך אין קליידער פון פרעמדפעלקערדיקע. זיי אַלעמען, די קעניגלעכע פּרינצן, די שררות, די האַרן פון קעניגלעכן הויף, וואָרנט ער אין נאָמען פון גאָט מיט דעם „טאָג פון גאָט", וואָס דאַרף און מוז קומען צו באַשטראָפן דערפאַר, וואָס מען איז פון אים אָפּגעטרונען, דערפאַר וואָס מען פאַרלאָזט דעם יידישן מקור, דערפאַר וואָס מען איז גלייכגילטיק צו יידישער קולטור און מען ציט פאַר פרעמדע קולטורן, וואָס אַנטהאַלטן ניט די עטישע פּרינציפּן ווי די יידישע .

אין איין זאַך איז צפניה דיפערענט פון די אַנדערע נביאים. ער דערזעט אויך די קראַנקייט אין יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם, ער קען אָבער ניט אָוועקשטעלן דעם ריכטיקן דיאַגנאָז. ער וויל ניט שטעלן דעם דיאַגנאָז. כאָטש ער ווייסט די סיבה פון דער קראַנקייט. בשעת עמוס, הושע, ישעיה ווייזן קלאָר אַז פונוואַנען די קראַנקייט נעמט זיך. עס נעמט

זיך דערפון ווייל מען אונטערדריקט דעם אָרימען, מען באַרויבט דעם אַרבעטער, מען נאַרט און באַטריגט אין האַנדל און געזעלשאַפטלעכן פאַרקער, צפניה ווייזט דאָס ניט אָן. ער איז רייכער, אַן אַריסטאָקראַט. ער איז גע־קניפּט און געבונדן מיט רייכן לוקסוס־לעבן. ער איז צו פיל איינגעלעבט אין דעם לעבן פון איבערפלוס. יאָ, ער שטראָפט זיי, ער מוסר'ט זיי, ער וואָרנט און פאַרדערט זיי זאָלן דעם פאַרדאַרבענעם לעבן אויבעסערן אָבער אָנווייזן דירעקט, אין וועלכער ריכטונג אויסצובעסערן, אָנווייזן, אַז דעם אָרימאַן דאַרף מען ניט דריקן, ניט באַהאַנדלען אים מיט אומ־רעכט, דאָס טוט ער ניט. ער פועלט ניט בײַ זיך צו זיין דער מליץ יושר פון די אָרימע. צו אַריסטאָקראַטיש איז געווען זיין בלוט, ער קען דאָס ניט.

גלייך ווי בײַ די פריערדיקע נביאים, איז בײַ דעם נביא צפניה אויך דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין נבואה, די רעליגיעזע עטיק. ער וויל אויך, אַז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן זאָלן דאָמינירן די פּרינציפּן פון צדק, יושר, דאָס יידיש לעבן זאָל זיך אַנטוויקלען אין באַשיידנקייט און איינפאַכקייט. די דאָזיקע פּרינציפּן איז בײַם נביא צפניה אויך דער עיקר אין דער ריינער יידישער אמונה. ער דערמוטיקט אין זיין נבואה די יונגע נביאים, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם גרויסן נביא ישעיה, די וואָס האָבן ניט געהאַט דעם מוט עפנטלעך אַרויסצוטרעטן. ער זאָגט צו זיי:

„איר באַשיידענע פון לאַנד, זוכט גאָט. זוכט גאָט די וואָס איבן אויס גערעכטיקייט. זוכט באַשיידנקייט, זוכט גערעכטי־קייט, אפשר וועט גאָט זיך דערבאַרעמען איבער אייך."

צפניה איז ניט שטענדיק געווען צאָרנדיק און שטראָפנדיק. ווי די איבעריקע נביאים, איז ער אויך געווען אַ פלאַם־פייערדיקער פּאַטריאָט און אַ הייסער נאַציאָנאַלער ייד. כאָטש ער האָט געדראָט און געוואָרנט זיין פאָלק פאַרן „טאָג פון גאָט" האָט ער אָבער דאָך שטאַרק ליב זיין פאָלק און לאַנד, ער וויל זען זיין פאָלק שטיין אויף אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ, אויף וועלכן ער באַדאַרף שטיין, אין איינקלאַנג מיט רעליגיעז־עטישן וועלט באַנעם און אין גייסט פון זיינע פאָרגענגער. ער געפינט מאָמענטן צו טרייסטן, צו גלעטן אוןריידן ווייכע רייד איבער דער צו־קונפט פון זיין ליב לאַנד. אמת, טראָצדעם, וואָס ער איז געווען אַ פּרינץ

און א דירעקטער אפשטאמלינג פון דוד המלך ווערט ער אבער ניט אזוי ראמאנטיש ווי די פריערדיקע נביאים און פאלגט ניט נאך זייער משיח־אידעאל, אז איינער פון דוד'ס שטאם וועט קומען און אויסלייזן די יידן פון זייער שלעכטער לאגע. ער דערמאנט אפילו ניט, אז אין יהודה וועט הערשן א מלך. דער צענטראלער געדאנק פון זיין צוקונפטס־נבואה איז — די עטישע מאמענטן אין יידישן פאלקס־לעבן.

צפניה רעדט פון א צוקונפט, וואס וועט באשטיין פון אן ארימע „שארית הפליטה", אבער א גערעכטע און א באשיידענע. ער זאגט אין נאמען פון גאט:

„איך וועל איבערלאזן אין דיר אן ארים און באשיידן פאלק. דער שארית הפליטה וועט זיך שיצן אין גאט, זיי וועלן ניט באגיין קיין עוולות, ניט ריידן קיין ליגן און וועלן ניט זיין פאלש".

בנוגע די יידישע שונאים און פייניקער, רעדט ער צו זיין פאלק מיט הארציקע ווארימע ווערטער און מיט א ווארימען מיטגעפיל:

„איך וועל אונטעדריקן דיינע פייניקער, איך וועל העלפן די שוואכע שעפסלעך, די פארשטויסענע וועל איך צונויפזאמלען. איך וועל זיי ברענגען אין זייער לאנד, איך וועל זיי מאכן א גרויסן נאמען, צו א לויב צווישן אלע פעלקער, בשעת איך וועל זיי אומקערן צו זייער לאנד, אזוי האט גאט געזאגט".

אף דעם עטישן הויך וויל צפניה זען דעם געליטערטן און גערייניקטן שארית הפליטה, וואס וועלן בלייבן אין לאנד, און די וואס גאט וועט צונויפזאמלען.

---

# נחום הנביא

גאַר ווייניק איז אונדז באַקאַנט וועגן דעם נביא נחום. דער תנ״ך דערציילט אונדז נאָר, אַז דער נביא האָט געלעבט אין אַ שטאָט אלקוש. ווער דער נביא איז געווען, ווער איז זיין משפחה, פונוואַנען ער שטאַמט, דאָס פאַרשווייגט דער תנ״ך. אפילו די שטאָט וואָס ווערט שוין יאָ דער־מאַנט, איז אויך אומבאַקאַנט ווו זי האָט זיך געפונען. עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז די שטעטל איז געלעגן אין יהודה, ערגעץ אין גליל, און דער נביא זאָל האָבן געלעבט אין דער שטעטל.

אַן אַנדער מיינונג איז פאַראַן, אַז אלקוש איז אַ שטאָט, וואָס איז געלעגן אין אשור. די מיינונג ווערט באַקרעפטיקט דערמיט, וואָס אונ־דזער נביא ווייזט אַרויס אַ גרויס באַהאַוונקייט אין געזעלשאַפטלעכן, פּאָ־ליטישן און מלוכה לעבן פון אשור. דער נביא באַנוצט אפילו אין זיין שפּראַך געוויסע אשורישע אויסדרוקן. דאָס מאַכט דעם איינדרוק, אַז דער נביא האָט געלעבט אין יענעם לאַנד און איז גוט באַקאַנט מיט אַלע אַנגעלעגנהייטן פון לאַנד. פון דעם פאַקט בויט מען די השערה, אַז דער נביא האָט געמוזט זיין איינער פון די יידן פון מלכות ישראל, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון ישראל דורך תגלת פלאסר, דער קעניג פון אשור, ווען ער האָט פאַרניכטעט די מלוכה פון ישראל.

די דערמאָנטע מיינונג ווערט נאָך געשטיצט דורך דעם פאַקט, וואָס דער ספר נחום איז אַנדערש פון די אַנדערע ספרי נביאים. ער פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער „משא נינוה, ספר חזון נחום האלקושי״. דאָס מיינט, אַז זיין נבואה איז געווען אַ געשריבענע ניט קיין גערעדטע, ווי די נבי־אות פון אַלע אַנדערע נביאים. מען מיינט, אַז לעבענדיק אין אשור האָט ער מורא געהאַט עפנטלעך אַרויסצוטרעטן קעגן דער מלוכה, דערפאַר האָט ער זיינע ווערטער פאַרשריבן אין אַ בוך און דאָס איז צו אונדז אָנגעקומען שוין אין אַ שריפטלעכער פאָרם.

איינס ווערט קלאָר פון זיין נבואה. ער איז געווען אַ הייסער נאַציאָ־נאַלער ייד און האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין פאָלק און דאָס לאַנד. ער

איז געווען גאָטספּאָרכטיק און האָט דערוואַרט פון גאָט, ער זאָל העלפן זיין פאָלק פון די הענט פון זיינע שונאים. אשור האָט ער באַטראַכט אַלס איינע פון די פאַרביטערסטע שׂונאים פון יידישן פאָלק.

נחום הנביא האָט זייער געליטן. זיין האַרץ האָט געוויייטיקט איבער מלכות יהודה, וואָס איז נאָך געבליבן אויף דעם באָדן פון הייליק לאַנד. אשור, די גרעסטע און שטאַרקסטע מלוכה אין יענער צייט, האָט שוין אייניקע מאָל פאַרוויסט הורבן און פאַרוויסטונג צו די מלוכות פון ישראל און יהודה. אַזוי ווייט איז געגאַנגען די רשעות פון אשור צו יהודה, אַז זיי האָבן געפאַנגען מנשה דעם קעניג פון יהודה, זיי האָבן אים געשמידט אין קייטן און פאַרשיקט קיין בבל, אַ לאַנד וואָס איז געווען אונטערטעניק פון אשור. דערפון קען מען זען וויפל יהודה האָט געהאַט אויסצושטיין פון דעם קלאַסישן שונא. איז דאָס ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז יידן האָבן געלעכצט נאָך נקמה אין אשור. זיי האָבן געוואָלט זען איר מפלה. דאָס וואָלט אויף וויפל ניט איז געמינדערט די נאַציאָנאַלע יסורים, וואָס דאָס דאָזיקע לאַנד האָט זיי פאַרשאַפט.

אָט די דאָזיקע אַזוי געגאַרטע נקמה אַז אשור האָט זיך שוין געשפּירט אין דער לופט. אין יענער תקופה האָט זיך אשור פאַרפלאָנטערט אין גרויסע און שווערע מלחמות. אין מזרח האָט געהאַלטן אין וואַקסן אַ שטאַרקע און גרויסע מלוכה. די מלוכה פון די כשדים וואָס האָט גענומען שאַרפן די ציין אויף אשור און זיך פאַרמאָסטן, אַרויסרייסן פון זייערע הענט די הענעמאָניע איבערן מזרח און די ברעגעם פון מיטלענדישן ים. מצרים, וואָס איז געווען באַזיגט פון אשור און איר גרעסטע הויפּט־שטאָט איז געווען אויסגערויבט פון איר, האָט אויך געהאַט אַ חשבון מיט אשור. מצרים האָט זיך אָפּגעריסן פון איר הערשאַפט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיך מיט איר אָפּצורעכענען פאַר אירע פריערדיקע מפּלות און חרפּות וואָס אשור האָט איר פאַרשאַפט. זי האָט איז דער שטיל געמאַכט פּלענער ווי אָפּצונעמען צוריק דעם רויב און די פּלינדערונג וואָס אשור האָט בא איר גענומען.

דער נביא נחום, לעבענדיק אין אשור, האָט געפילט און געזען, אַז אין האַריזאָנט רוקן זיך שוואַרצע כמאַרעס אויף אשור און זיין האַרץ, די האַרץ פון אַ יידישן פּאַטריאָט, האָט אויפגעציטערט פון אַ באַהאַלטע־

נער פרייד. אט באלד און ער וועט זען די מפּלה פון יהודה'ס היסטאָ־רישן שונא. זיין טיפער גלויבן אין גאָט פון ישראל האָט אים געגעבן די זיכערקייט, אַז אשור מוז ווערן באַשטראָפט פאַר זיין רשעות צום פאָלק ישראל און לאַנד פון יהודה און אָט דער געדאַנק זיינער איז גע־וואָרן דער צענטראַלער פּונקט פון זיין נבואה.

זיין נבואה איז איינפאַך, אָן הויכע מליצות, אָן געפלאָנטערטע גע־דאַנקען. זי גייט אין איין ריכטונג — די מפּלה פון אשור. אים אינטע־רעסירט נאָר איין זאך — דערלעבן זען ווי אשור און איר הויפּטשטאָט נינוה, וועט ליגן צו דער ערד אַ צעטראָטענע און אַ דערנידעריקטע און דאָס פאָלק ישראל וועט זיך פרייען איבער איר מפּלה.

אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע נביאים, וואָס האָבן געשטורעמט און געליארעמט אפן פאָלק פון ישראל פאַר זיין אומגערעכטיקייט אין גע־זעלשאַפטלעכן לעבן, פאַר זיין גלייכגילטיקייט צו דער מענטשלעכער עטיק, אַדאָפּטירונג פון פרעמדע קולטן, זעט ניט דער נביא נחום קיין פאַרברעכן אין זיין פאָלק. אים אינטערעסירט ניט ווי און אין וועלכער ריכטונג עס גייט דער געזעלשאַפטלעכער לעבן פון זיין פאָלק. עס אינ־טערעסירט אים ניט זייער באַציאונג צו גאָט און ווי זיי האַלטן מיט דער רעליגיע. די שנאה צום היסטאָרישן שונא פון יהודה ברענט בא אים אזוי שטאַרק, אַז זי פאַרטושט אַלע אַנדערע געשעענישן וואָס ער זעט.

לויט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון יענער תקופה און די אויסוויק־לונג פון די פּאָליטישע געשעענישן אין יענער צייט, קומט אויס, אַז דער נביא נחום האָט געלעבט אין איין צייט מיטן נביא ירמיה, אָבער וואָס פאַר אַ מהלך ליגט אין די נביאות פון זיי ביידן. בשעת ירמיה זעט גאָר־ניט וואָס עס טוט זיך ארום יהודה, ער זעט נאָר אַז זיין פאָלק ישראל איז זינדיק, גייט ניט אין די וועגן ווי עס איז אים אָנגעצייכנט פון דער תורה און פירט ניט אוים די מיסיע וואָס די געשיכטע האָט אָף אים אָרויפגעלייגט. ישראל באַגייט אַלערליי מאָראַלע, געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע פאַרברעכנס און וויל זיינע זינד גוט מאַכן מיט אַ קרבן צו גאָט. דוגערט טאָקע ירמיה באַגלייך מיט אַלע אַנדערע גרויסע נביאים און פּראָטעסטירט קעגן זיין פאָלק, קעגן די הוליאַנקעס און שמחות,

וואָס זיי אָרדענען איין באַם ברענגען די קרבנות. ער שרייט אָפּן:

„אייערע קרבן עולות וויל איך ניט, אייערע זבחים זיינען מיר ניט אָנגענעם".

אין דער זעלביקער צייט שרייט אונדזער נביא נחום:

„פייער דיינע ימים טובים, באַצאָל דיינע קרבנות."

נחום איז דער אמתער פאָלקס־מענטש. ער איז א גרויסער יידי־שער פּאַטריאָט. ער איז צופרידן מיטן קולט און גאָט דינען בא וועלכן דאָס פאָלק האַלט זיך. זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישע השגה לויפט ניט צו ווייט. זיין רעליגיעז־עטישער וועלט באַנעם איז כמעט ניט העכער ווי באַם דורכשניטלעכן ייד פון יענער צייט. זיינע נאַציאָנאַלע געפילן און ליבע צום פאָלק זיינען אָבער אויסערגעוויינלעך גרויס און שטייען א סך העכער ווי בא א געוויינלעכן ייד. אין זיינע נאַציאָנאַלע געפילן איז ער גלייך מיט די גרויסע נביאים. נחום הנביא נוצט ניט אויס זיינע נאַציאָ־נאַלע געפילן צו שטראָפן דעם עולם און ווירקן דערציעריש אָפן פאָלק. ער וויל זיינע נאַציאָנאַלע געפילן איינפלאַנצן אין האַרצן פון די יידן. ער וויל אָנפילן די הערצער פון זיינע ברידער מיט פרייד און האָפענונג. ער וויל זיי אויפמונטערן און שטאַרקן. גענוג צרות האָבן זיינע ברידער איבערגעלעבט, גענוג זיינען זיי אויסגעשטאַנען פון זייער היסטאָרישן שונא. נחום רעדט ניט פון חורבן און אומקום, ער סטראַשעט ניט מיט גלות און אונטערגאַנג, ווי דאָס האָבן געטאָן די אַנדערע נביאים. גראָד פאַרקערט, ער טרייסט זיין פאָלק און רעדט צו זיי ווארימע האַרציקע ווערטער. ער זאָגט זיי צו, אַז דער גאָט פון ישראל וועט זיך אָנעמען זייער קריוודע און וועט זיי העלפן פון זייערע שונאים.

אין דעם ערשטן טייל פון זיין נבואה שילדערט ער פּרעכטיק און וווּנדערבאַר שיין די דערוואַרטונג פון גאָטס נקמה איבער אשור. פּאָעטיש, לידערדיק און בילדעריש מאָלט ער די מאַכט פון גאָט. צו ערשט הויבט ער אָן, אַז גאָט איז א בעל נוקם אָבער ער פאַרשטייט איינצוהאַלטן זיין כעס ביז א צייט. קומט שוין אָבער דער מאָמענט צו נעמען נקמה פון זיינע שונאים איז זיין קראַפט געוואַלדיק.

„גאָטס וועג איז דורך שטורעם. דער וואָלקן איז א שטויב אונטער זיינע פיס.

ער גיט נאָר אַ געשריי אפֿן ים, ווערט ער טרוקן,
דער גרינער, געדיכט באוואַלדעטער בשן און דער פֿרוכטבאַרער
כרמל ווערט פֿאַרטריקנט, די בליאונג פֿון לבנון ווערט פֿאַר־
וועלקט. בערג ציטערן פֿאַר אים, הויכענישן טרייסלען זיך,
ווער קען זיך קעגנשטעלן זיין כעס?"

אין אַן ענלעכער שיינער פֿאָרם, שילדערט דער נביא דעם מאָמענט פֿון זיין נקמה אַן אשור און איר הויפּט־שטאָט נינוה. ער זעט מיט זיין נביאישן חוש די מלחמה וואָס עס וועט זיך אַפּוויקלען אַרום נינוה. ער זעט די באַוועגונג פֿון דער אַרמיי, די אָנגעשטרענגטע פֿייגלעכע לאַ־גע פֿון די באַלאַגערטע אין נינוה און די פּאַניק וואָס עס ברעכט אויס צווישן די איינוווינער פֿון דער שטאָט.

„אַלע דיינע פֿעסטונגען וועלן זיין,
ווי פֿייגנבוימער מיט ערשטלינגן פֿייגן,
ווען זיי ווערן געטרייסלט,
פֿאַלן זיי דעם עסער אין מויל.
זע, דיין פֿאָלק אין דיר זיינען ווייבער,
געעפֿנט זיינען געוואָרן די טויערן פֿון דיין לאַנד,
דער פֿייער האָט פֿאַרצערט דיינע ריגלען.
פֿאַרשטאַרק דיינע פֿעסטונגען,
גיי אין ליים, טרעט אין קאַלך,
נעם אַן דעם ציגל־פֿורעם,
ערשט דעמאָלט וועט דיך אַ פֿייער פֿאַרצערן,
אַ שווערד וועט דיך פֿאַרשניידן,
זי וועט דיך אופֿעסן ווי דער הוישעריק".

אינעם צווייטן טייל פֿון זיין נבואה, ווידמעט דער נביא דער צו־קונפֿט פֿון ישראל, נאָכדעם ווי זיין גרעסטער שונא אשור וועט גע־בראָכן ווערן און וועט אופֿהערן צו עקזיסטירן.

אין זיין נביאישן באַנעם באַווייזט זיך נחום אַלס ענג נאַציאָנאַלער נביא. ער געהערט ניט צו די נביאים, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט דעם גאָט פֿון ישראל אַלס גאָט פֿון גאַנצן אוניווערס. ער האַלט, אַז דער בונט וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט דעם פֿאָלק ישראל איז אַן אייביקער, גאָט וועט

קיינמאָל ניט פאַרלאָזן זיין פאָלק, אויב דאָס פאָלק ווייסט ווי אים צו דינען. ער צווייפלט ניט אַף אַ מאָמענט, אַז דער ריכטיקער גאָטס־דינסט איז דער באַ וועלכן דאָס פאָלק האַלט זיך — ברענגען קרבנות — און טוען זיי דאָס, וועט גאָט בלייבן צופרידן און וועט זיך אָפּרעכענען מיטן שונא פון זיין פאָלק.

די ליבע פון נביא נחום צו זיין פאָלק איז אַזוי שטאַרק, אַז ער באַגרייפט ניט, ווי אַזוי די אַנדערע נביאים האָבן געקענט פּרעדיקן און פאָדערן פון פאָלק רעליגיעזע עטיק, מאָראַל, סאָציאַלע גערעכטיקייט, דינען גאָט מיט הארץ אַנשטאָט קרבנות. ער וויל ניט פאַרשטיין, אַז דאָס זאָל זיין דער עיקר פון דער ריינער יידישער אמונה. באַ אים קומט גאָר אויס, אַז די נביאים וואָס סטראַשען דאָס פאָלק מיט חורבן און גלות, אַז ציון וועט אופהערן צו עקזיסטירן, דאָס איז גאָר אַ גאָט־לעסטערונג. לויט זיין באַגריף איז ציון די נחלה פון גאָט, גאָט בלייבט אייביק דער גאָט פון ישראל און ציון מוז אויך בלייבן אייביק און אין שטענדיקן באַזיץ פון זיין פאָלק ישראל. דער פּרעכטיקער בית המקדש וועט אַף אייביק בלייבן דער רעליגיעז־גייסטיקער צענטער פון זיין פאָלק ישראל, אָט אין דער ריכטונג רעדט דער נביא און טרייסט זיין פאָלק.

דער חורבן פון אשור און אונטערגאַנג פון נינוה, וואָס נאָך זיין איבערצייגונג מוז און וועט קומען, איז אַ באַשטעטיקונג, אַז זיין מיינונג אין דער ריכטיקער און זיין שטאַנדפונקט דער אמתער איז דען ניט אַ געוואונגדיקער באַווייז, די מפּלה פון אשור, אַז גאָט ליבט זיין פאָלק ישראל און ער נעמט זיך אַז פאַר אים? אויסערגעוויינלעך גרויס איז די פרייד פון נביא מיט דער מפּלה פון אשור, דער בלוטיקסטער שונא פון זיין פאָלק. ער זעט שוין ווי אשור ליגט אַ צעשמעטערטע און אַ צעבראָכענע. ער פילט שוין אין דער נאָענטקייט ווי אַף די בערג פון ציון שפּרינגט דער אַנזאָגער פון שלום אַף ישראל. פון גרויס באַגייסטערונג שרייט ער מיט פּאַטאָס:

„פייער, יהודה, דיינע פייערטעג,
צאָל דיינע נדרים,
מער וועט שוין דער מנוול ניט קומען צו דיר,
ער ליגט שוין אינגאַנצן פאַרניכטעט“.

## יונה הנביא

דער נביא יונה, כאָטש זיין נאָמען פיגורירט צווישן די נעמען פון די צוועלף נביאים, באַקאַנט אין תנ"ך אונטער דעם נאָמען „תרי עשר" האָט ער אָבער דעם ספר, ווו עס ווערט געבראַכט זיין נבואה ניט געשריבן.

דער אינהאַלט פונעם ספר יונה, איז אַן אַלטע מיטאָלאָגישע ים־מעשה, וואָס מען געפינט זי, אין אַ געענדערטער פאָרם, אויך אין אַנדערע ליטעראַטורן פון יענער צייט. יונה הנביא איז בלויז דער העלד פון דער דערציילונג.

ווער זשע איז דאָך געווען דער נביא יונה? זיין נאָמען איז דערמאָנט אין דער תנ"ך ליטעראַטור, אין דער צייט ווען ירבעם דער צווייטער איז געווען קעניג איבער ישראל. דאָרטן ווערט דערמאָנט דער נביא יונה אַלס אַזעלכער, וואָס האָט נביאות געזאָגט, אַז די טעריטאָריע פון מלכות ישראל וועט זיך אויסברייטערן פון חמת ביז דעם טאָל פון ערבה. דאָס הייסט, פון מזרח ביז מערב. ווי מען קען זיך פאָרשטעלן פון דער נבואה, איז יונה געווען אַ הייסער פּאַטריאָט פון זיין פאָטערלאַנד ישראל, אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער ייד און האָט געוואָלט זען אַ גרויסע און שטאַרקע מלוכה. יונה געהערט ניט צו די נביאים, וואָס זייער וועלט באַנעם אין מאָנאָטעאיזם איז געווען אוניווערסאַל, אויסער די גרענעצן פון דער יידישער מלוכה. ער האָט ניט געהאַלטן, אַז דער גאָט פון ישראל איז אַ וועלט גאָט, וועמענס השגחה שפּרייט זיך אויס און נעמט אַרום די גאַנצע וועלט פירונג. יונה הנביא איז געווען פון די נביאים, וואָס האָבן געוואָלט האָבן גאָט נאָר פאַר זיך, פאַר דער אייגענער מלוכה נאָר, זיין השגחה זאָל זיך באַגרענעצן נאָר אין לאַנד פון ישראל.

דער ספר יונה אַנטהאַלט ניט קיין היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען געשעעענישן פון אַ געוויסער תקופה אין יידישן לעבן. דער ספר דערמאָנט אויך ניט קיינע פּאָליטישע געשעענישן וואָס זאָל האָבן אַ שייכות צום לעבן פון מלכות ישראל אָדער יהודה. דער אינהאַלט פון ספר איז פיל מער אַ פאַנטאַסטישער. די דערציילונג וואָס מיר לייענען אַרויס פון ספר, איז מער לעגענדאַריש ווי פאַקטיש.

מען דארף געדענקען, אז אין דער צייט ווען עס האט געלעבט יונה הנביא זיינען געווען צוויי שטרעמונגען און צוויי שיטות אין באַגריף פון מאָנאָטעאיזם. בשעת איין מיינונג האט געהאַלטן, אז מאָנאָטעאיזם, גלויבן אין איין און איינציקן גאָט, איז אַ יידישע נאַציאָנאַלע איינגנשאַפט און דער איינציקער גאָט דארף געהערן נאָר דעם יידישן פאָלק, האט די אַנדערע שטרעמונג געהאַלטן, אַז גאָט איז אוניווערסאַל און געהערט דער גאַנצער וועלט. גאָטס השגחה שפּרייט זיך אויס איבער אַלע פעלקער און אַלע באַשעפענישן.

מען קען זיך לייכט משער זיין, אַז עס האט זיך געפירט אַ ווערבאַלע פּאָלעמיק צווישן די ביידע מיינונגען. די אָנהענגער פון איין גרופּע האָבן געוואָלט איבערצייגן דער אַנדערער אין דער גערעכטיקייט פון זייער שטאַנדפּונקט און פאַרקערט. די גרופּע וואָס האָבן געהאַלטן, אַז גאָט איז אוניווערסאַל האָבן גענומען די דאָזיקע לעגענדארישע מעשה אָנגעטאָן איר אַ יידישן לבוש, אָנגעטאָן אין אַ זעלטן ריינעם העברעאיש, מיט אַ שיינעם פּראָזאַאישן סטיל און אַרויסגעבראַכט, אין עכט יידישן גייסט, אַ פיינעם מוסר השכל, אַז גאָט איז ניט נאָר אַ גאָט פון יידן אַליין, נאָר ער איז אַ גאָט איבער דער גאַנצער וועלט און איבער אַלע באַשעפענישן, וואָס פילן אַן די וועלט.

דער אינהאַלט פון דער דערציילונג איז פאָלגנדיקער: גאָט האט באַפוילן דעם נביא יונה, גיין אין נינוה, די הויפּטשטאָט פון אשור מיט אַ ריזן באַפעלקערונג, אַ שטאָט וואָס דארף נעמען דריי טעג צייט, איר דורכצוקרייצן און ער זאָל וואָרנען די איינוווינער, אויב זיי וועלן ניט אָוועקוואַרפן זייער פאַרדאָרבן לעבן, וועלן זיי אַלע אומקומען.

דער נביא יונה ווייסט אָבער, אַז גאָט פון ישראל איז פול מיט רחמנות און גנאָד, זייער מעגלעך, אַז די באַפעלקערונג פון נינוה וועלן דערהערן וואָס זיי דערוואַרט, וועלן זיי תשובה טאָן און גאָט וועט זיך איבער זיי דערבאַרעמען און זיי מוחל זיין. אין אַזאַ פאַל, וועט ער באַטראַכט ווערן ווי אַ פאַלשער נביא. האט ער ניט געוואָלט אויספילן דעם באַפעל פון גאָט און איז אַנטלאָפן פון גאָט. ער האט זיך איינגעשיפט אין אַ שיף וואָס שווימט אָפּ קיין תרשיש, ווייט פון לאַנד ישראל.

פון גאָט אָבער קען מען ניט אַנטלויפן. אַ שטורעם האט אים אָנגע־

יאַגט. דער ים האָט זיך צעשטורעמט און געדראָט צו דערטרינקען די שיף, אויף וועלכער יונה איז געשוווּמען.

די מאַטראָזן, זיך זעענדיק אין גרויס געפאַר, האָבן גענומען בעטן יעדער בײַ זײַן גאָט, ער זאָל זיי העלפן פון דער געפאַר. זיי האָבן אַרויס־געוואָרפן פון שיף אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט כדי לײַכטער צו מאַכן די שיף, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דער שטורעם האָט ניט נאָכגע־לאָזן. דער נביא יונה האָט זיך ניט געמאַכט וויסנדיק פון דעם גאַנצן טומל, ער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל פון שיף און רויִק גע־דרימלט.

דערזעענדיק אים אַ שלאָפנדיקן, האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן צו אים אַ געשריי געטאָן: שטיי אויף, גיי דו אויך בעט בײַ דײַן גאָט, אפשר וועט ער זיך איבערלעגן און אונדז ראַטעווען פון אונטערגאַנג.

די מאַטראָזן האָבן דערווײַל גענומען וואַרפן גורל. זיי האָבן געוואָלט וויסן צוליב וועמען דער אומגליק איז געקומען אויף זיי און ווער עס איז שולדיק אין דער גאַנצער צרה — פּונקט איז דער גורל געפאַלן אויף דעם נביא יונה.

די מאַטראָזן האָבן זיך געווענדעט צום נביא מיט דער פראַגע: זאָג אונדז צוליב וואָס קומט אויף אונדז אַזאַ אומגליק? וואָס איז דײַן באַשעפ־טיקונג און פונוואַנען קומסטו? וועלכעס איז דײַן לאַנד און פון וועלכן פאָלק שטאַמסטו?

איך בין אַ ייד, האָט דער נביא געענטפערט, איך גלויב אין גאָט פון הימל, וואָס האָט באַשאַפן דעם ים און די טריקעניש. איך אַנטלויף פון גאָט.

אַט דער קורצער און אופריכטיקער ענטפער פון נביא האָט אַרופגע־וואָרפן אויף די מאַטראָזן אַ מורא. זאָג אונדז, וואָס זאָלן מיר מיט דיר טאָן, אַז דער ים זאָל זיך באַרויִקן? האָבן אים די מאַטראָזן געפרעגט.

נעמט מיך און וואַרפט מיך אַרײַן אין ים וועט דער שטורעם אויפ־הערן, האָט זיי דער נביא, אַז וואַקלעניש, געענטפערט. איך ווייס אויף זיכער, אַז דער שטורעם איז צוליב מיר.

די מאַטראָזן האָבן זיך אָבער ניט געאײַלט אומצוברענגען אַ מענטש. זיי האָבן פּרובירט קערעווען די שיף צו אַ ברעג, אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען, דער ים האָט נאָך מער גענומען שטורעמען.

ניט האבנדיק קיין אנדער אויסוועג ווי צו אריינוואַרפן דעם נביא אין ים, אַלס דעם שולדיקן אין שטורעם, האָבן די מאַטראָזן געהאַלטן פאַר זייער מאָראַלישן חוב, פריער תפילה טאָן צו גאָט, ער זאָל זיי מוחל זיין דעם גרויסן פאַרברעכן, וואָס זיי גייען טאָן, אומצוברענגען אַ מענטש פון דער וועלט. ערשט נאָכדעם האָבן זיי גענומען דעם נביא און אַריינגעוואָרפן אין וואַסער און עס איז געשען אַ וווּנדער. דער שטורעם האָט תיכף אופגעהערט.

אַ גרויסער וואַלפיש האָט אופגעכאַפּט דעם טרינקנדיקן נביא און אים איינגעשלונגען. דריי טעג און דריי נעכט האָט ער אים געהאַלטן אין זיינע געדערים, דערנאָך האָט ער אים אויסגעשפּיגן אַף אַ ברעג.

מיט אַ רירנדיקן געבעט האָט דער נביא באַדאַנקט גאָט, ווען ער האָט זיך דערזען געראַטעוועט פון טויט, טיף פּאַטעטיש, פול מיט וואַרעמע רעליגיעזע געפילן איז די תפילה, וואָס דער נביא האָט געבעטן, ווי עס ווערט געבראַכט אין דער דאָזיקער דערציילונג.

צום צווייטן מאָל האָט גאָט באַפוילן דעם נביא ער זאָל גיין אין נינוה און וואָרענען די דאָרטיקע איינוווינער, זיי זאָלן טאָן תשובה און אופהערן מיט זייער פאַרדאָרבענעם לעבן און דאָס מאָל האָט דער נביא געפאָלגט. ער איז אוועק קיין נינוה. געגאַנגען איבער די גאַסן און גע־שריען

„אין פערציק טעג אַרום וועט די שטאָט אונטערגיין".

די איינוווינער האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם רוף פון נביא און האָבן גענומען תשובה טאָן, זיי האָב געביטן זייער פאַרדאָרבענעם לעבן, זיי האָבן אויסגערופן אַ תענית, זיך אָנגעטאָן אין זעק, דער סימבאָל פון טרויער, אַלע, אַפילו קליינע קינדער, בהמות, אַלע האָבן געמוזט פאַסטן. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט, תפילה געטאָן צו גאָט, זיי האָבן זיך אונטערגענומען מער ניט צו רויבן און מאָרדן, אוועקגעוואָרפן די שלעכטע פירונג זייערע און האָבן געוואַרט, אַז גאָט זאָל זיי מוחל זיין. און גאָט, זעענדיק, אַז זיי טוען תשובה און האָבן חרטה פון גאַנצן האַרצן, האָט ער זיי טאַקע מוחל געווען.

דעם נביא יונה האָט שטאַרק פאַרדראָסן די גאַנצע מעשה און האָט זיך גענומען אויסשמועסן מיט גאָט. זעסט, האָט ער געזאָגט, דערפאַר

טאקע ביז איך דאך אנטלאָפן פון דיר. איך האָב געוווסט, אַז דו ביסט אַ בארעמהערציקער און גנעדיקער און דו וועסט באַלד מוחל זיין און איצט בין איך גלייך ווי אַ פאַלשער נביא.

פון פאַרדרוס האָט ער פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצט אויסער דער שטאָט. ער האָט זיך געמאַכט אַ געצעלט און איז געלעגן אין שאָטן, אָפּגעוואַרט וואָס וועט געשען אין שטאָט.

די היץ איז אָבער געווען אַזאַ גרויסע, אַז דער שאָטן פון ביידל איז ניט גענוג געווען אים צו שיצן פון דער ברענענדיקער זון. האָט גאָט געמאַכט, אַז עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער פלאַנץ פון אַ ריצינבוים און מיט זיינע גרויסע בלעטער באַדעקט די ביידל ווו דער נביא איז געלעגן. פרייט זיך דער נביא איבער דעם פלאַנץ, וואָס איז פלוצלינג אויסגעוואַקסן און פאַרשאַפט אים פאַרגעניגן.

צו מאָרגנס זיינען געקומען ווערים און האָבן אונטערגעריזשעט דעם פלאַנץ. דער פלאַנץ איז פאַרטריקנט געוואָרן און ניט געגעבן מער קיין שאָטן.

דעם טאָג האָט די זון זיך פאַנאַדערגעגליט און געברענט אַז רחמנות. דער נביא האָט ניט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ פייערדיקע היץ און איז געפאַלן אין אָנמאַכט פון דער היץ. ער האָט זיך געווונטשן בעסער דעם טויט איידער לעבן אין אַזאַ היץ.

אהאַ, האָט גאָט געזאָגט צו אים, עס פאַרדריסט דיר גוט, וואָס דער פלאַנץ איז אויסגעטריקנט געוואָרן?

יאָ, האָט דער נביא צוגעגעבן, עס פאַרדריסט מיר ביז טויט, וואָס דער פלאַנץ איז אויסגעטריקנט.

זעסט, ענטפערט אים גאָט. דו זשאַלעוועסט אַ פלאַנץ, וואָס איבער נאַכט גייט דאָס אונטער. ווי זשע זאָל איך ניט זשאַלעווען אַזאַ ריזן שטאָט ווי נינוה, אין וועלכער עס לעבן הונדערט צוואַנציק טויזנט קינדערלעך.

נאַטירלעך, איז די גאַנצע מעשה געבראַכט אַרויסצונעמען פון איר אַ מוסר השכל. דער אויספיר איז, אַז גאָט איז ניט נאָר דער גאָט פון ישראל. ער איז אַ גאָט איבער דער גאַנצער וועלט. זיין רחמנות און גנאָד שפּרייטן זיך אויס איבער אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט. אַזוי

ארום, אז ער איז דער גאָט פון גאַנצן אוניווערס. די הויפּט שטאָט פון אשור, וואָס איז געווען דער בלוטיקסטער שונא פון ישראל, ווערט אויך פון גאָט געשאַנעוועט, אַבי נאָר, אז די מענטשן פירן זיך ליטיש אוף. גאָטס ליבע און זיין חסד געהער דער גאַנצער וועלט. ער באַציט זיך צו אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט מיט רחמנות, ווי א פאָטער צו זיינע קינדער.

---

# דער נביא ירמיהו

ווען מיר שטייען פון דערווייטנס און באטראכטן א געמאָלט בילד, קענען מיר ערשט דעמאָלט אָפּשאַצן די קינסטלערישע שיינקייט און דעם הויכן ווערט פון בילד.

דאָס אייגענע איז אויך מיט די נביאים. ווען מיר לייענען און שטו־דירן דעם נביא ירמיהו, דערזעען מיר פון ווייטנס דעם גרויסן פאַרנעם און ברייטן שווונג פון נביא ישעיהו און פאַרשטייען אָפּצושאַצן דעם הויכן ווערט פון נביא. די שטראַלנדיקע שיינען פון ישעיהוס נביאות רעפלעקטירן די וווּנדערבאַרע פיגור פון נביא ירמיהו.

א טראַגישער נביא איז געווען ירמיהו. ער האָט איבערגעלעבט די שטורמישסטע און טראַגישסטע צייטן פון יידישן פאָלק. ער האָט מיט־געלעבט מיט זיין נאַציע דעם חורבן פון דער ערשטער יידישער מלוכה דורך בבל. ער האָט פאַרזוכט אליין דעם טעם פון גלות. ער האָט אי־בערגעלעבט די גרויסע נאַציאָנאַלע חרפּה פון דער אומה. פּערזענלעך האָט ער איבערגעטראָגן גרויסע צרות, נגישות, פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג און פון זיינע פּערזענלעכע שונאים.

קיין נביא האָט דאָס ניט געהאַט לייכט. זאָגן דעם אמת צום פאָלק איז א שווערע זאַך. דאָס פאַרורזאַכט שונאים, ליידן, ווייטיק. ירמיהו האָט איבערגעלעבט מער פון אַלע נביאים, ווייל ער האָט געקעמפט פאַרן אמת. דער אמת איז פאַר אים געווען א געטלעכער געבאָט. אין די ערגסטע און געפערלעכסטע מאָמענטן פון זיין לעבן איז ער פון אמת ניט אָפּגעטראָטן. ירמיהו ווערט באַצייכנט אין דער ליטעראַטור אַלס „נביא מקונן". דער קלאָגער און יאָמערער און ער האָט געהאַט אַף וואָס צו קלאָגן און איבער וואָס צו יאָמערן.

די נבואה פון ירמיהו צייכנט זיך אויס מיט איר דערציילערישן כאַראַקטער. לייענען דעם בוך ירמיהו ווערט מען באַקאַנט אי מיט זיין נבואה אי מיט א שטיק געשיכטע פון יידישן פאָלק. אָבער צו ערשט דאַרף מען זיך באַקענען מיט דעם אינערלעכן, נאַציאָנאַל־רעליגיעזן און

סאַציאַלן לעבן פון יידישן פאָלק, אין דער תקופה, ווען ירמיהו איז אַרויסגעטראַטן אַלס נביא. וואָס איז שייך די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון יענער צייט, אין פאַרבינדונג מיט דעם פּאָליטישן מצב פון מלכות יהודה, דערוויסן מיר זיך פון ירמיהוס נביאות.

אונדז איז שוין באַקאַנט פון נביא ישעיהו, אַז נאָכדעם ווי מל־כות יהודה האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט ווי דורך אַ נס פון די שאַרפע חיה'שע נעגל, מיט וועלכע אשור איז געווען גרייט זי דורס צו זיין, האָט דער מלך יחזקיהו, אין וועמענס צייטן דער נס איז געשען, מיט דער מיטווירקונג פון נביא ישעיהו, זיך פאַרנומען רעפאָרמירן דעם רעלי־גיעזן לעבן פון יהודה.

יחזקיהו האָט טאַקע איינגעפירט די געפּלאַנטע רעפאָרמעס ווי עס שיינט אָבער איז דאָס פאָלק געבליבן גלייכגילטיק צו די רעפאָרמעס. דאָס פאָלק האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין דראַנג צו ענדערן דעם רעליגיעזן לעבן, ישעיהו'ס נביאות האָט אויך ניט געקענט ווירקן אויפן פאָלק. די רעפאָרמעס זיינען געווען אין זייערע אויגן ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון מלך יחזקיהו, וואָס האָט דערמיט געוואָלט אויסדריקן דאַנקבאַר־קייט און אַנערקענונג צו גאָט, דערפאַר וואָס ער האָט אַרויסגעראַטעוועט ירושלים פון אשור'ס הענט. פאַרקערט, דאָס פאָלק האָט אויפגענומען די רעליגיעזע רעפאָרמעס ווי אַ מוז, ווי אַ צוואַנג וואָס די רעגירונג האָט מיט געוואַלט אויף זיי אַרופגעצוואונגען.

אַ באַווייז, אַז די רעפאָרמעס זיינען ניט געווען צום האַרצן פון פאָלק און ווי פריער זיינען זיי געבליבן דערווייטערט פון ריינעם רע־ליגיעזן לעבן, ווען יחזקיהו איז געשטאָרבן און דעם טראָן האָט באַ־שטיגן זיין צוועלפיעריקער זון מנשה, וואָס האָט נאָך בכלל ניט געהאַט קיין פעסטן באַוווסטזיין און קיין קלאָרן בליק אויפן לעבן, האָט זיך דער מלוכה ראַד שנעל אַ דריי געטאָן אויף צוריק. אינסטינקטיוו האָט דאָס פאָלק געגלויבט, אַז יחזקיהו'ס איינפירונגען איז אַן איבעריקער לאַסט אויף זייער לעבן און מען מוז אים וואָס גיכער אַראָפּוואַרפן פון די פּלייצעס. פאַר זיי איז געווען די דאָזיקע איינפירונגען ניט מער ווי אַ פּראָ־דוקט פון נבואה, דאָס מיינט אָפּגעזונדערטקייט, פשטות, קיינעם ניט נויטיקע מאָראַל און דאָס איז געווען קעגן זייער מענטאַליטעט.

באזונדערס, האבן זיי ניט גערן געקוקט אף די איינפירונגען, ווייל נאך דער מפלה פון אשור, האט דאס לאנד א צייט ניט געפילט קיינעמס הערשאפט איבער זיך, אשור וואס האט זיך ווידער דערהאלט פון איר מפלה, האט אויך געלאזט צו רו יהודה, ממילא איז פארשוואונדן דער רושם, וואס סנחריב'ס מפלה האט געמאכט אין פאלק. דער רודער פון דער מלוכה האט אונטער די אומשטענדן, לייכט אויסגעקערעוועט די מלוכה־שיף אין אן אנדער ריכטונג.

נאך מער עקסטרעם און אפווייכנדיקער פון יידישן גייסט איז די ריכטונג געווארן, נאכדעם ווי אשור האט ווידער אופגעהויבן איר קאפ און האט זיך געלאזט גיין צו מערב צו. און אליין איז זי ניט געגאנ־גען. זי האט געצוואונגען צו גיין מיט איר אלע קליינע מלוכות פון די פלשתים, עמון, מואב, אדום, אלע זיינען מיט איר מיטגעגאנגען און אלעמען האט זי מיטגעשלעפט א ן דער מלחמה.

דער ציל פון דער מלחמה איז געווען — איר הויפט ריוואלין — מצרים. אשור האט געוואלט צעברעכן די דאזיקע מלוכה, זי זאל מער ניט קענען קאנקורירן מיט איר אין פאדער־אזיע. דער וועג צו מצרים איז געלעגן דורך יהודה. מען קען זיך לייכט פארשטעלן דעם רושם וואס עס האט אנגעמאכט אין די רעגירונגס־קרייזן פון יהודה, די פערספעק־טיוו צו האבן אזעלכע געסט בא זיך אין לאנד.

אונטער די געגעבענע אומשטענדן איז ניט מער ווי נאטירלעך, אז די פאליטיקער פון יהודה, האבן גענומען אלץ מער ווענדן זייער פנים צוריק צו אשור. די דאזיקע רויבערישע מלוכה איז געוואקסן אין אנזען און איינפלוס אין די אויגן פון יהודה'ס פאליטיקער. ניט נאר איז געוואקסן אין זייערע אויגן איר מיליטערישע פאטענץ און פאלי־טישע מאכט, נאר עס איז אויך געשטיגן די מאכט פון אשור'ס געטער. די געטער פון אשור איז פאר זיי געווען פיל טיכטיקער און מעכטיקער ווי דער גאט פון יהודה, אשור'ס קולטור האבן זיי באטראכט פאר ריי־כער און פיל אינטערעסאנטער ווי די קולטור פון יהודה, זייערע קולטן פיל שענער און צוציענדיקער ווי דער קולט פון יהודה'ס רעליגיע, איז טאקע גלייכצייטיק מיט דעם וווקס פון דער סימפאטיע צו אשור'ס פאר־ליטיק און איר מאכט, אויך געוואקסן די סימפאטיע צו אשור'ס קול־

טור, צו אירע רעליגיעזע קולטן און צו זייער לעבנס־שטייגער.

דער יונגער מלך מנשה, וואס איז געלעגן איינגאנצן אונטער דעם איינפלוס פון זיינע רעגענטן און ראטגעבער, האט גענומען איינפירן עפנטלעך אשור׳ס געצנדינערייי אין לאנד. אין הויף פון בית המקדש, האט ער געלאזט אופבויען אינסטאלאציעס פאר אשור׳ס געטער. אין די הייליקע זאלן פון בית המקדש האט ער געלאזט אופהענגען בילדער און סימבאלן פון אשור׳ס קולטן, איינגעארדנט איינריכטונגען פאר די צערעמאניאלן פון אשור׳ס גאט־דינסט. אין אלע שטעט און דערפער האט ער אופגעבויט רעליגיעזע פונקטן פאר אשור׳ס געצנדינערייי. ער איז געגאנגען אזוי ווייט, אז אפילו א מזבח, אף וועלכן מען ברענגט מענטשלעכע קרבנות צו זייערע געטער, האט מנשה געלאזט אופבויען. ער האט זיך ניט אפגעשטעלט צו פארברענען זיין אייגענעם זון אלס קרבן אף אזא מזבח.

נאטירלעך, אז די יידן וואס זיינען געבליבן געטריי צום גאט פון ישראל און צו דער תורה פון ישראל, האבן אזא לעבן ניט געקענט גלייכגילטיק פארטראגן. זיי האבן ניט געקענט טאלערירן, אז דער לעבן אין א יידישער מדינה, זאל זיין גלייך צום לעבן פון א געצנדינערישע מדינה. עס האבן זיך געבילדעט גרופעס פון כהנים, געלערנטע, גייס־טיקע פירער, אנהענגער פון נביאים, זייערע נאנטע תלמידים, וואס האבן גענומען פראטעסטירן קעגן אזא איינפירונג. זיי האבן ניט געקענט צו־זען, ווי דער גייסטיקער צענטער פון ירושלים איז פארוואנדלט געווארן אין א צענטער פאר געצנדינסט. זיי האבן ניט געקענט דולדן, אז דער לעבן פון הייליק פאלק זאל פארוואנדלט ווערן אין א פאלק פון אומוויר־דיקע געצנדינער, אנהענגער פון פרעמדע קולטורן און נאכקרימער פון א פרעמדן לעבנס־שטייגער.

אנפאנגס איז זייער פראטעסט געווען א שטילער. עס האט גע־טראגן דעם כאראקטער פון אן אונטערערדישער באוועגונג, באהאלטע־נערהייט, אין געהיים האבן זיך די גרופעס פארזאמלט, דיסקוטירט און באטראכט פלענער ווי צו ווירקן קעגן דעם. וואס ווייטער און וואס מער די פרעמדע קולטן האבן זיך איינגעווארצלט אין לעבן פון יהודה און מיט זיי אויך די דעמאראליזאציע פון די געצנדינערישע פעלקער, האט

די אונטערערדישע באוועגונג אנגעפאנגען אפן ארויסצוטרעטן און פראַ־טעסטירן קעגן דעם מלך און זיינע ראטגעבער. עס לאָזט זיך לייכט פאר־שטעלן, אז די אָנפירער פון די קעגנערישע גרופּעס זיינען געווען די יונגע נביאים און תלמידים פון די אַלטע נביאים, צווישן זיי אויך די איבערגעגעבענע תלמידים פון נביא ישעיהו.

דאָס פאָלק, באַאיינפלוסט פונעם ביישפּיל פון זיינע רעגירער, האָבן זיך ניט צוגעהערט צו די פּראָטעסטן פון די יונגע נביאים און אַנדערע טרייע יידן. זיי זיינען שוין געווען אַזוי ווייט אָפּגעפרעמדט און דערוויי־טערט פון יידישן גייסט און פון די אידעאַלן, וואָס די נביאים האָבן געפּרעדיקט, אז די שטים פון נביאים גרופּע איז געווען פּונקט ווי אַ שטים, וואָס שרייט אין מדבר און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זי הערן. די השפּעה, וואָס די נביאים האָבן געהאַט אפן פאָלק איז אינגאַנצן פארלאָרן געגאַנגען. ניט געבליבן קיין זכר פון דער אמונה און בטחון, וואָס ישעיהו האָט איינגעפלאַנצט אמאָל אין פאָלק, אין שייכות מיט דער אייביקייט פון פאָלק ישראל, פון באַרג ציון און די גרויסע האָפענונגען וואָס ער האָט געלייגט אף דוד'ס הויז.

עס האָט נאָך געלעבט דער אַלטער נביא ישעיהו. ער האָט שוין ניט געקענט מער אַזוי ענערגיש אַרויסטרעטן ווי אין זיין יוגנט, האָט ער פאָרמירט אַ גרופּע יונגע נביאים, וואָס האָבן גענומען מיט קאָנקרע־טע מעשים רעאַגירן קעגן מנשה'ס רעגירונג. זיי האָבן געזען אין דעם פאַרדאַרבענעם לעבן פון יהודה די אַרבעט פון מנשה'ן, האָבן זיי אויס־געאַרבעט פּלענער צו באַקעמפן אים און זיינע ראַטגעבער. מען האָט אין געהיים אָרגאַניזירט אַן אַקציע , אַראָפּצוזעצן דעם מלך אָדער גאָר אים צו דערמאָרדן. מנשה האָט אויך ניט געשוויגן, ער האָט אָנגענומען טע־ראָר מיטלען קעגן זיי. ער האָט פאַרפאָלגט און געפּייניקט די נביאים און זייערע אָנהענגער, געוואָרפן זיי אין די תפיסות און געמאָרדעט. ער האָט מיט גרויזאַמקייט און ווילדע טיראַניע געוואָלט פאַרטרינקען אין בלוט די באַוועגונג פון די נביאים. לויט אַ ווערסיע פ ון דער אגדה, האָט זיך ישעיהו אויסבאַהאַלטן פון זיינע פאַרפאָלגונגען אין אַ פּוסטן בוים. ווען מנשה איז דערפון געוואויר געוואָרן, האָט ער געשיקט אָפּזעגן דעם בוים און אַזוי אַרום אומגעבראַכט דעם גרויסן נביא.

צוויי און פופציק יאר האט מנשה טיראניזירט און פארטרונקען אין בלוט יעדער פארזוך פון קעגנשטעלן זיך זיינע איינפירונגען פון די פרעמדע פעלקער. די צאל דערמארדעטע און צום טויט פארפייניקטע איז געווען זייער גרויס, ווייל א שטיק צייט, איז די באוועגונג פארשווונדן פון עפנטלעכן לעבן אין יהודה, זי איז ווידער ארונטער אונטער דער ערד, אבער איננאנצן דערשטיקן איר האט דער טיראן מנשה ניט גע־קאנט. פארקערט, וואס מער ער האט טיראניזירט, אלץ שטארקער, אלץ ברענענדיקער איז געווארן די קעגנערשאפט צו אים. אמת, די באוועגונג האט זיך געהאלטן פארשטעקט, ווייל דער מאמענט איז ניט געווען גינס־טיק צו אקטואירן, אבער זיי האבן געהאט געדולד, זיי האבן אפגעווארט א גינסטיקערן מאמענט.

פונקט ווי ישעיהו הנביא, וואס האט געהייסן זאמלען זיינע ארויס־געזאגטע רעדעס און גערדאנקען און באהאלטן זיי פאר די קומענדיקע צייטן, אזוי האבן די גייסטיקע פירער אין מנשה׳ס צייטן, ניט האבנ־דיק די מעגלעכקייט אפן און פריי ארויסזאגן זייערע גערדאנקען, געלאזט אלץ, וואס האט א גייסטיקן ווערט, אלץ וואס האט א שייכות צום רעלי־גיעזן לעבן פון פאלק און זייער קולטור, אויסבאהאלטן פאר א גינס־טיקערע צייט. אונטער די ערגסטע אומשטענדן, האבן זיי ניט אופגע־געבן די האפענונג, צו זען פארווירקלעכט אין לעבן פון דער אומה, די אידעאלן פון נביא ישעיהו, אז עס וועט קומען א צייט, ווען „א ריטל פון דוד׳ס שטאם וועט ארויסגיין און וועט זיך צעבליען אין א פרעכ־טיקן, צעצווייגטן און גרויסן בוים״. בטחון און אמונה אין גאט, איז געווען זייער זין אין לעבן, און זייער האפענונג איז פולשטענדיק רעא־ליזירט געווארן, אין דעם דור, נאך מנשה׳ן.

מנשה׳ס זון, אמון, איבערנעמענדיק די מלוכה פון זיין טיראנישן פאטער, האט ניט אף א האר געענדערט דעם איינגעשטעלטן מלוכה־קורס. ער איז געגאנגען אין די פוס־טריט פון זיין טאטן און פארגעזעצט זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע פאליטיק. די נביאים גרופע, איינזעענ־דיק, אז זייער דערוואַרטונג אף מנשה׳ס טויט, דער נייער קעניג זאל ענ־דערן דעם רעליגיעז־געזעלשאפטלעכן לעבן אין לאנד, לאזט זיך אויס מיט נארגיט, איז בא זיי רייף געווארן דער פלאן צו דערמארדן דעם

גייעם קעניג. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט אייניקע דינער פון מלך און מען האָט אמון׳ען דערמאָרדעט. אַף זיין שטעל האָט מען ארופגעזעצט זיין אכטיאָריקן זון יאשיהו.

ווי אין תנ״ך ווערט דערציילט, האָט דער המון, דאָס הייסט דאָס פאָלק, זיך אָפגערעכנט מיט די בונטאָווישטשיקעס און מערדער פון קעניג. מען האָט זיי אַלעמען געכאַפּט און געטויטעט. דאָס וויל זאָגן, אַז דער המון איז שוין געווען אַזוי איינגעלעבט אין דעם אויסגעלאַסענעם און פאַרדאָרבענעם לעבן, וואָס מנשה האָט איינגעפירט, אַז זיי האָבן שוין ניט געוואָלט הערן פון אַן ענדערונג. זיי זיינען אויך געווען אין אַ געוויסער מאָס, קעגן דער נביאים גרופּע, וואָס האָבן געזוכט ניט אַנדערש ווי רעפאָרמירן דעם גייסטיק־רעליגיעזן לעבן אין לאַנד.

אַזוי לאַנג ווי יאשיהו איז נאָך געווען יונג און אין זיין נאָמען האָבן געהערשט רעגענטן, איז אמת, נאָך ניט פאָרגעקומען קיין ענדערונג אין דעם מלוכה לעבן, אָבער דער טעראָר און די טיראַניע פון מנשה׳ן און אמון האָבן אופגעהערט. די נביאים גרופּע, די גייסטיקע פירער און די כהנים, האָבן שוין געקענט פריי אַרויסגיין פון זייערע באַהעלטענישן און אַנגיין אין דער עפנטלעכקייט מיט זייערע פּלענער צו רעפאָרמירן דאָס גייסטיק־רעליגיעזע לעבן.

די דאָזיקע גרופּע איז געלונגען צו באַקומען אַ דירעקטע השפּעה אַף די דערציאונג פון יונגן מלך. אַ סך פון זייערע אָנהענגער זיינען געוועזן זיינע לערער און דערציער, אַזוי אַרום האָבן זיי לייכט געקענט אים פאַרקערעווען אין דער ריכטונג, וואָס זיי האָבן געפּרעדיקט. דער קעניג אַליין איז געווען אַן אידעלער, אַ גוטהאַרציקער, אַ סענסיטיווער, מיט אַ פילנדיקע נשמה און אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דעם יידישן גייסט און מיט די אידעאַלן, וואָס די נביאים האָבן איינגעפלאַנצט אין אונטערבאַוווסטזיין פון פאָלק. דערצו איז ער געווען ענערגיש, אַנטשלאָסן און מוטיק.

איינמאָל אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון זיינע דערציער, האָט ער באַ זיך געהאַט באַשלאָסן, אַז דער גייסטיק־רעליגיעזער לעבן אין לאַנד טויג ניט. ער איז ניט באַזירט אַף די יסודות, אַף וועלכע אַ יידיש לעבן דאַרף זיין באַזירט. קוים איז ער געקומען צו דעם באַשלוס,

האט ער זיך שוין פאר קיין זאך ניט אפגעשטעלט זיין באשלום צו פאר־
ווירקלעכן אין לעבן.

די כהנים האבן אים צוגעשפילט, מען האט געפונען ערגעץ פאר־
שטעקט אין בית המקדש א פארמעט, אין וועלכן עס איז געווען פאר־
שריבן אלע געבאטן פון דער תורה. באזונדערס איז דארטן געווען גע־
שריבן די געבאטן פון רעליגיעזער עטישקייט, פון מאראל און סאציאלע
איינשטעלונגען, מיט וועלכע די „משנה תורה" איז פול.

ווען מען האט די דאזיקע „מגילה" פארגעלייענט פארן יונגן מלך,
איז ער איינפאך נתפעל געווארן. ער איז געווארן רעליגיעז עמאציאנירט
און האט תיכף באפוילן פולשטענדיק צו רעפארמירן דעם רעליגיעזן
לעבן, ענדערן דעם צערעמאניאל אין בית המקדש און אויסרייניקן פון
דארטן אלע פרעמד־פעלקערישע מיאוס'קייטן, וואס זיין זיידע מנשה
האט דארטן איינגעשטעלט. ער האט אויסגערייניקט און פארניכטעט אלע
געצנדינערישע פונקטן אין דער פראווינץ און אפגערייניקט די פארפעס־
טעטע אטמאספער אין גאנץ יהודה.

א דאנק די כהנים וואס האבן טאקע געהאט א גרויסן חלק אין דעם
קעניגס רעפארמען, אבער אין זינען האבן זיי געהאט פיל מער זייערע
אייגענע אינטערעסן ווי פאלקס אינטערעסן. א דאנק א טיפע אייגנגע־
ווארצלקייט אין אונטערבאוווסטזיין פון פאלק, פון די פרעמד־פעלקערישע
זיטן און זייערע קולטורן, האבן די רעפארמען ניט געגעבן דעם ריכטיקן
רעזולטאט, וואס זיי האבן געזאלט געבן. עס האט זיך ארויסגעשטעלט,
אז די רעפארמען זיינען געצילט מער צו ענדערן די אויסערלעכע פאר־
מען פון רעליגיעזן לעבן. דעם עיקר די סאציאל־געזעלשאפטלעכע און
עטיש ־ מאראלישע פרינציפן פון זייער לעבן האבן זיי ווייניק געענ־
דערט. צופיל איינגעבירגערט איז שוין געווען אין פאלק די פארדארבנ־
קייט, וואס די געצנדינערישע קולטן האבן אריינגעבראכט אין לעבן.

אין דער זעלביקער צייט, וואס יאשיהו איז געווען פארנומען מיט
זיינע רעליגיעזע רעפארמען, האבן זיך די פאליטישע האריזאנטן פון
פאדער־אזיע גענומען שטארק פארכמארען. אשור, וואס איז דעמאלט גע־
ווען אפן העכסטן שטאפל פון איר גלאריע און גרויסקייט, האט זיך גע־
נומען וואקלען. א פינצטער וואלקן האט זיך פארצויגן איבער אירע רייי־
נע הימלען.

ערגעץ פון די ברעגעס פון שווארצן ים. פון הינטער די קאווקאזער און ארמעניער בערג, האט זיך א לאז געטאן צו די ברעגעס פון מיט־לענדישן ים א ווילד פאלק, באקאנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נא־מען „סקיתים". מיט א סטיכישן כוח, ווי א גוואלדיקער שטורעם, האט זיך דאס פאלק געטראגן און געזייט אף זיין וועג חורבן און פארניכטונג, טויט און אומקום. שטעט און דערפער האבן זיי פארברענט, די באפעלקע־רונג אומגעבראכט, זייער גוטס צערויבט, פעלדער, גערטנער, וויינגערטנער און פרוכטבוימער פארניכטעט. א שרעק איז אלעמען באפאלן. מלוכות זיינען אופגעציטערט געווארן, אופשטאנדן און רעוואלטן זיינען אומע־טום פארגעקומען. די מעכטיקע מלוכה, אשור, איז אויך פארכאפט גע־ווארן פון דער אימה, וואס די „סקיתים" האבן ארופגעווארפן אף דער וועלט.

מצרים, וואס איז געווען אונטערטעניק אונטער אשור, האט אויסגע־נוצט דעם מאמענט און זיך אפגעריסן פון אשור. אף איר קוקנדיק, זיי־נען שוין אויך אפגעפאלן פון אשור'ס מאכט אנדערע פעלקער. אלע האבן געמערקט, אז א נייע תקופה קומט אף דער וועלט. א תקופה וואס וועט אופטרייסלען די פונדאמענטן פון דער פאליטישער וועלט און ארופ־לייגן א נייעם שטעמפל אף אלע מלוכות. אט אין יענער תקופה האט זיך באוויזן דער נביא ירמיהו.

ירמיהו איז געבארן געווארן אין די לעצטע יארן פון מנשה'ס הער־שאפט אין יהודה. ער איז געבארן געווארן אין א דערפל, ענתות, וואס איז נאר א פאר שעה גאנג פון ירושלים. זיין משפחה האט געצויגן איר יחוס דירעקט פון דעם כהן איתמר, דער זון פון אהרן הכהן, דער ברו־דער פון משה רבינו. זיין עלטער־זיידע אביתר, פון דער עלי־משפחה איז געווען כהן אין הויף פון דוד המלך. צוליב א הויפישע אינטריגע איז ער פון דארטן פארטריבן געווארן און געווארן א יורד. ער איז אראפ פון זיין גדולה, אבער דעם יחוס האט מען בא אים ניט געקענט אוועקנעמען.

ווי דער שטייגער איז אין פאמיליעס פון יורדים האבן זיי בא־האלטן אלטע היסטאדיש־פאמיליערע אנטיקן, וואס גייען איבער פון דור צו דור, אלס אנדענקונג פון די אמאליקע גלארייכע צייטן, אין וועלכע זייערע עלטער־זיידעס האבן געלעבט. מען קען זיך פארשטעלן, אז אף

א פאמיליען־שמחה אדער סתם אף א צוזאמענקום פון משפחה מיטגלי־דער, נעמט מען ארויס די אנטיקן, מען ווייזט זיי דעם ייגגערן דור און מען קוויקט זיך מיט זיי. מען טראגט זיך אריבער אין געדאנק אף צוריק מיט א פאר דורות. אין מען לעבט איבער אין פארשטעלונג, יענע גליקלעכע צייטן, וואס די פאמיליע האט דעמאלט איבערגעלעבט.

מען קען זיך פארשטעלן, אז דער אלטער זיידע פון ירמיהו, האט ניט איינמאל געהאלטן דעם קליינעם אייניקל ירמיהו אפן שויס און אים דערציילט פון זיינע פאטערס און זיידעס, פון עלי הכהן, פון די איבע־ריקע כהנים אין זיין משפחה און דערגרייכט, אזש ביז צו איתמר און אהרן הכהן. ער האט אים אויסגערעכנט אלע פארדינסטן פון יענע גרויסע מענטשן, פון דעם גרויסן כבוד, וואס זיי האבן גענאסן און פון זייער ענגער פארבינדונג מיט גאט פון ישראל.

דער קליינער ירמיהו איז אוודאי געזעסן און א פארגאפטער אויס־געהערט אלץ וואס דער זיידע דערציילט. ער ווערט באצויבערט פון די שיינע מעשיות און אלטע זכרונות. דאס אלץ עגבערט זיך איין אין זיין מוח. זייענדיק פון דער נאטור א פילנדיקער מיט א דענקענדיקער נא־טור, האבן די אלטע זכרונות און די איבערלעבונגען פון זיין פאלק א־מאל, געמאכט אפן יונגן קינד א שטארקן רושם.

גייט ארום דער יונגער ירמיהו, דער קאפ בא אים איז פול מיט געשיכטלעכער איבערלעבונג פון פאלק. ער ווערט דורכגעדרונגען מיטן עבר, א ליבע צום פאלק ווארצלט זיך איין אין זיין פילנדיק הארץ. ער פילט, אז ער איז איינער פון די גרעסערע פערזענלעכקייטן אין פאלק. ער פילט, אז אף אים ליגט א פאראנטווארטלעכקייט פארן היינט און א חוב צו זארגן פארן מארגן פון פאלק.

בטבע איז ירמיהו געווען א צוריקגעהאלטענער, א שעמעוודיקער און א פארטראכטער. ער האט זיך ניט געחבר'ט מיט אנדערע דארפס־יינגלעך, מיט זיי זיך ניט געשפילט און ניט פארבראכט אין זייערע הור־ליאנקעס. ער האט טאקע שפעטער געזאגט אף זיך אליין:

„איך בין קיינמאל ניט געזעסן אין געזעמל פון פרייליכע און
זיך לוסטיק געמאכט. צוליב דיין מאכט ביז איך געזעסן אליין.
ווייל מיט פארדרוס, מיט צארן האסטו מיר אנגעפילט".

זייענדיק אין גלויבן, אז ער איז אן אויסדערוויילטער, אין א גע־וויסער מאס, א הייליקער, ניט אומזיסט איז ער געבארן אין א פאמיליע פון כהנים, זיצט ער אליין, אפגעזונדערט פון אלעמען, אנגעלאדן מיט צער, ווייטיק, פארדרוס און שרעק און דענקט.

סטייטש, יאשיהו, וואס אלע האבן געווארט אף אים, אז ער וועט ענדערן דעם לעבן אין דער מלוכה. איז שוין עטלעכע יאר א מלך און דאס פאלק איז נאך אלץ איינגעזונקען אין זומפ פון געצנדינערײ.

„ווו א הויך בערגל דארטן א במה פאר א געץ, ווו א פאר־
צווייגטער בוים, דארטן א זאמל־ארט פאר די געטינס".

די זעלביקע הארן און הויפלייט, וואס האבן געפירט די מלוכה אין די צייטן פון מנשה און אמון זיינען היינט אויך פירער פון דער מלוכה. די פאליטיק ארום יהודה איז אנגעפילט מיט אופריים־שטאף. אשור האט אנגעהויבן גיין בארג אראפ, מצרים ווערט האפערדיק און חוצפה'דיק, בבל ווערט מעכטיקער און דרייסטער. ווי וועלן זיך די אלע געשעענישן אפרופן אף זיין ליב לאנד יהודה?

יא, ירמיהו האט געהערט פון זיין זיידן, ער האט אליין אויך גע־לייענט אין די פארמעטן און מגילות, וואס געפינען זיך באהאלטן בא זיי, אז גאט פון ישראל האט שוין ניט איינמאל געהאלפן זיין פאלק פון צרות אין די שווערסטע מאמענטן פון זייער געשיכטלעכן לעבן. עס הערשט א בונט צווישן גאט און צווישן ישראל. עס איז אבער א גרויסע פראגע, אויב גאט וועט איצט העלפן ישראל. לויט ווי ער האט געהערט פון זיין זיידן, לויט ווי ער זעט און קען באאבאכטן, איז דאס פאלק שטארק דערווייטערט פון גאט. דאס פאלק איז אוועק אין א גאנץ אנדער ריכטונג ווי די וואס גאט הייסט גיין. גאט ווייסט וואס עס וועט ווערן פון דער אומה און פון פאלק. די קליינע יהודה וועט צעריבן ווערן צווישן די שווערע רעדער, וואס די געשיכטע לאזט אין גאנג אין איצטיקן מאמענט. עס קומט פון ערגעץ א שרעקלעכער שונא — וואנדערנדיקע סקיטן — זיי וועלן אופרעסן יהודה. קען מען בלייבן רואיק אין אזא מאמענט?

גייט ער ארום דער יונגער ירמיהו. ער דערווייטערט זיך פון זיין פאמיליע, באזוכט ניט קיין געזעלשאפט. א ווירבל פון געדאנקען טראגן זיך דורך זיין מוח. געפילן פינצטערע, קאשמארנע, מוראדיקע פילן אן זיינע געהירן. ער וויל עפעס טאן, אויסצומיידן, אז איבער די הימלען

פון זיין ליב פאטערלאנד זאל זיך ניט טראגן קיין כמארעס. ער וויל פאר־היטן זיין פאלק פון אומגליק און ווייסט ניט וויאזוי.

ירמיהו ווערט אלץ מער מיסטיש געשטימט. אלץ איז ער פארטאן צו דערגייען דעם געטלעכן סוד, די געטלעכע געהיימניש איבער דער צו־קונפט פון זיין פאלק און אין הארצן פייניקט עס, עס ווייטיקט, עס בלו־טיקט, ער קען ניט דערגייען.

פלוצלונג האט א בליץ דורכגעשטראלט אין דער אינערלעכקייט פון זיין באוווסטזיין. זיין גאנצער וועזן איז געווארן באלויכטן. א קוואל פון ליכט האט זיך מיטאמאל געעפנט אין זיין וועזן און אלץ ווערט אים קלאר און זעעוודיק. זיין באוווסטזיין ווערט באהערשט פון א גוואל־דיקן כוח, ער פילט אין זיך א געטלעכע קראפט. ער פילט אין זיך א טי־פע איבערלעבונג. ער ווערט עקזאלטירט פון דעם געדאנק און אין דעם עקסטאטיש־עמאציאנירטן צושטאנד, הערט ער אין זיין וועזן ווי א שטים זאגט צו אים:

„נאך בעפאר איך האב דיר אין טראכט אויסגעפורעמט האב איך דיר דערקאנט, בעפאר דו ביסט ארויס פון דיין מוטערס לייב האב איך דיר געהייליקט, איך האב דיר געמאכט פאר א נביא איבער פעלקער".

איצט ווייסט שוין ירמיהו וואס ער האט צו טאן. ער האט א וויכטיקע שליחות, ער מוז ווערן א נביא. גאט אליין האט זיך צו אים אנטפלעקט און רעדט דאס צו אים.

פון דער דאזיקער עמאציאנעלער איבערלעבונג איז שוין אלץ קלאר פאר אים. גאט האט אים אויסגעקליבן פאר א נביא און ער מוז גיין צום פאלק זאגן וואס ער דענקט און לערנען זיי ווי זיי זאלן לעבן.

ירמיהו איז אבער א דענקער. דערצו איז ער א סקעפטיקער און גרויסער פעסימיסט. ער פרובירט זאגן צו זיך אליין:

„סטייטש, ירמיהו, דו ביסט דאך א ייִנגל, אומדערפארן, די עטלע־כע יאר פון דיין לעבן האסטו פארבראכט אין דארף, ווייט פון געזעל־שאפטן, דיין אויג האט נאר געזען די שיינע דארפישע נאטור, פעלדער און וועלדער, דיין אויער האט נאר געהערט דעם פויגל־געזאנג און די ווינט־מוזיק. די וועלט איז פאר דיר פרעמד. איך קען נאר גאט פון מיין

פאַלק, אַנדערע פעלקער זיינען מיר אומבאַקאַנט, ווי אַזוי קען איך אַף מיר נעמען אַזאַ זאַך? און ער שרייט אויס: „אַ, גאָט, מיין האַר, איך קען דאָך נאָך ניט ריידן, איך בין נאָך אַ יינגל".

אָבער די עמאַציע לאָזט ניט נאָך, דער געפיל, אַז ער מוז עפּעס טאָן פאַרן פאָלק ווערט צודרינגלעך.

אין זיין באַוווסטזיין קומט נאָך פאַר אַ קאַמף. עס קעמפט דער אימ־פולס פון לעבן און דער דראַנג פון דער נשמה. זיין עגאָ פּרובירט זיך קעגנשטעלן דעם אימפּעראַטיוו. דאָס קערפּערלעכע אין אים פּרובירט אַ־רויסווייזן זיין ווילן אָבער עס העלפט ניט. די עמאָציע לאָזט ניט נאָך. די מיסטיק באַהערשט אים, די עקזאַלטאַציע ווערט שטאַרקער, דער גע־היימער כוח אין אים באַוועגט אים אָן אופהער עפּעס צו טאָן פאַר זיין פאָלק, דער דראַנג ווערט צודרינגלעכער און ער הערט ווי אַ שטים זאָגט אים

„זאָג ניט אַז דו ביסט יונג, ווו איך וועל דיר שיקן וועסטו גיין, וואָס איך וועל דיר באַפעלן וועסטו טאָן".

ירמיהו פילט, אַז די געטלעכקייט אַליין האָט דאָס אים געזאָגט די ווערטער, ער פילט, אַז אַ שטאַרקער שטראָם שלעפּט אים פאָרויס. זיין עגאָ ווערט שוואַכער, זיין אינדיווויד לאָזט נאָך. ער פילט, אַז וואָס מען זאָל מיט אים ניט טאָן, קען ער שוין צוריק ניט גיין. ער מוז טאָן די שליחות, וואָס גאָט אַליין האָט אַף אים אַרופגעלייגט. ער מוז דאָס טאָן, ווייל ער פילט זיך ווי אַ באַפולמעכטיקטער פון גאָט און מוז אויספירן זיין שליחות, וועל־כע קאָנסעקווענצן זאָל דערפון ניט זיין.

איבערוועלטיקט פון דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, ווערט דער יונ־גער ירמיהו שטאַרקער, מענערישער. ער פילט אין זיך קרעפטן און דרייסט־קייט, ער איז מוטיק און ענערגיש. ער איז גליקלעך מיט דעם גורל וואָס ער האָט אַף זיך גענומען. פאַר קיין זאַך שרעקט ער זיך ניט מער. ער הערט ווי אין זיינע אויערן קלינגען די ווערטער פון דער געטלעכער שטים:

„זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר זיי, וואָרים איך בין מיט דיר, דיך מציל צו זיין, האָט גאָט געזאָגט„

זיין איבערצייגונג ווערט נאָך שטאַרקער, ווען ער ווערט באַהערשט

פון מיסטישע געדאנקען און זעט א בילד נאך א בילד, ער זעט ווי א האנט שטרעקט זיך אויס צו אים, און א שטים זאגט:

„אט האב איך געגעבן מיינע ווערטער אין דיין מויל. זע, איך האב דיר געשטעלט היינטיקן טאג איבער די פעלקער און איבער קעניגרייכן, אויסצורייסן און איינצוווארפן, אונטערצוברענגען און צעשטערן, צו בויען און צו פלאנצן".

פון דעם מאמענט אן ווייסט שוין ירמיהו צו וואס זיין לעבן איז באשטימט. ער מוז גיין צו אלעמען און ברענגען זיי גאטס ווארט. ער מוז אלעמען ברענגען דעם געטלעכן אמת. ער האט שוין א זין אין לעבן. פון דעם מאמענט אן ווערט ער דער אומגליקלעכער מענטש און דער טראגישסטער פון אלע נביאים. צוויי מאל האט מען געהאלטן דערביי, אז מען זאל אים טויטן און ווי דורך א נס ווערט ער ניצול. מען האט אים געשלאגן, געווארפן אין תפיסה און נית געקוקט אף קיין זאך, איז ער ווי א שפייעדיקער בארג. ער הערט ניט אוף צו שפייען מיט פלאם־פייערדיקע נביאות איבער זיין פאלק און זיין לאנד. ער פארלאזט זיינע נעווויינהייטן, זאגט זיך אפ פון זיין לעבנס־שטייגער און גייט צום פאלק ריידן פון חורבן און אומקום, אבער אויך פון דעם, אז פונעם חורבן און אומקום, וועט אמאל ארויסקומען א ניי לעבן און א נייע וועלט.

דער ערשטער ארויסטריט פון יונגן נביא איז געווען אין זיין אייגענעם שטעטל — אין ענתות. דארטן האט ער געווירקט אין די ערשטע יארן פון זיינע נביאות און זיין ווירקונגס־קרייז האט ארומגענומען בלויז דעם רעליגיעז־גייסטיקן געביט. אלס פאליטישער נביא באווייזט ער זיך שפעטער, ווען ער טראגט אריבער זיין נביאישע ווירקונג אין ירושלים.

ירמיהו האט אנגעפאנגען זיין נבואה מיט א ראמאנטישן מאמענט אין לעבן פון פאלק. ער נעמט אלס אויסגאנג־פונקט דעם עבר פון ישראל, די ערשטע טריט וואס דאס פאלק האט געשטעלט, באלד נאך זיין פארמירונג. יענע תקופה איז פארן יונגן נביא א צערטלעכע דערינערונג. ער זעט דעם עבר אין שיינע העלע פארבן. ווי הערלעך דאס פאלק האט געלעבט אין יענער צייט. ווי שיין די פארגאנגענהייט האט אויסגעזען. דער רעליגיעזער סענטימענט אין פאלק איז געווען געזונט, דער לעבנס־שטייגער יידישלעך, לויט די געבאטן פון תורת משה, די געזעלשאפטלעכע באנעמונג אן עטישע, די מאראל פון פאלק א הויכע.

דאָס פאָלק האָט געלעבט אין דער אמונה צו גאָט און אין בטחון צו אים. אַז אמת הייליק פאָלק איז דעמאָלט געווען ישראל.

מיט צערטלעך־רירנדיקע ווערטער באַצייכנט דער נביא, אין נאָמען פון גאָט יענע גוטע, אַלטע צייטן.

„איך דערמאָן מיר דיין יוגנט־גנאַד, די ליבע פון דיין כלה־צייט, דו ביזט מיר נאָכגעגאַנגען אין מדבר, אין אַ ניט באַפלאַנצטן לאַנד. ישראל איז דעמאָלט געווען הייליק צו גאָט".

און איצט? איצט איז ישראל טיף געזונקען אין שמוץ. פאַרשוווּנדן פון אים די הייליקייט. אַפּגעפרעמדט פון יידישן לעבן, דערווייטערט פון אמונה אין גאָט. די ריינע יידישע רעליגיע איז פאַרביטן אויף די אומווירדיקע דיקע מיאוס'ע געצן. מאָראַל איז געפאַלן, עטיק ניטאָ. נידעריק, זייער נידעריק איז איצט דער לעבן פון פאָלק ישראל.

„אויף יעדער הויכן אָרט, אונטער יעדער גרינעם בוים, ליגסטו ווי אַן אויסגעפאַלענע זונה. צום האָלץ זאָגט מען דו ביזט מיין טאַטע, צום שטיין — דו האָסט מיר געבוירן. מען ווענדעט זיך צו מיר מיטן נאַקן, ניט מיטן פּנים. וווּ איז געבליבן דיין גאָט, וואָס דו האָסט געמאַכט? האָסט דאָך אַזוי פיל געטער וויפל שטעט – יהודה."

אין אָנפאַנג איז נאָך דער נביא נאַאיוו, ער גלויבט, אַז דאָס פאָלק וועט אויסבעסערן זיין לעבן, אויב מען וועט אים מוסר'ן וואָרענען, אויפמערקזאַם מאַכן אויף זיין זינד. שטראָפט ער נאָך מילד, ווייך. דער פּעסימיזם איז נאָך ניט אַריינגעדרונגען טיף אין זיין נשמה, זיין האַרץ איז נאָך ניט שטאַרק פאַרביטערט. ווייל דער נביא דערשטיקן דעם פּעסימיסטישן געפיל אין זיך. ער איז דאָך ניט מער ווי אַ זון פון זיין פאָלק. ער ליבט דאָך זיין פאָלק, ער ווינטשט אים גוטס. זיין מענטשלעכער געפיל דיקטירט אים, אַז מען דאַרף בעטן בא גאָט, ער זאָל זיי מוחל זיין, ער זאָל ניט זיין צו האַרט צום פאָלק. בעט ער זיך מיט גוטן באַם פאָלק:

„אויב איר וועט אויסבעסערן אייער לעבן, איר וועט זיך באַנעמען צווישן זיך מיט גערעכטיקייט, פרעמדע געטער ניט דינען, דעם אָרעמען ניט דריקן, אייער לעבן וועט איר איינשטעלן

מער רעליגיעז, מער עטיש, ניט רויבן, ניט גנבענען, ניט פירן
אז אויסגעלאסענעם לעבן, וועט גאט זיין גוט צו אייך".

שפעטער דערזעט דער נביא, אז צו טיף איז דאס פאלק געזונקען אין שמוץ און אין אומריינקייט, אלע פון קליין ביז גרויס, ווייבער און מענער, אלע זיינען פארכאפט פון די פרעמדע קולטן. אלע האבן זיך אריינגעווארפן אין די נארישע געצנדינערישע רעליגיעס. אלע טוען נאך די אומווירדיקייט פון די שכנים, פרעמדע פעלקער.

„די קינדער קלייבן האלץ, די טאטעס צינדן אן פייער און די
פרויען קנעטן טייג צו מאכן קוכנס פאר דעם הימלישן ווענוס".

און די פליכטן פון נביא, דער געטלעכער אימפעראטיוו, וואס האט אין אים אריינגעגעבן דעם כוח פון געטלעכן אמת, זאגן אונטער דעם נביא ניט צו דערווארטן קיין אויסבעסערונג אין פאלק. דער ווילן מתפלל צו זיין פארן פאלק ווערט פארשוווונדן פון אים. די שטים וואס האט באפוילן צו ווערן א נביא זאגט איצט צו אים:

„דו זאלסט פארן פאלק ניט בעטן, זאלסט פאר זיי ניט אופהויבן קיין געזאנג און קיין תפילה. איך וועל דיין תפילה ניט צוהערן. זעסטו דען ניט, וואס זיי טוען אין די שטעט פון יהודה און אף די מערקפלעצער פון ירושלים?".

דער נביא דערפילט, אז זיין נשמה ווערט אנגעפילט מיט א שטראם פון צארן און כעס. אלע, אלע זיינען זיי זינדיק. מענטשן, בהמות, חיות אפילו די ביימער פון פעלד, אלע זיינען זיי אומווירדיק און פארדארבן. ער זעט ניט קיין מיטל ווי אויסצובעסערן דעם גייסטיק-רעליגיעזן לעבן פון פאלק. אין דער הינזיכט איז ער פולקאם אנטוישט. ער זעט נאר חורבן, פיין, ליידן, ער זעט ניט אין דער צוקונפט קיין ליכטיקן שטראל, קיין האפענונג אף בעסער.

דער נביא הויבט אן שענקען זיין אופמערקזאמקייט פאר דער פאליטיק פון זיין לאנד. אפשר וועט אים פון דער זייט געלינגען עפעס וואס צו טאן פאר זיין פאלק. אויב דאס פאלק איז פארמשפט אף אונטערגאנג, זאל כאטש די מלוכה געראטעוועט ווערן. אין דער פאליטיק אבער געפינט דער נביא אויך ווייניק טרייסט. ער זעט זיין לאנד שטיין צווישן צוויי פייערן. פריער האט זיך די מלוכה פאליטיק אריענטירט אף אשור,

איצט, ווען אשור הויבט אן גיין בארג אראפ, דערנענטערט מען זיך צו מצרים. דערווייל אבער באפאלן די חיילות פון מצרים, וואס קעמפן קעגן אשור אף די שטעט פון יהודה און מאכן דארטן אן הורבנות. דער נביא איז א פאטריאט, ער ליבט זיין פאטערלאנד. אים ווייטיקט דער אומזיכע־רער מצב פון זיין לאנד. לאכט דער נביא מיט א ווייטיק אין הארצן פון די מלוכה־פירער:

„וואס מאכסטו זיך אזוי נידעריק שטענדיק צו ענדערן דיין וועג. וועסט דיך שעמען מיט מצרים אזוי ווי דו האסט דיך געשעמט מיט אשור."

פארן נביא איז ניטא קיין אנדערע פאליטישע ליניע פאר זיין לאנד, ווי נאר גלויבן אין גאט און האבן אין אים בטחון, אבער די מלוכה פירער האלטן ניט פון אזא פאליטיק.

אין דער דערנענטערונג פון די וואנדערנדיקע סקיתים צו די גרענעצן פון יהודה, באווייזט זיך דער נביא אין זיין גרויסן נביאישן פארנעם און געזונטע פאליטישע אריענטאציע. באגלייך מיט די נביאים זיינע פארגענג־נער, גלויבט דער נביא, אז גאט פון ישראל קלויבט אויס א פאלק און באנוצט אים אלס שטראפרוט קעגן ישראל, ווען ישראל ווייכט אפ פון די וועגן, וואס גאט האט אנגעצייכנט אין זיין תורה. אין דער סקיתים וואנדערונג זעט דער נביא די שטראפרוט מיט וועלכער גאט וועט שטראפן יהודה פאר אירע זינד און באשטראפן וועט ער זי שטרענג, אן רחמנות, מיט דער גאנצער הארבקייט פון זיין געטלעכער מאכט.

די נביאישע זייט בא אים איז באפרידיקט. אין דעם אנקומען פון די סקיתים זעט ער, אז זיין ווארט וואס ער ברענגט אין נאמען פון גאט וועט זיכער דערפילט ווערן. זיין מענטשלעכע מענטאליטעט אבער ליידט דערפון. די שטראף קומט דאך אף זיין פאלק, אף זיין לאנד. זיין פילנדיק הארץ ווערט ווידער פול מיט רחמנות, ער פילט מיט זיין אומגליקלעך פאלק. אין אים קומט פאר א קאמף צווישן נביאישן אימפעראטיוו און מענטש־לעכן מיטגעפיל. דערפאר מערקט מען בא אים אזוי פיל פעסימיזם צו־זאמען מיט הארציקן מיטלייד, נבואה'שע הארטקייט און מענטשלעכע צערטלעכקייט.

אט דער קאמף אין אים מאכט אים אנדערש ווי די אנדערע נביאים,

זיינע פארגענגער. ער שטעלט זיך ניט אלס נביא העכער איבערן פאלק, ער קוקט ניט אפן פאלק אביעקטיוו, נאר ער גיסט זיך צוזאמען מיטן פאלק און ווערט א סוביעקט פון פאלק. ער קען זיך ניט ארויסנעמען פון כלל. אויב דאס פאלק ווערט באשטראפט ווערט ער אויך באשטראפט. אלס נביא זעט ער חורבן און אומקום אפן פאלק. אלס מענטש איז ער צוזאמענגעגלידערט מיטן פאלק און מיט דעם פאלקס אומקום קומט ער אויך אום. די נביאות וואס ער זאגט צום פאלק זאגט ער זיי זיך אליין. דערפאר וויינט ער און קלאגט מער פון אלע נביאים. אים טוט ווי אי פארן פאלק, וואס הערט אים ניט און עס טוט אים ווי פאר זיך אליין אויך. מיט שווארצע פארבן שילדערט דער נביא דעם אנקום פון די סקי־תים.

„ווי וואלקנס טראגן זיי זיך, ווי א שטורעם קומען זיינע רייט־וועגענער. פלינקער פון אדלערן זייגען זיינע פערד. א פאלק קומט פון צפון, א גרויס פאלק וועקט זיך אוף פון עק וועלט. בויגן און שפיזן האלטן זיי. ער איז אכזריותדיק, האט ניט קיין רחמנות. דער טומל פון זיינע ארמייען איז ווי דער גערויש פון ים. אף פערד רייטן זיי, גרייט ווי איינער זיך צו ווארפן אין מלחמה, אף דיר ציון".

אזוי רעדט דער נביא אין אים. דערמאנענדיק זיך צוליב וואס די ווילדע מחנות קומען, שטראפן זיין פאלק, אים אליין, הויבט אן צו ריידן אין אים דער מענטש. דראמאטיש רעדט ער און וויינט מיט ביטערע טרערן:

„גייט ארויס אין פעלד, גייט ניט ארויס אין וועג, ווייל דארטן לויערט דעם פיינטס שווערד, טויט געפאר איז ארום און ארום. פאלק מיינס, טו דיר אן א זאק, קייקל זיך איין אין אש, מאך דיר א שווערן טרויער, א ביטערן געוויין, פלוצלונג וועט אונדז באפאלן דער רויבער".

דער נביאישער פארנעם פון ירמיהו הנביא האט זיך אנטוויקלט בא אים שטופנווייז, ניט מיט איין מאל. אין דער מאס וואס עס האבן זיך אנטוויקלט די געשעענישן אין גייסטיק־רעליגיעזן און פאליטישן לעבן פון

מלכות יהודה, האט זיך אויך אנטוויקלט דער פארנעם פון זיין נבואה. מען קען דאס דעפינירן אף דריי הויפט פעריאדן. דער ערשטער פעריאד, פאר דער צייט פון מלך יאשיהו, ווען עס איז אנגעגאנגען די רעליגיעזע רעפארמען אין לאנד. דעמאלט איז דער נביא געווען א מוכיח, ער האט געמוסרט און געשטראפט, אופגעפאדערט דאס פאלק צו שטיין אף דער באזע פון ריינער רעליגיעזער עטישקייט און גלייבן אין גאטס מאכט.

דער צווייטער פעריאד איז געווען אין די צייטן פון יהויקים און צדקיהו, דאס איז געווען זיין פאליטישער פעריאד. ער איז געשטאנען אף דער וואך פון דער מלוכה פאליטיק און אופגעפאדערט די מלוכה־לייט, זיך אונטערווארפן דעם גורל, נעמען אף זיך די אויבערהערשאפט פון בבל און לעבן בשלום מיט דעם לאנד. ער האט דעמאלט געווארנט דער מלוכה און פארויסגעזאגט; אויב מען וועט זיך ניט אריענטירן אף בבל, וועט קומען אפן לאנד חורבן און אומקום, גלות און אונטערגאנג.

דער דריטער פעריאד זיינער איז נאכן חורבן פון יהודה. דעמאלט האט ער געפאדערט געלאסנקייט און רואיקייט, זיך צופרידנשטעלן מיט דעם, וואס איז געבליבן פון אמאליקער יהודה און לעבן רואיק, אין שלום און פרידן אין גלות. ער האט ניט דערלאזט, עס זאל אנטשטיין אומנוציקע רעוואלטן, און אופשטאנדן, וואס קען ברענגען צו נייע בלוט־פארגיסונגען אין פאלק.

ווי שוין פריער באמערקט, האט ער אנגעפאנגען זיין נביאישע טע־טיקייט אין זיין אייגענער שטאט — אין ענתות. דער קרייז פון זיין נבואה איז נאך געווען באשרענקט. אייגזאם, אפגעזונדערט האט ער גע־לעבט אין שטעטל און דארטן געפרעדיקט זיינע געדאנקען. ווי בא אלע נביאים, איז זיין אויסגאנגס־פונקט געווען — די ריינע יידישע אמונה, די רעליגיעזע עטישקייט אין פאלקס־לעבן. די איינציקייט און הייליקייט פון גאט, די אמונה און בטחון אין אים.

מען קען זיך לייכט פארשטעלן, אז זיין באזע איז געווען די אידעאלן פון די פריערדיקע נביאים. זיין באציאונג צו פרעמדע קולטן, וואס האבן זיך איינגעגעסן אין פאלקס־ארגאניזם פון יהודה ווי א קרעבס, וואס פאר־צערט לאנגזאם דעם געזונטן קערפער, איז געווען פולשטענדיק א נעגאטיווע

די ידיעות וואס האבן זיך דערטראגן צו אים אז דער יונגער מלך

יאשיהו גייט איינפירן געוויסע רעפארמען אין גייסטיק־רעליגיעזן לעבן פון יהודה און גייט אפרייניקן דעם בית המקדש פון דעם שמוץ, מיט וועלכן מנשה האט אים פארומרייניקט, האט דער נביא אופגענומען מיט גרויס סאטיספאקציע. ער איז באגייסטערט געווארן פון די נייס וואס ער האט געהערט. יאשיהו פארברענט אלע איינריכטונגען פאר די געצנ־דינסטן, מען צעברעכט אלע פרעמדע רעליגיעזע פונקטן, פארניכטעט אלע שפורן פון געצנדינסט. דער נביא איז געווארן ענטוזיאסטיש געשטימט פון די נייס. דערהערנדיק, אז דער מלך טוט דאס אף גרונט פון דער גע־פונענער מגילה אין בית המקדש, וואס מען רופט דאס „ספר הברית" די תורה פון משה, הייסט דאס, אז עס באשטעטיקט זיך אלץ וואס דער זיידע האט אים דערציילט. הייסט דאס, אז עס איז אלץ אמת. דער עבר פון פאלק, זיין אויסדערוויילטקייט, זיין הייליקייט, דער בונט וואס גאט האט געשלאסן מיטן פאלק ישראל. דאס איז אלץ ריכטיק און דער נביא ווערט פול מיט באגייסטערונג פון מלך יאשיהו און זיינע אופטועז.

א גוואלדיקן איינדרוק האט געמאכט אפן נביא דער מאמענט, ווען אויך אין זיין שטאט האבן זיך באוויזן שלוחים פון מלך יאשיהו און אין זיין נאמען האבן זיי אויך אין זיין שטאט צעבראכן די איינריכטונגען פאר געצנדינסטן, אויסגערייניקט אלע פרעמד־פעלקערישע אומווירדיקייטן. ער זעט אז די באפעלקערונג דריקט אויס איר אומצופרידנקייט צו דער ארבעט פון די שלוחים. אנשטאט זיך צו פרייען דערמיט, באטראכטן זיי דאס גאר פאר אן אטענטאט קעגן זייער איינגעשטעלטן לעבן, א פארשוועכונג פון זייערע הייליקייטן. אפילו זיינע אייגענע עלטערן קוקן אף דעם מיט פארדרוס און פארביטערונג. דער נביא איז אבער צו־פרידן, פאר אים איז דאס א טאג פון א גייסטיקע דערהויבונג. אים ארט ניט, וואס זיין פאמיליע איז טרויעריק און פראטעסטירט קעגן די איינ־פירונגען פון מלך יאשיהו. ער זעט אין דעם, אז דער מלך יאשיהו פאר־ווירקלעכט אין יהודה, אלץ וואס עס זאגט זיך אין תורת משה. דאס הייסט, אז ער באנייט דעם בונט צווישן פאלק און זיין גאט, שרייט דער נביא פאטעטיש:

„אזוי האט גאט געזאגט, פארפלוכט וועט זיין דער מענטש,
וואס וועט ניט הארכן די רייד פון דאזיקן בונט".

פון דעם מאמענט אז ווערט דער נביא א פרעמדער פאר זיין שטאט, א שונא צו איר באפעלקערונג און דערווייטערט פון זיין פאמיליע. זיין עפנטלעכער ארויסטריט צו גונסטן פון דער רעליגיעזער רעפארמע פון מלך יאשיהו האט זיך געשטעלט ווי א הויכע וואנט צווישן זיין שטאטי־שער באפעלקערונג און אים. דער יונגער נביא דערפילט וואס עס הייסט שנאה, וואס עס הייסט פארפאלגונג צוליב אן אידייע. ערשט איצט האט ער דערשפירט, וואס הייסט פארלירן די ליבע אוןווארעמקייט פון זיין משפחה. מיט טיף טראגישע ווערטער דערמאנט דער נביא דעם צושטאנד.

„איך בין געווען ווי א הויזיקע שאף, וואס ווערט געפירט צום שעכטן, איך האב ניט געוווסט, אז זיי טראכטן אף מיר שלעכטע געדאנקען, לאמיר אומברענגען דעם בוים מיט זיין פרוכט און אים פארשניידן פון לאנד פון לעבעדיקע, אז זיין נאמען זאל מער ניט געדאכט ווערן. ווארים אפילו דיינע ברידער און דיין פאטערס הויז, אפילו זיי, האבן געפעלשט אין דיר, אפילו זיי האבן נאכגעשריען צו דיר מיט א פולע האלדז, גלויב זיי ניט ווען זיי ריידן צו דיר גוט".

האבנדיק פארלארן בא זיך אין שטאט די סימפאטיע און דעם וואַ־רעמען פאמיליען־קרייז, פארלאזט דער נביא זיין שטאט און גייט קיין ירושלים. דארטן מיינט דער נביא צו געפינען זיין סביבה, זיינע סימפאַ־טיזירער און אנהענגער, ער וויל דארטן ווירקן ווי אלע אנדערע נביאים האבן געווירקט. פול מיט מוט און ענערגיע קומט ער אין דער הויפט־שטאט. זיינע פליכטן, אלס נביא, אלס שליח פון גאט טראגט אים אהין. ער קלויבט זיך ארויסזאגן דארטן אלץ, וואס ער פילט אין זיין נשמה.

צו ערשט קומט ער אין בארירונג מיט די נידעריקע פאלקס־שיכטן, מיט די בירגערלעכע עלעמענטן, מיט דעם המון וואס דרייט זיך אום אין גאס. ער שטודירט, ער באאבאכטעט דאס פאלק און ווערט אנטוישט. דער ערשטער איינדרוק פונעם פאלקס־לעבן אין ירושלים איז געווען צעשמעטערנדיק פארן נביא. יא, אמת, די געצנדינעריי, די במות, די מזב־חות וואס מען האט אופגעבויט פאר די פרעמדע געטער זיינען טאקע פאר־שוונדן, גאטס־דינסט אין בית המקדש איז טאקע באנייט געווארן, קר־בנות ברענגט מען געהוג, די לווים זינגען זייער שיין, די כהנים זיינען

צופרידן, זיי האבן א סך פלייש און אנדערע מתנות, אבער דער נביא איז נים צופרידן. די עפנטלעכע געצנדינעריי איז אוועק אבער דער יידישער רעליגיעזער לעבן איז נים געקומען. עס פעלט אופריכטיקייט, עס פעלט הארץ, עס פעלט אידעאל, עס פעלט עיקר. ער, וואס שעפט זיינע אידעאלן פון גאטס ווארט, ער, וואס זוכט נים קיינע נוצן אין זיינע נביאות נאר דעם געטלעכן אמת, האט אנדערע אידעאלן. דער נביא האט געוואלט זען אין ירושלים: גערעכטיקייט, משפט, אמת, אמונה אין גאט, בטחון אין אים, עטיש־רעליגיעזע באציאונג אין דער געזעלשאפט און דאס האט ער נים געפונען אין ירושלים.

אט וועלכן איינדרוק עס האט אף אים געמאכט זיין ערשטע באריר־רונג מיט דער הויפטשטאט: פאלגנדיקן בילד מאלט דער נביא פון זיין ערשטן באזוך אין דער הויפטשטאט:

„וואנדערט אום אין די גאסן פון ירושלים, קוקט אייך אום, פארשט נאר, זוכט אין די מארקפלעצער, אויב איר וועט גע־פינען א מענטשן, אויב עס איז דא ווער עס טוט גערעכטי־קייט, ווער עס זוכט אמת, וועל איך פארגעבן. אפילו ווען זיי זאגן: אזוי ווי גאט לעבט, שווערן זיי פונדעסטוועגן פאלש".

דער נביא קומט אין בארירונג מיט די גרויסע, מיט די העכערע שיכטן פון פאלק, מיט די געלערנטע, מיט די גייסטיקע פירער, מיט די באוווסטזיניקע, טאקע מיט די וואס האבן מיטגעווירקט צו פארווירקלעכן די רעפארמעס פון מלך. זיכער ווייסן זיי וואס עס הייסט אמונה, וואס דער עיקר איז אמונה איז, וואס די תורה פארלאנגט פון א יידן, אבער דער נביא ווערט צום צווייטן מאל ביטער אנטוישט. דארטן געפינט ער אייך נים, וואס ער האט געוואלט צו געפינען.

און דער נביא קומט צו דער איבערצייגונג, אז די רעפארמעס וואס דער מלך האט דורכגעפירט, באריר נאר די אויסערלעכע זייט פון רע־ליגיעזן לעבן. דער תוך פון יידישן לעבן איז געבליבן ווי פריער. פון דער תורה האט מען געמאכט א קאדעקס פאר קרבנות ברענגען. די גייסטיקע פירער שטעלן דעם טראפ אין רעליגיעזן לעבן, וואס מער קרבנות צו ברענגען און ריכטיק אייסטיילן די מתנות וואס קומט צו די כהנים. פאר אנדערע געבאטן קימערן זיך די גייסטיקע פירער ווייניק. הייסט דאס,

אז די גייסטיקע פירער נוצן אוים די תורה בלויז פאר זייערע אייגענע אינטערעסן. געבאטן פון דער תורה, וואס איז שייך געזעלשאפטלעך לעבן, אויסער קרבנות, געבאטן וואס לערנען די באנעמונג צווישן מענטש און מענטש, געבאטן וואס לערנען רעספעקטירן פערזענלעכע פרייהייט, אויסגלייכן סאציאלע אומגערעכטיקייט, דאס האבן זיי פארנאכלעסיקט. קעגן דעם האט דער נביא דערקלערט א קאמף אין נאמען פון גאטס ווארט, מיט וועמענס כוח ער איז געווארן א נביא בא יידן. און זיין קאמף איז געווען א שווערער, א ביטערער. קעמפן קעגן גייסטיקע פירער וואס דערפילן ניט זייערע פליכטן צום פאלק, איז א קאמף וואס פארשאפט א סך שונאים. אבער דער נביא שרעקט זיך ניט. ער פילט אין זיך דעם כוח פון געטלעכן אמת. ער ווערט באגייסטערט פאר דעם ערלעכן קאמף. די באגייסטערונג מאכט אים דרייסט, עס גיט אים מוטיקייט און באפליגלט אים מיט א רעליגיעזער גבורה, צו זיין איינער קעגן אלעמען. ער איז קעגן מלכים, כהנים, נביאים און ווארפט זיי אלעמען דעם אמת אין די אויגן.

„ווי קענט איר זאגן, אז איר זייט חכמים און די תורה איז בא אייך, אז אייער שרייבער־פען פארשרייבט פאלש (דעם זין פון דער תורה). שעמט אייך איר חכמים, אויב גאטס ווארט פאר־מיאוס'ט איר, טא וואס איז אייער חכמה?"

ערשט איצט זעט דער נביא, אז די אנהענגער פון דער רעליגיעזער רעפארמע, האבן דאס נאר אויסגענוצט אלס פאליטישן קאמפס־מיטל קעגן זייערע קעגנער. זיי האבן געפאדערט ענדערן דעם רעליגיעזן לעבן און אין זינען האבן זיי געהאט עפעס אנדערש. והא ראיה, איצט, אז עס איז שוין פארווירקלעכט געווארן אין לעבן די רעליגיעזע רעפארמעס, איז דער רע־ליגיעזער לעבן געבליבן פונקט ווי פריער. עס זיינען אויסגעראמט גע־ווארן די פילע מזבחות, וואס האבן געדינט פאר די פרעמדע געטער און געבליבן איז נאר איין מזבח, אבער אויך ניט מער ווי צו ברענגען קר־בנות, ניט צו דינען גאט אין יידישן גייסט. און דער נביא קעמפט קעגן דעם מוטיק. פאר אים איז דאס ניט קיין גאטס דינסט. ער שרייט מיט צארן:

„מיינע רייד האבן זיי ניט פארנומען, מיין תורה איז בא זיי

פאַרמיאוס׳ט, טאַ צו וואָס באַדאַרף איך דעם ווייַרויך וואָס
קומט פון שבא? און די גוטע געווירצן פון די ווייטע לענדער?
אייער בראַנד־אָפּפּערן זייַנען ניט מייַן ווילן, אייערע שלאַכט־
אָפּפּערן זייַנען מיר ניט אַנגענעם".

דער נביא זעט נאָך ווייטער. ניט נאָר שטעלט מיט זיך פאָר דער קרי־בנות קולט די אויסערלעכע פאָרם פון רעליגיעזן צערעמאָניאַל, נאָר דאָס ברענגט אַרייַן אַ קאָנפוזיע אין זייערע מוחות. זיי באַטראַכטן דעם קרי־בנות קולט, ווי אַ דינסט צו גאָט, וואָס שטעלט אים אינגאַנצן צופרידן, ווי מער ווי קרבנות פאַרלאַנגט ניט גאָט אַזאַ גלויבן ברענגט נאָר גע־זעלשאַפטלעכע פאַרדאַרבנקייט. דאָס שעדיקט דעם געדאַנק פון דער רייַ־נער אמונה. און דער נביא שטעלט זיך ניט אָפּ אַרויסצוזאָגן דעם ראַדי־קאַלסטן געדאַנק, וואָס אַ נביא האָט ווען געזאָגט.

„וואָס טויג מיר אייערע בראַנד־אָפּפּערן, בעסער לייגט דאָס צו
צו אייערע שלאַכטונגען און עסט זיך אַז אַליין מיט פלייש,
וואָרים איך האָב ניט גערעדט מיט אייערע עלטערן און איך
האָב זיי ניט באַפוילן ווענן בראַנד־אָפּפּערן אָדער שלאַכט־
אָפּפּערן".

נאַטירלעך, האָבן אַזעלכע ראַדיקאַלע רייד פון נביא אַרויסגערופן פּראָטעסטן אין אַלע שיכטן פון פאָלק. מען האָט אים אויסגעלאַכט, מען האָט אים מבטל געמאַכט, פון אים חוזק געמאַכט און אים געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. רעדט דער נביא מיט פאַרדרוס.

„צו וועמען זאָל איך ריידן און וואָרענען, אַז זיי זאָלן האָרכן?
זייערע אויערן זייַנען פאַרשטאָפּט און זיי קענען ניט פאַרנע־
מען. גאָטס וואָרט איז באַ זיי צו שאַנד".

אָבער דער נביא שרעקט זיך ניט און רעדט ווייטער. און ווי זאָל ער ניט ריידן, אַז ער זעט די שטראָף קומען? ער זעט דאָס אָנקומען פון די סקיטים. ער זעט שוין ווי גאָט פאַכעט מיט דער שטראָפרוט אי־בער זייערע קעפּ און וויל זיי גרויזאַם באַשטראָפן. זיכער וועלן די סקי־טים באַפאַלן יהודה און זי חרוב מאַכן, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן צו אַנ־דערע לענדער. וואָרנט זיי דער נביא. צו ערשט טוט ער דאָס צו די פּראַ־

ווינציעלע. ער ווארנט זיי זאלן פארלאזן די פראווינץ און אריין אין ירושלים, וואס איז מער געשיצט ווי די פראווינץ.

„הויבט אוף א פאן קיין ציון. אנטרינט, שטעלט אייך ניט אפ, ווארים איך ברענג אן אומגליק פון צפון און א גרויס בראך. א לייב איז אופגעגאנגען פון זיינע צווייגן, אן אומברענגער פון פעלקער איז ארויס פון זיין ארט, צו מאכן דיין לאנד וויסט".

דערנאך ווארנט ער אויך די איינוווינער פון ירושלים.

„איילט צו לויפן פון ירושלים, און תוקע בלאזט מיט א שופר, אין בית כרם הויבט אוף א צייכן, ווארים פון צפון קומט אן אן אומגליק און א גרויס בראך, די שיינע און פארצערטלטע טאכטער ציון וועל איך פארשניידן".

דער נביא איז שוין אזוי זיכער מיט זיין נבואה איבער דעם קומען פון די סקיטים, אז ער הערט זיי שוין ריידן. ער זעט שוין ווי זיי שטעלן אוף געצעלטן ארום ירושלים. ער הערט ווי זיי איילן צו זייער רויב ארבעט. זיי זאגן:

„שטייט אוף, לאמיר ארופגיין אינמיטן טאג, ווי אונדז, דער טאג גייט פארביי, עס שטרעקן זיך שוין די שאטנס פון אוונט, שטייט אוף, לאמיר ארופגיין באנאכט און צעשטערן אירע פאלאצן".

און דעם נביא טוט ווי, זיין הארץ ווערט צעריסן אין שטיקער איבער דעם אומגליק וואס קומט אף זיין פאלק. ער וויינט, ער קלאגט, ער יאמערט, כאטש ער האט זיי געווארנט, כאטש זיי זיינען זינדיק און פארדארבן, אבער דאס איז דאך זיין פאלק, ער איז דאך א גליד פון דעם פאלק, און ער וויינט מיט ביטערע טרערן:

„ווער מאכט מיין קאפ וואסער, מיין אויג א טרערן־קוואל, איך וואלט טאג און נאכט באוויינט די דערשלאגענע טאכטער — מיין פאלק".

די סקיטים זיינען פארביי יהודה און אין איר ניט אריין. זיי האבן זיך פארנומען אן א זייט, דערגרייכט מצרים, דארטן האבן זיי געקראגן גרויסע אוצרות און זיינען אוועק צוריק צו צפון. דאס פאלק און לאנד

פון יהודה, האָבן געיובל'ט פון פרייד. דעם נביא'ס קעגנער — און קעגנער זיינען אים אַלע געווען — האָבן טריומפירט. זיינע בייזע נביאות, דער אָנזאָג פון צער און חורבן איז ניט דערפילט געוואָרן, זיי באַטראַכטן אים שוין פאַר אַ פאַלשן נביא.

ירמיהו'ן קימערט דאָס ניט. ער האָט געוווּסט באַ זיך, אַז זיינע נביאות מוזן מקוים ווערן. ער פילט, אַז זיינע רייד איז גאָטס וואָרט. אויב גאָט וויל באַשטראָפן יהודה, וועט זי באַשטראָפט ווערן און זי מוז באַשטראָפט ווערן, ווייל זי איז זינדיק. אויב זי איז איצט באַפרייט געוואָרן פון דראָענדיקן שטראָף, איז דאָס דערפאַר, ווייל גאָט האָט אויסגעקליבן אַן אַנדער פאָלק פאַר זיין שטראָפרוט. די דערלייזונג יהודה'ס איז נאָר צייטווייליק. דער נביא טרעט אָפּ אַן אַ זייט, אַ זעלכע צען יאָר בלייבט ער פּאַסיוו.

אינצווישן האָט די געשיכטע אַ שטאַרקן דריי געטאָן מיט דער ראָד פון דער פּאָליטיק. די סקיתים האָבן גענומען זיך אַריינרייסן אין דער מעכטיקער פעסטונג פון אשור. די אונטערדריקטע מלוכות האָבן גענומען אָפּפאַלן פון איר איינע נאָך דער אַנדערער. מצרים האָט זיך אויך אָפּגעריסן. אשור איז געפאַלן און מצרים האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ. זי זוכט שוין צו פאַרנעמען דעם גאַנצן ברעג פון מיטלענדישן ים.

צו יהודה איז דערגאַנגען די נאַכריכט, אַז מצרים דערנענטערט זיך מיט שיפן צו די ברעגעס פון יהודה. יאשיהו האָט די דאָזיקע נאַכריכט אופגענומען מיט רואיקייט און זיכערקייט. ער האָט זיך פאַרלאָזט אָף גאָט. די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון נביא האָט ער ניט גענומען אין אכט. ער איז געווען זיכער, אַז גאָט וועט אים אויסהיטן פון שלעכטס, האָט ער דאָך רעפאָרמירט דעם רעליגיעזן לעבן אין איינקלאַנג מיט גאָטס תורה. האָט ער צוזאַמענגענומען זיין אַרמיי און איז אַרויס קעגן מצרים, ניט לאָזן איר קרייצן די גרענעצן פון יהודה. ליידער איז די אַרמיי פון יהודה געשלאָגן געוואָרן אין דער מלחמה מיט מצרים, יאָשיהו אַליין איז אויך געפאַלן ווי אַ העלד אין דער מלחמה, לעבן דער שטאָט מגידו. די דאָזיקע מפּלה האָט אַריינגעבראַכט אַ צעטומלונג אין די מוחות פון פאָלק.

וואָס הייסט? יאשיהו דער באַליבטער מלך, אַט דער וואָס איז

געווען איבערגעגעבן צו גאָט מיטן גאַנצן הארצן, מיט לייב און לעבן, אַזאַ צדיק, אַזאַ גוטער ווי ער איז געווען און איז געפאַלן אין מלחמה. פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט אים זיין גאָט ניט געהאָלפן? ווו איז גאָטס גערעכטיקייט? און אפשר קען גאָט פון ישראל איבערהויפּט גאָרניט אופּטאָן? די פראַגעס האָבן געלעכערט דעם מוח פון פאָלק און דעם־פּרעסטיזשירט אין זייערע אויגן די אמונה אין גאָט און די אידעאַלן פון די נביאים.

אַפן פּלאַץ פון יאשיהו איז געוואָרן קעניג זיין יינגערער זון, שלום מתניה. שפּעטער מיט דריי הדשים, ווען דער נייער מלך איז געגאַנגען זיך פאַרשטעלן פאַרן קעניג פון מצרים, אונטער וועמענס הערשאַפט יהודה איז געווען אַרונטערגעפאַלן, האָט זיך דערהערט פון דאָס ניי די שטים פון נביא ירמיהו:

„באַוויינט ניט דעם טויטן, באַטרויערט אים ניט, וויינט אָפּ דעם וואָס גייט אַוועק, ער וועט שוין צוריק ניט מער קומען, ער וועט שוין ניט אַנזען זיין פאָטערלאַנד".

און אַזוי איז טאַקע געשען. דער קעניג פון מצרים איז געווען בייז, וואָס מען האָט געקרוינט דעם יינגערן זון פאַר אַ מלך איבער יהודה אָן זיין וויסן, האָט ער אים אַרעסטירט, געשמידט אין קייטן און אָפּגעשיקט קיין מצרים. צוריק איז ער ניט געקומען. אָפּ זיין פּלאַץ איז געוואָרן קע־ניג איבער יהודה יהויקים.

אין דער תקופה פון יהויקים ווירקט ירמיהו אַלס סאָציאַל־פּאָליטי־שער נביא. יהוקים איז געווען אַ טיפּ פון אַ שרעקעוודיקן טיראַן. ער טוט אָפּ אַ פאַרברעכן און קוקט זיך אום פון הינטן, צי מען זעט אים ניט. פאַר זיינע אונטערטאַנער איז ער געווען אַ טיראַן און אַן אכזר, אַ שלעכטער און אַ נוקם. פאַר זיין אויבערהערשער איז ער געווען הכנעה־דיק און זיך געבויגן אין דרייען. געטריי האָט ער אויסגעפירט אַלע באַ־פעלן פון פּרעה׳ן, איבערהויפּט אויספּומפּן פון דער באַפעלקערונג וואָס מער צינזן און דאָס איבערשיקן אין מצרים, אַלס לוין פאַר דעם שוץ.

געזיבערט פון איין זייט מיט פּרעה׳ס שוץ, האָט ער אין זיין איי־גענעם לאַנד טיראַניזירט און געפּייניקט די באַפעלקערונג. געהערשט מיט

אַן אייזערנעם פויסט. פאַר יעדער מינדערוויכטיקייט האָט ער באַשטראָפט מיט טויט שטראָף.

זייענדיק איבערצייגט, אַז די באַפעלקערונג קען אים ניט ליידן, האָט ער געזוכט צו האָבן פאַרגעניגן אין זיין לעבן און אויסנוצן די מלוכה פאַר זיין פּערזענלעכן ווויל. ער האָט זיך געלאָזט בויען פּאַלאַצן און זומער־הייזער, ער האָט געלאָזט מאַכן אַלע פאַרגעניגנס וואָס ער האָט געזען אין מצרים בא די מלכים. טאָמער האָט די מלוכה קאַסע ניט געס־טייעט פאַר זיינע פאַרשווענדונגען, האָט ער איינפאַך געצוווּנגען די באַ־פעלקערונג צו אַרבעטן פאַר אים אומזיסט. די באַפעלקערונג האָט געליטן, געקרעכצט און האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט באַפוילן. זיי האָבן איינ־פאַך מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצוריידן. שפּיאָנען און דינער זיינע האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן דער באַפעלקערונג און אָנגעוואָרפן אַף אַלע־מען אַ שרעק.

בלויז איינער איז געווען, וואָס האָט ניט מורא געהאַט פאַר אים און ניט פאַר זיינע טרייע דינער. דער איינער איז געווען — ירמיהו הנביא. שפּירנדיק אין זיך דעם כוח פון גאָטס וואָרט. זייענדיק פעסט אין גלויבן, אַז ער איז געשיקט צו זאָגן דעם אמת, האָט ער זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר יהויקים'ס טיראַניע און ניט מורא געהאַט פאַר זיין טויט שטראָף. מוטיק און דרייסט האָט דער נביא אַרויסגעזאָגט דעם מלך, דאָס וואָס די באַפעלקערונג האָט ניט געוואָגט צו זאָגן. אים אין די אויגן האָט ער געזאָגט:

„ווי דעם וואָס בויט זיין הויז אומגערעכט, און זיינע גאָרנס אָן משפּט. ער לאָזט זיינע פריינט אַרבעטן פאַר אים אומזיסט, באַצאָלט אים ניט קיין לוין, ער לאָזט זיך בויען באַקוועמע הייזער, גערוימיקע גאָרנס לאָזט עפענען פענצטער, באַדעקט זיי מיט צעדערהאָלץ און באַפאַרבט מיט פאַרב. דו ווילסט קעניגן, אויסרימען זיך מיט דעם צעדערהאָלץ, וואָס דו פאַר־בויסט. דיין פאָטער האָט געגעסן און געטרונקען, אָבער ער האָט געהערשט מיט משפּט און גערעכטיקייט, איז אים גוט געגאַנגען. ער האָט פאַרטיידיקט דעם אָרימען און דעם אביון, דאָס איז גוט. דאָס איז גאָטס־דערקענטעניש. אַזוי זאָגט גאָט.

און דו? דיינע אויגן און דיין האַרץ זיינען נאָר פאַר דיינע
אייגענע נוצן, נאָר אומשולדיק בלוט צו פאַרגיסן, גידערטרעב־
טיקייט צו טאָן".

און מערקווירדיק, דעם מוט וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן, זאָגנדיק דעם אמת דעם טיראַן, דעם מלך, האָט דערוועקט באַ אַלעמען רעס־פּעקט צו אים. אפילו דער קעניג אַליין האָט אים געלאָזט צו רו. אָבער אַז אויג האָט ער אַף אים געהאַלטן. אַנדערע וואָס האָבן געוואָגט נאָכ־צוטאָן ירמיהו און זאָגן אים וואָס ער האָט ניט געוואָלט הערן, זיינען פון אים אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן. איינער אַ נביא אוריהו האָט אים אויך אַריינגעזאָגט אַזוי ווי ירמיהו, האָט דער טיראַן אים געשיקט אַרעסטירן. אוריהו איז אַנטלאָפן קיין מצרים, האָט יהויקים געשיקט שלוחים קיין מצרים, דאָרטן אים געפאַנגען, געבראַכט צוריק קיין יהודה און מען האָט אים דערמאָרדעט.

דעם מאָרד האָט ירמיהו ניט פאַרשוויגן. ער איז שרעקלעך אַף אים אויפגעבראַכט געוואָרן. פול מיט צאָרן און כעס אפן מלך, האָט ער פון זיין מויל אַרויסגעבראַכט אַ קללה, וואָס ביז דעמאָלט איז אַזוינס נאָך ניט געהערט געוואָרן. ער האָט איינפאַך געשאָלטן און געפלוכט דעם מלך. ער האָט געזאָגט

„מען וועט אים ניט באַקלאָגן ווי אַ ברודער אָדער אַ שוועס־
טער, ניט ווי אַ האַר און ניט ווי אַ מלך. ווי אַן אייזל וועט
מען אים פאַרשלעפּן אויסער די טויערן פון ירושלים".

דער מלך האָט פאַרביסן זיינע ליפּן און געשוויגן ניט געוואָגט אַנצורירן דעם נביא. צופיל איז דער נביא אין יענעם מאָמענט געווען געאַכטעט און רעספּעקטירט. אַ סך פון דער אַריסטאָקראַטיע און גייס־טיקע פירער האָבן פאַר אים געהאַלטן. עס איז אָבער געקומען אַ מאָ־מענט, ווען דער נביא האָט פאַרלאָרן זיין רעספּעקט. דער המון איז מו־ראַדיק אויפגעבראַכט געוואָרן אַף אים. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אים אינגאַנצן אומברענגען, אַזוי איז מען געווען אַף אים אויפגעבראַכט.

דאָס איז געווען אין אַ יום טוב. אַלע יידן פון יהודה האָבן זיך פאַרזאַמלט אין בית המקדש. די שטימונג באַם עולם איז געווען אַ יום

טובדיקע. מען איז געווען האפערדיק בא זיך. די יאוש־שטימונג וואס עס האט פארורזאכט די מיליטערישע נידערלאגע בא מגידו און דער טויט פון קעניג יאשיהו האט מען שוין פארגעסן. דער עולם האט זיך געפרייט מיטן בית המקדש. פון אלע ווינקעלעך הערט מען שרייען „היכל פון גאט". מען פרייט זיך מיט גאטס הויז. דער נביא האט אנגענומען, אז זיי פרייען זיך מיטן בית המקדש, ווייל דאס איז בא זיי דער עיקר אין רעליגיעזן לעבן. מען קען טאן וואס מען וויל, מען קען לעבן ווי מען וויל, מען קען ניט גלויבן אין גאט, ניט האבן אין אים קיין בטחון, אפטאן די ערגסטע נידעריקייט און דער היכל פון גאט וועט זיי שוין באשיצן פון אלעם. דעם נביא האט דאס פארדראסן. ער האט אין דעם געזען דעם מקור פון אלדאס בייז וואס עס ווערט אפגעטאן אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון ירושלים. האט דער נביא אופגעהויבן זיין דונערדיקע שטים און אויסגעשריען:

„אזוי האט גאט געזאגט: פארלאזט אייך ניט אף די פאלשע ווערטער: היכל פון גאט. היכל פון גאט", וואס מיינט איר דען. איך וועט פארוואנדלען דאס הויז פון גאט אין א הייל פון באנדיטן און עס וועט אייך אלץ געשאנקען ווערן, ווייל איר האט א היכל פון גאט? ניין, איך וועל פון דעם הויז מאכן, דאס וואס איך האב געמאכט פון מיין הויז אין שילה".

דערהערנדיק די ווערטער האט דער המון אופגעציטערט פון שרעק. עס איז אנטשטאנען א שרעקלעכער טומל. מען האט זיך געריסן צום נביא פון אלע זייטן. „דו מוזט שטארבן", האט מען געשריגן צו אים. ער האט פארשוועכט דאס הייליקע הויז. מען האט אים אנגעכאפט און אוועקגעשלעפט צו די גרויסע הארן, אז זיי זאלן אים משפט'ן ווי איינעם וואס האט געשענדעט דעם בית המקדש. זיי האבן אים באטראכט פאר א פאלשן נביא, וועמען עס קומט טויט־שטראף.

צום גליק פון נביא, ווי עס שיינט, איז דעמאלט יהויקים ניט גע־ווען אין ירושלים. איינער פון די הארן, א זון פון אמאליקן קאנצלער־שפט — האט אים גענומען אונטער זיין שוץ און אים באשיצט פון צערייצטן המון. דער דאזיקער האר האט אויך געהערט צו דער נביאים גרופע. דער נביא איז דאסמאל אפגעקומען מיט א לייכטן שטראף. דער

שעה פון די כהנים, פשחור, האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַרצער ווו ער האָט פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט. צו מאָרגנס האָט מען אים פון דאָרטן באַפרייט.

פון דעם מאָמענט אָן פאַנגט זיך אָן אַ ביטערע פאַרפאָלגונג קעגן אים. די כהנים און הארן האָבן איינפאַך דערקלערט קעגן אים אַ מלחמה. דער נביא שרעקט זיך ניט פאַר דער מלחמה. ער גייט זיך זיין וועג און הערט ניט אויף צו שטראָפן און וואָרענען דאָס פאָלק. דאָס האַרץ טוט אים וויי, ווייל דאָס פאָלק איז בלינד און זעט ניט. עס איז טויב און הערט ניט. עס טוט אים וויי, ער זעט דעם אונטערגאַנג פון פאָלק. פון ערגער און פאַרדרוס וויינט ער אויף זיין אייגענעם ביטערן גורל, וואָס נאָכאַנאַנד ער מוז ריידן פון חורבן און גלות. ער קלאָגט אויף זיין האַרטן נביאישן גורל, וואָס גאָט האָט אים אויסגעקליבן צו גיין און אָנזאָגן זיין פאָלק חורבן און אומקום, גלות און פיין. ער האָט טענות צו גאָט:

„דו האָסט מיר איבערגערעדט און איך האָב מיך געלאָזט אי־בעררײדן, דו האָסט מיר באַזיגט. איך בין צו שפּאָט אַ גאַנצן טאָג. אַלע לאַכן מיר אויס".

דער נביא פאַרשעלט דעם טאָג וואָס ער איז געבוירן געוואָרן.

„ווי איז מיר, מאַמע, וואָס דו האָסט מיר געבוירן. איך בין צו קריג און שטרייט מיט דער גאַנצער וועלט. איך מאָן בײַ קיינעם ניט, קיינער מאָנט בײַ מיר ניט און דאָך שעלטן מיר אַלע".

יאָ, דער נביא איז פון טויט געראַטעוועט געוואָרן אָבער פון קיין לעבן ווייסט ער אויך ניט. פאַרפײַנצטערט און פאַרביטערט גייט ער אַרום. געפּלאָגט און געיאָגט, אפילו פונעם גענוס פון אַ פאַמיליען־לעבן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צוליב זיינע נביאות און ער קען ניט שווייגן. ער מוז ריידן, ער מוז שטראָפן, ער מוז וואָרענען, ווייל דער נביאישער אימפּע־ראַטיוו איז שטאַרקער פון אים. ער טרייבט אים און צווינגט אים צו טראָגן דעם שווערן לאַסט וואָס די נבואה האָט אויף אים אַרופגעלייגט. ער ליבט אויסערגעוויינלעך זיין לאַנד, ער פאַרערט זיין פאָלק. אַלס מענטש וויל ער זען זיין פאָלק גליקלעך, זיין לאַנד אין פרידן, אַלס

נביא מוז ער זיי ברענגען טרויעריקע בשורות, ער מוז זיי אנזאגן חורבן און גלות, פיין און לײדן.

א נייע ענדערונג איז פארגעקומען אין דער וועלט־פאליטיק. אשור איז פארשוואונדן פון אויבערפלאך. בבל איז אופגעקומען אלס שטארקע מאכט אין פאדער־אזיע. זי האט פארנומען אשור׳ס פלאץ אין דער וועלט־געשיכטע. דער יונגער נבוכדנצאר, א זון פון מלך בבל, האט אין א מלחמה צעשלאגן מצרים. יהודה האט געגלויבט, אז זי קען שוין פרייער אטעמען. פון אשור איז זי פריי, איצט אויך פון מצרים. יהודה מעג זיך שוין באטראכטן אלס פולשטענדיק זעלבסטשטענדיקע מלוכה. אזוי האט געגלויבט דער קעניג יהויקים און אזוי האבן געדענקט אלע הארן אין יהודה. אײן ירמיהו האט געדענקט אנדערש. מיט זיין טיפן נביאישן חוש, מיט זיין געזונטער פאליטישער אריענטאציע זעט ער עפעס אנדערש אין דער פאליטישער ענדערונג.

די ענדערונג איז דאך געשען פון גאט וואס פירט אן מיט דער גאנצער וועלט־געשיכטע. געוויס האט די ענדערונג א שייכות מיט דעם גורל פון יהודה און מיט זיין פאלק ישראל, און מיט זיין פאלק האט דאך גאט באזונדערע חשבונות. וואס פארא חשבונות קען גאט האבן מיט זיין פאלק וואס האט אפגעווייכט פון זיינע וועגן און אים פארגעסן? וואס דען אנדערש אויב ניט שטראפן פאר זייערע זינד? זיכער אז די ענדערונג איז צו שטראפן דאס פאלק ישראל און דאס לאנד פון יהודה. און דער נביא קומט צום אויספיר: בבל ליגט אין צפון פון יהודה. אויב ער האט אמאל געזען א נבואה, אז פון צפון וועט קומען דאס אומגליק און ער האט געגלויבט, אז די סקיטים וועלן ברענגען דאס אומגליק, זעט ער איצט אז אנדער שונא קומען פון צפון, אויך אן אומגליק פארן פאלק ישראל. דעם צפון־אומגליק זעט ער איצט אין דער אופקומענדיקער בבל. נבוכדנצאר איז איצט געווארן די שטראפרוט אין גאטס האנט. און ניט נאר איבער יהודה וועט בבל הערשן נאר די גאנצע וועלט וועט איר זיין אונטערווארפן.

די כשדים וואס האבן באהערשט מלכות בבל זיינען נאך שרעקלעכער פון די סקיטים. יענע, די סקיטים, האבן גערויבט און געברענט, אומגעבראכט און פארניכטעט. די כשדים מיינט חורבן און גלות, קנעכט־

שאפט און אונטערדריקונג. אין דער דאזיקער איבערצייגונג פון נביא, פארדריסט אים, וואס יהויקים פארשטייט דאס ניט, וואס ער איז אזוי האפערדיק און זיכער. אים טוט ווי וואס דער מלך פון יהודה איז אזוי פאליטיש קורצזיכטיק. ער מוז ווארענען, ער מוז שטראפן ער מוז ריידן פון חורבן און אומגליק.

פאלגנדיקן אומגליקס-בילד שילדערט דער נביא אין שייכות מיט דעם אופקום פון בבל:

„ווייל איר האט זיך ניט צוגעהערט צו מיינע רייד, וועל איך נעמען משפחות פון צפון, איך וועל שיקן מיין קנעכט, נבוכד־נאצר, דעם מלך פון בבל און איך וועל אים ברענגען אפן דאזיקן לאנד און אף אלע אירע איינוווינער, איך וועל זיי מאכן פאר א שרעק און פאר אייביקע חורבות. און איך וועל אוועקנעמען פון זיי דאס קול פון לוסטיקייט, דעם קול פון פרייד, דעם קול פון א חתן און דעם קול פון א כלה. דאס גערויש פון א האנט-מויל און די שיין פון א ליכט. און דאס גאנצע לאנד וועט ווערן א חורבה און א וויסטעניש און די פעלקער וועלן דינען דעם מלך פון בבל זיבעציק יאר".

אף א צווייטן פלאץ שרייט דער נביא:

„הערט און פארנעמט, זייט ניט שטאלץ, ווארים גאט האט גערעדט. אויב איר וועט ניט הערן, וועל איך פארבארגענער־הייט וויינען צוליב אייער שטאלץ. טרערן וועלן זיך גיסן פון מיינע אויגן, ווייל די סטאדע פון גאט וועט געפאנגען ווערן".

אפנים, אז ניט יהויקים און ניט די מלוכה-לייט האבן געגלויבט זיינע טרויעריקע נביאות. זיי זיינען פריי פון אשור, פריי פון מצרים, בבל קען ניט ווערן קיין גרויסמאכט, ווער קען איצט שטערן יהודה צו ווערן זעלבסטשטענדיק?

אלערליי בילדער מאלט דער נביא פארן פאלק כדי צו איבערצייגן זיי און דעם קעניג אין זיין ריכטיקער פאליטישער אריענטאציע. איין בילד שווארצער פארן אנדערן, איינס טרויעריקער פאר דאס צווייטע. דריי אלעגארישע נבואות האלט דער נביא אין יענער צייט. אין איין נבואה דערקלערט ער, אז גאט וועט ברעכן דעם שטאלץ פון יהודה און

איתגעשפּאַרטקייט פון די גרויסהאַלטער פון ירושלים. אין דער צווייטער נבואה זאָגט ער, אַז יהודה איז אין דער האַנט פון גאָט ווי אַ ליים אין טעפּערס האַנט, וועלכע כלי ער וויל מאַכט ער פון ליים, גאָט וועט אַזוי טאָן מיט יהודה, ער קען איר דערהויבן און דערנידעריקן. אין דער דריטער סימבאָלישער נבואה זאָגט ער, אַז גאָט וועט צעברעכן יהודה און ירושלים ווי מען צעברעכט אַ ליימענע כלי.

לײַדער האָט ניט דער נביא קיין דערפאָלג מיט זײַנע שוואַרצע נביאות. וואָס קלאָגעדיקער ער זעט, וואָס טרויעריקער ער זעט, וואָס טרויעריקער ער זאָגט פאַרויס, אַלץ מער האַס, אַלץ אַ גרעסערע שנאה דערוועקט ער בײַ זײַנע קעגנער. און ווער זײַנען ניט געווען זײַנע קעגנער? די האַרן פון דער מלוכה, די כהנים פון בית המקדש, די אַריסטאָקראַטיע איז דער געזעלשאַפט און דער המון אין גאַס. ער האָט שוין ניט צו וועמען צו ריידן און וו צו ריידן. אָבער ווי קען ער בלײַבן שטיל? ווי טאָר ער באַהאַלטן פאַר זיך זײַנע נביאות? ער איז דאָך אַ נביא, ער מוז דערפילן זײַנע שליחות. אויב אָבער ער קען ניט מער ריידן, באַשליסט ער זײַנע געדאַנקען אַרויסגעבן אין שריפט. ער בעט זײַן געטרייען תלמיד און איבערגעגעבענעם אָנהענגער, ברוך בן נריה, ער זאָל זײַנע געדאַנקען פאַרשרײַבן אויף אַ פּאַרמעט. אַ גאַנץ יאָר האָט געדויערט די אַרבעט פון זײַן תלמיד אָבער ער האָט זיי פאַרשריבן.

אַ קורצע צײַט איז פאַריבער און מען האָט שוין געקענט מערקן, אַז דעם נביא'ס פּאָליטישע אָריענטאַציע איז די ריכטיקע. זײַנע נביאות הויבן אָן מקוים צו ווערן. די רייִנע בלויע הימלען פון יהודה פאַרציען זיך מיט פינצטערע וואָלקנס. די כשדים מיט זייער מלך פון בבל, דאָס הייסט דער צפון אומגליק, איז שוין פאַרטיק מיט מצרים און דערנענטערט זיך צו די גרענעצן פון יהודה. מחנות פּליטים פון די דערפער און פּראָווינץ־שטעט פאַרלאָזן זייערע היימען און לויפן קיין ירושלים. אין דער הויפּטשטאָט איז געוואָרן אַ בהלה. מען קומט צוזאַמען אין גרויסן הויף פון בית המקדש, מען באַראַט זיך וואָס צו טאָן. מען איז מתפּלל, מען פאַסט. דער נביא נוצט אויס די געלעגנהייט און שיקט זײַן געטרייען תלמיד איבערלייענען דאָס אָנגעשריבענע פאַר די פאַרזאַמלטע. אַליין קען ער זיך דאָרט ניט באַווייזן. יהויקים מיט זײַנע ראַטגעבער

האבן זיך פארזאמלט צו א מלוכה באראטונג. מען האט זיי דערציילט פון דער טרויעריקער נבואה, וואס ברוך בן נריה לייענט דארטן, אין הויף פון בית המקדש, אין נאמען פון נביא ירמיהו. די באראטונג מיט יהויקים אין דער שפיץ האבן זיך פאראינטערעסירט. זיי ווילן הערן, וואס זאגט דארטן דער נביא, דער קלאגער און דער יאמערער. זיי שיקן ברענגען דעם פארשריבענעם פארמעט. איינער מיט דעם נאמען יהודי הויבט אן צו לייענען. אלעמען גיט א טיאכקע אין הארצן פון די ווערטער וואס יהודה לייענט. אף אלעמענס געזיכטער פארציט זיך א וואלקן. עס פארשווינדט די פרייד פון זייערע פנימער. דער טיראן יהויקים וויל ניט ארויסווייזן קיין שוואכקייט, כאטש אים האט דאס אויך געגעבן א ריר, אבער ער וויל פארמאסקירן זיין אומרואיקייט. ער איז בלומרשט גלייכגילטיק צו די „נארישע רייד" פון נביא און באפוילט די אפגעלייענטע שורות אפשניידן און ווארפן אין פייער-טאפ, וואס איז געשטאנען אין צימער.

דער נביא דערוויסט זיך פון רושם, וואס זיינע נביאות האבן געמאכט און לאזט צוריק אופשרייבן דאס פארברענטע. ער זעצט פאר מיט זיינע טרויעריקע ווארענונגען און קלאגנדיקע אנזאגעריי און זיין בלוטיקער שונא, דער טיראן יהויקים האט שוין ניט קיין אנדער ברירה ווי זיך אונטערווארפן אונטער בבל.

יהודה כאפט אפ דעם אטעם אף א ווייל פאר דעם פרייז פון זייער אומאפהענגיקייט. אין לאנד הויבט זיך אוף ווידער א וואקכאנאליע פון פרעמדע קולטן און געצנדינעריי, פון דאס-ניי אויסגעלאסנקייט און פארדאבנקייט. דאסמאל איז די געצנדינעריי אין איינקלאנג מיט די קולטן פון בבל, זייער אויבערהערשער. דער נביא ווערט אנטוישט. ער איז פארביטערט און פארדראסיק. ניטא שוין קיין האפענונג, אז דאס פאלק זאל זיך אויסבעסערן. דער נביא באדויערט דאס מיט פאלגנדיקע ווערטער:

„קען דער נעגער ענדערן זיין הויט אדער דער טיגער זיינע פלעקן? אזוי קענט איר שוין אויך ניט ענדערן צו גוטן אייערע שלעכטע געוווינהייטן. דיין אויסגעלאסנקייט און לײדנשאפטלעכע געשרייען, דיין פרעכע זנות-טרייבעריי אף אלע

הויכענישן אין פעלד זע איך דיינע אומווירדיקייטן. ווי דיר ירושלים, דו וועסט שוין ניט ריין ווערן, ווי לאַנג נאָך וועט אַזוי זיין"?

די כלומרשטע רואיקייט אין לאַנד האָט געדויערט דריי יאָר. דער טיראַן יהויקים האָט אין דער צייט ניט גערוט. אַלץ געפּלאָנעוועט ווי אַזוי זיך אַרויסרייסן פון בבל'ס נעגל. ער האָט שוין אפילו אופגעהערט צו צאָלן צינזן. לאַנג אָבער האָט דער מצב ניט אנגעהאַלטן. בבל האָט געשיקט זיינע טרייע וואַסאַלן: ארם, מואב, עמון און זיי האָבן געמאַכט חורבונות אין יהודה. אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביז יהויקים איז געשטאָרבן. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען זיין זון יהויכין.

דער נייער מלך, דער יונגער יהויכין, האָט געשיינט צו זיין אַ מער געלאַסענער און געזעצטער ווי זיין פאָטער. דאָס פאָלק האָט געהאַט געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען. עס האָט געהייסן, אַז ער וועט אַנפירן אַ נייע פּאָליטיק אין לאַנד. ער איז געווען באַם פאָלק באַליבט. מען האָט אים גערופן „דער באַליבטער פון גאָט". מען האָט דערוואַרט, אַז אין זיין צייט וועט יהודה אופגעריכט ווערן, זי וועט ווידער גיין אין איר נאַרמאַלן וועג און וועט פירן אַ פרידלעכע פּאָליטיק מיט בבל, אין איינקלאַנג מיט דעם נביא'ס פּאָליטישער אָריענטאַציע.

דער נביא האָט אָבער געזען ווייטער ווי דאָס פאָלק. ער האָט געזען, אַז דער מלך איז נאָך יונג, די רעגענטין, זיין מוטער פירט די גאַנצע מלוכה און זי איז געווען אונטער דער השפּעה פון איר מאַן יהויקים. דער נביא האָט דאָס געזען און געזאָגט, אין נאָמען פון גאָט:

„גיי זאָג דעם מלך און די רעגענטין, זעצט אייך נידעריקער
אַראָפּ, עס וועט אַרונטערגיין פון אייערע קעפּ די פּרעכטיקייט
פון אייערע קרוינען".

און אויסגעלאָזן האָט זיך ווי ירמיהו האָט געזאָגט. נבוכדנאצר האָט ניט אָנגענומען די אונטערטעניקייט פון נייעם קעניג אין יהודה. שפּעטער מיט דריי חדשים, זיינען שוין זיינע אַרמייען געשטאַנען פאַר די טויערן פון ירושלים וועז מען האָט געמוזט עפענען די טויערן פון ירושלים פאַר נבוכדנאצרן און יהויכין מיט דער מוטער זיינען אַרויסגעקומען צו אים, אויסדריקן זייער אונטערטעניקייט, האָט מען זיי גע־

פאנגען און פארטריבן אין גלות, אין בבל. צוזאמען מיט זיי האט נבוכדנאצר געפאנגען נאך א זעלבע עלף טויזנט פון די חשוב'סטע און אינטעליגענטסטע יידן פון ירושלים, אויסגערויבט אלע ווערטפולע כלים פון בית המקדש און אלין אפגעשיקט צו אים אין בבל.

צדקיהו איז געווארן מלך אין יהודה. ער איז געווען א מענטש אן א רוקן ביין. א קליינלעכער, א שוואכער, אן מוט, אן אנטשלאסנקייט און אן א פעסטער ליניע. נבוכדנאצר האט אים אוועקגעזעצט אפן טראן און גענומען בא אים א שבועה, אז ער וועט בלייבן טריי צו אים. כדי נאך זיכערער צו זיין, האט ער אראפגעזעצט אלע הויכע רעגירונגס־באאמטע פון זייערע אמטן און אף זייער פלאץ אנגעשטעלט פשוטע ביר־גער, אן אמביציעס און אן פאליטישע אריענטאציעס. זיין כוונה איז געווען אפצושוואכן דעם נאציאנאלן געפיל בא די רעגירער און אויס־מיידן רעוואלט קעגן אונדז. ווי עס ווייזט זיך ארויס, איז א נאציאנאלן געפיל שווער צו באזייטיקן.

די ערשטע צייט האט דאס אויסגעוויזן, אז די פארמאטערטע און געפלאגטע יהודה באַרואיקט זיך. זי נעמט אן פאר גוט די געשאפענע לאגע און איז צופרידן מיט דער אויבערהערשאפט פון בבל. דער אומ־אנטשלאסענער און לייכטזיניקער מלך איז אויך געווען רואיק, אומרואיק איז געווען דער נביא ירמיהו. ער האט געפילט, אז א שטורעם קומט אן. ער האט געפרעדיקט מיט אן אמת און מיט אופריכטיקייט צו מאכן שלום מיט דער לאגע. געדולדיק טראגן די אונטערטעניקייט צו בבל. צו טייער איז אים געווען זיין פאטערלאנד, אז ער זאל גלייכגילטיק צוזען, ווי אין דער שטיל וועבן זיך פלענער פון א בונט קעגן בבל. א בונט קעגן בבל איז מסוגל איינגאנצן צו פארניכטן דאס פאטערלאנד. א פאלק וואס בלייבט אף זיין טעריטאריע קען נאך האפן צוריק צו דעראבערן זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט. פארטריבענע פון לאנד האבן שוין מער קיין האפענונג ניט. מיט זיין מיינונג האט זיך גערעכנט א גרויסער טייל פון פאלק. עס איז אבער געווען א טייל וואס האט אנדערש גע־דענקט ווי דער נביא.

די פארבליבענע אריסטאקראטיע און די אראפגעזעצטע הויכע באַ־אמטע האבן געבענקט נאך זייער אמאליקן גלאנץ, נאך זייער פריער־

דיקן כבוד און גוט לעבן. זיי האבן גענומען פלאנעווען אין געהיים אראפווארפן פון זיך דעם יאך פון בבל. די דיפלאמאטן פון מצרים האבן אויך ניט גערוט. עס האט זיך געשאפן א געהיימע באוועגונג צו רעוואלטירן קעגן בבל און די באוועגונג האט געוווּנען באדן.

נאך פיר יאר פון צדקיהוס הערשאפט, האט די דאזיקע באוועגונג שוין דאמינירט די געזעלשאפטלעכע מיינונג. די שטרעבונג, זיך צו באַ־פרייען פון בבל דורך א מיליטערישן אופשטאנד איז שוין געשטאנען שארף אפן סדר היום אין יהודה. דער וואקלדיקער צדקיהו, וואס איז געווען ביז איצט טריי זיין שבועה, האט אונטערן דרוק פון דער אלץ וואקסנדיקער קריגערישער ארמיי, געמוזט נאכגעבן און האט געשטיצט דעם אופשטאנד. די דיפלאמאטישע באארבעטונג פון מצרים האט גע־האט דערפאלג. אלע קליינע מלוכות באם ברעג פון מיטלענדישן ים, האבן זיך צוזאמענגערעדט זיך אנצושליסן אין דער באוועגונג.

דיפלאמאטן פון די אלע מלוכות האבן זיך פארזאמלט אין ירוש־לים, אין פאלאץ פון קעניג צדקיהו, אויסצוארבעטן א פלאן פון א מי־ליטערישער אקציע קעגן בבל. אין דעם ערנסטן און ביז גאר געפער־לעכן מאמענט, באווייזט זיך פלוצלונג דער נביא ירמיהו אין קעניג־לעכן הויף, ווו די באראטונג איז פארגעקומען. ער איז געקומען אנ־געטאן אפן האלדז א האלצערנעם יאך, אזא וואס מען לייגט ארוף אפן האלדז פון אן אקס באם אקערן מיט אים. ערנסט און ענערגיש הויבט אן דער נביא א נבואה מיט פאלגנדיקע ווערטער:

„אזוי האט גאט געזאגט, גאט פון ישראל, ברענגט ארונטער אייערע העלדזער אונטערן יאך פון בבל, וועט איר בלייבן לעבן".

און דער נביא האט ניט ארונטערגענומען דעם סימבאלישן יאך פון זיין האלדז, די גאנצע צייט וואס די פרעמדע דיפלאמאטן האבן זיך געפונען אין ירושלים.

מען קען זיך לייכט פארשטעלן ווי אופגעבראכט די קריגערישע פארטיי איז געווארן קעגן דעם נביא. זיי האבן געזען אין דעם איינ־פאך א פאראט קעגן דער מלוכה און א רעוואלט קעגן מלך צדקיהו. אין דער צייט ווען דער מלך שטודירט פלענער ווי זיך צו באפרייען פון

יאַד, טרעט דער נביא אַרויס קעגן מלך און פּראָפּאַגאַנדירט עפנטלעך, אַז מען זאָל בלייבן אונטערן יאָך פון בבל.

דער נביא ירמיהו איז אָבער פעסט בײַ זיין געדאַנק, אַז מען זאָל לעבן בשלום מיט בבל. ער קומט אַריין אין הויף פון בית המקדש מיט דעם סימבאָלישן יאָך אויף האַלדז און פּרעדיקט דאָרטן דאָס זעלביקע. איינער אַ נביא פון דער קריגערישער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטן בײַ דער מלחמה מיט בבל האָט אים דערזען, איז ער צוגעלאָפן נאָענט צו אים און פּאַטעטיש אויסגעשריען:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך האָב צעבראָכן דעם יאָך פון מלך בבל, און נאָך אין צוויי יאָר אַרום, וועל איך אומקערן אַלע כלים פון גאָטס הויז און דעם פאַרטריבענעם מלך יהויכין וועל איך אומקערן".

נאַטירלעך האָט דער נביא ירמיהו רעאַגירט קעגן דער נבואה, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַנטי־נאַציאָנאַל, ער איז געווען קעגן אַ פּריציייטיקער גאולה און צוויפלהאַפטער פרייהייט. דער קריגערישער נביא חנניה, אַזוי האָט מען יענעם גערופן, האָט ניט געשוויגן דעם נביא פון פאַרשקלאַפונג און אַנהענגער פון גלות. אין עקזאַלטירטער איז ער צוגעלאָפן צו ירמיהו, אַראָפּגעכאַפּט פון זיין האַלדז דעם האָלצער־נעם יאָך, צעבראָכן עס אין שטיקלעך און געשריען:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אַט אַזוי וועל איך צעברעכן דעם יאָך פון נבוכדנאצר מלך בבל אין צוויי יאָר אַרום, פון די העלדזער פון אַלע פעלקער".

די פאַרזאַמלטע אין הויף פון בית המקדש האָבן צוגעזען דעם וואָרט־קאַמף צווישן דיביידע נביאים, צווישן דעם באַפרייונגס־נביא און פאַרשקלאַפונגס־נביא און האָבן געהאַלטן מיטן ערשטן. זיי האָבן אין דעם געזען אַ זיג פון דער קריגערישער פּאַרטיי קעגן דער שלום פּאַרטיי.

דער נביא ירמיהו האָט אָבער ניט נאָכגעגעבן. ער איז ניט וואַקל־דיקער געוואָרן. ער פילט אין זיך דעם כוח פון אמת, די מאַכט פון גאָטס וואָרט. זיין אַדלער בליק גרייכט ווייטער ווי דער בליק פון יע־

נעם יונגן נביא. דורכגעדרונגען מיט דער קראפט פון זיין איבערציי־גונג, זאגט ירמיהו:

„אזוי האט גאט געזאגט: זאג צו חנניה, דו האסט צעבראכן א האלצערנעם יאך, וועל איך מאכן אן אייזערנעם אויף זיין שטעל. אן אייזערנעם יאך וועל איך ארופלייגן אויף די העל־דזער פון אלע פעלקער צו שקלאפן אונטער בבל."

„און דו חנניה, עס איז ניט אמת, גאט האט דיר אזוי ניט געהייסן ריידן. פאלש פארשפרעכסטו דעם פאלק. איך וועל דיר פארווארפן פון דעם לאנד. אין דעם יאר וועסטו שטארבן".

א דערשיטערנדיקער איז געבליבן שטיין דער יונגער חנניה. עס האט א וואקל געטאן זיין גאנצער גלויבן, הערנדיק פון נביא אזעלכע קאטעגארישע רייד. ער האט אים שוין ניט געהאט וואס צו ענטפערן. ווי עס דערציילט דער טרייער און איבערגעגעבענער תלמיד פון נביא ירמיהו — ברוך בן נריה — איז טאקע חנניה געשטארבן אין דעם יאר.

עס ליגט קיין צווייפל ניט, אז חנניה איז געווען א פארברענטער נאציאנאלער ייד, וואס האט היים געליבט זיין פאלק און לאנד. ער האט זיכער געוואלט זען זיין לאנד זעלבסטשטענדיק און גליקלעך. ער האט אבער ניט אפגעשאצט ווי געהעריק די פאליטישע סיטואציע פון מא־מענט און ניט געהאט די אריענטאציע וואס ירמיהו האט געהאט. דער נביא ירמיהו האט געזען פיל ווייטער און זיין פאליטישער בליק איז געווען פיל ניכטערער. ער האט געזען, אז נבוכדנאצר וועט זיי אלעמען באזיגן. בבל איז די שטראפרוט אין די הענט פון גאט און ער וועט זיכער באשטראפן דאס פאלק ישראל פאר זיין לייכטזיניקן און זינדיקן לעבן.

און דער נביא הערט ניט אויף אנצוזאגן די ביטערע בשורות פון גלות און חורבן. עס הערן ניט אויף צו קעמפן אין אים צוויי קעגנ־געזעצטע כחות. דער מענטש אין אים וועקט אויף אין זיין וועזן אויי־סערארדנטלעכע ווייטיקן, ער ליידט, ער פייניקט זיך, ער האט דעם גרעסטער צער, וואס זיין פאלק און לאנד מוז זיין פארשקלאפט צו בבל. מיט זיין פילנדיקער נשמה, מיט זיין צארטער הארץ, זיין גאנצן לעבן וואלט ער געגעבן צו זען די מפלה פון בבל. דער כוח פון נביאות אין אים

צווינגט אים דאָך צו ריידן קעגן די פרייהייט פון זיין פאָלק און פאַר שלום מיט בבל, ניט ווילנדיק מוז ער פרעדיקן פרייהייט צו זיין פאַרשקלאַפער.

דער נביא גייט נאָך ווייטער. די קריגערישע באַוועגונג וואָס עס האָט זיך אופגעהויבן אין יהודה, האָט זיך דערטראָגן דורך אונטערדי־שע קאַנאַלן אַזש קיין בבל, צו די געפאַנגענע וואָס האָבן דאָרטן געש־מאַכט אין די תפיסות. די באַוועגונג הויבט אוף אַ שטורעם אין זייערע הערצער. די נביאים וואָס זיינען דאָרטן געווען האָבן געהאָלפן צעבלאָזן דעם פונק פון האָפענונג אף זייער באַפרייאונג פון גלות.

ווען ירמיהו דערוויסט זיך דערפון שרייבט ער אַ בריוו און זוכט אַף דעם וועג צו באַרואיקן זייערע צעהיצטע געמיטער. ער פאָדערט זיי אוף בלייבן טריי צו בבל און טראָגן געדולדיק זייער גורל.

„אזוי האָט גאָט געזאָגט: בויט הייזער, באַוווינט זיי, פלאַנצט ווייגערטנער און עסט זייערע פרוכטן, האָט חתונה און מערט אייך, זייט געטריי צום לאַנד ווו איך האָב אייך פאַרטריבן, זאָלן אייך די נביאים ניט פאַרפירן, ווייל פאַלש ריידן זיי אין מיין נאָמען. אַזוי האָט גאָט געזאָגט, אין זיבעציק יאָר אַרום וועל איך אייך צוריקערן צו אייער אַרט".

די געפלאַנטע קאָאַליציע קעגן בבל איז ניט צושטאַנד געקומען. נבוכדנאצר האָט זיך דערוווסט פון דער פאַרשווערונג און זיי זיינען אַלע צעפאַלן. צדקיהו האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע אויסצודריקן נאָכאַ־מאָל זיין טרייקייט, אָבער די דעלעגאַציע האָט גאָרניט אופגעטאָן. נבו־כדנאצר האָט געהאַט אַ חשד אף יהודה אין בייזע כוונות. צדקיהו אַליין האָט געמוזט פאָרן אין באַגלייטונג פון אַ פלימעניק פון ירמיהו'ס תלמיד — ברוך בן נריה. אים איז געלונגען אף אַ וויל צו פאַרשלעפערן די אופמערקזאַמקייט פון נבוכדנאצר.

די קריגערישע פאַרטיי האָט אָבער אַלץ ניט אופגעגעבן אירע אינ־טריגעס. אין געהיים האָט מען זיך געזעצט אין פאַרבינדונג מיט מצרים און געוועבט פלענער קעגן בבל. דער נביא שטייט אף דער וואַך. ער וואָרנט, ער שרייט, ער ווייזט אוף, אַז די ליבע צו פרייהייט וועט ברענ־גען אַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג דער נאַציע און דעם לאַנד. מצרים וועט זיי ניט קענען העלפן אָבער זיינע רייד האָבן ניט קיין ווירקונג.

ער ווערט געשטעמפּלט פאַר אַ שונא פון פאָטערלאַנד און אַ קעגנער פון זיין אייגן פאָלק. מען שעלט אים, מען זידלט אים, מען רופט אים אַן פאַרעטער. די געמיטער ווערן צעהיצט, דער ניכטערער שכל ווערט פאַרטונקלט, די געפילן פאַרטעמפּט. עס קומט דער מאָמענט, ווען די קריגערישע פּאַרטיי זיגט אָף אַלע פראָנטן.

דער דראַמאַטישער געראַנגל צווישן געזונטע אָריענטאַציע און נאַציאָנאַלע לײַדנשאַפט דערגענטערט זיך צו זיין ענדע. די קריגערישע פּאַרטיי צווינגט דעם וואַקלדיקן צדקיהו צו אופהערן צאָלן צינזן צו בבל. דאָס הייסט, אַז עפנטלעכער אופשטאַנד קעגן איר.

און די קאָנסעקווענצן לאָזן זיך באַלד זען. נבוכדנאַצר מיט זיינע אַרמייען רייסן זיך אַריין אין יהודה, באַזעצט די צפון שטעט און רינגלט אַרום ירושלים מיט זיינע אַרמייען.

צדקיהו איז אין קלעם. ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן. ער שיקט פרעגן דעם נביא, ער לאָזט אים בעטן ער זאָל מתפּלל זיין צו גאָט אין וועלכן ער גלויבט אַזוי שטאַרק. דער נביא בלייבט פעסט, ער טרעט ניט אָפּ פון אמת. אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט, ווען די נאַציאָנאַלע לײַדנשאַפט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז אַ פאָלק איז גרייט צו פאַרטיידיקן זיין פרייהייט ביזן לעצטן אָטעם צוג, ווען דאָס פאָלק וויל דעראָבערן די זעלבסטשטענדיקייט פון לאַנד מיטן בלוט פון זיינע זין, ענטפערט דער נביא האַרט און קאַטעגאָריש:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך גיב אייך צוויי וועגן, לעבן און טויט, ווער עס וועט בלייבן אין שטאָט וועט שטאַרבן דורך שווערד און הונגער, און פעסט, און דער וואָס וועט אַרויסגיין און זיך איבערגעבן צו די כשדים וועט בלייבן באַם לעבן".

דער נביא זעט שוין מיט זיינע שאַרפן בליקן, אַז דער חורבן פון דער אומה שטייט באַ דער טיר. אומזיסט איז די אָנשטרענגונג, אומזיסט לייגט מען דעם לעבן, עס וועט גאָרניט העלפן. ער בלייבט האַרט און פעסט אין זיין איבערצייגונג. כאָטש זיין האַרץ גייט אָפּ מיט בלוט, כאָטש ער ווערט צעבראָכן פון צער, כאָטש ער קאַנוולסירט פון יסורים

איבער זיין ליב פאלק און פאטערלאנד, מוז ער זאגן דעם אמת ווי ביטער ער זאל ניט זיין.

אף איין אויגנבליק האט א בליץ געטאן א שטראל פון האפענונג אין יהודה. עס האט זיך דערטראגן די ידיעה אין דער באלאגערטער ירושלים, אז מצרים גרייפט אן די באלאגערער. אין דער אמתן האבן טאקע די כשדים אראפגענומען די באלאגערונג פון ירושלים און האבן אומגעדרייט זייער פנים צו מצרים, גרייט אופצונעמען די מלחמה מיט זיי. דער נביא אליין איז געבליבן אן איבעראשטער. ניט שוין זשע האט זיין אריענטאציע אים אפגענארט? ניט שוין זשע איז זיין שארפער בליק געווען א טעות׳דיקער? אבער ניין, ער צווייפלט ניט איין רגע אין דער ריכטיקייט פון זיין נבואה. ער איז זיכער, מצרים קען ניט און וועט ניט העלפן יהודה.

דערווייל איז מען אין ירושלים מלא שמחה. ניט אנדערש ווי א נס איז געשען מיט יהודה, גאט זאט איר געהאלפן פון נבוכדנאצר׳ס הענט. ווייטער איז געפאלן בליקן פול מיט שנאה און האס אפן נביא ירמיהו. ווייטער גרייפן אים אן זיינע שונאים. מען באפאלט אים פאר זיינע „שווארצזעעריי" און „פאלשע נביאות".

צדקיהו אליין צווייפלט אין דער דערווארטעטער אויסוויקלונג פון די געשעענישן. ער גלויבט ווייניק אין דער הילף פון מצרים. אין דער צייט ווען אלע האבן געיובלט און זיך געפרייט, איז ער ארומגעגאנגען ווי שטענדיק, אומאנטשלאסן און וואקלענדיק. נאכאמאל ווילט זיך אים וויסן וועלכע פאליטישע ליניע ער דארף אין דעם מאמענט אנהאלטן און שיקט ווידער פרעגן דעם נביא.

און דער נביא וואקלט ניט. ער בלייבט פעסט און זיכער אין זיין אריענטאציע. ער איז פאר שלום מיט בבל און אין דעם זין ענטפערט ער דעם מלך:

„די כשדים וועלן זיך אומקערן און וועלן איינעמען די שטאט.
ווען אפילו אייניקע פארוואונדעטע כשדים וועלן בלייבן, וועלן
זיי אויך פארברענען די שטאט".

אזוי זיכער און איבערצייגט אין זיין אמת איז געווען דער נביא. אבער ווער וועט הערן א נביא וואס זאגט אן חורבן און לײדן? ווער

וועט האבן סימפאטיע צו א נביא, וואס ברענגט דעם פאלק נאר טרערן און פיין, גלות און אומקום?

קלאגט זיך טאקע דער נביא בא א צווייטער געלעגנהייט:

„פארשאלטן זאל זיין דער טאג אין וועלכן איך בין געבארן געווארן. דער טאג וואס מיין מוטער האט מיך געבוירן זאל ניט זיין געבענטשט. פארוואס בין איך ארויס פון מיין מוטערס לייב, צו זען נאר פיין און טרויער? און פארברענגען אין שאנדע מיינע טעג?"

מער האט שוין דער נביא ניט וואס צו טאן אין דער שטאט, וואס איז פארמשפט געווארן אפגעווישט צו ווערן דורך פייער און בלוט. ער וויל גיין צוריק אין זיין געבורט־שטעטל ענתות. אבער דער וועכטער באם טויער פון ירושלים לאזט אים ניט ארויס. ער איז דאך א פאלקס־קעגנער, איז ער אים חושד, אז ער גייט צו די כשדים, איבערצוגעבן מיליטערישע סודות. מען כאפט אים און מען ווארפט אים אריין אין תפיסה. ליגט דארטן דער נביא און פייניקט זיך, וויינט און קלאגט, ער וויינט איבער דעם חורבן פון זיין פאלק און איבער זיינע אייגענע לײדן און פיין.

צדקיהו לויפט ארום אין זיין פאלאץ צערודערט און צעטומלט. ער ווארפט זיך אין שרעק און ציטערניש. ער שוועבט צווישן האפענונג און פארצווייפלונג. ער פאלט פון זיין אייגענער אומאנטשלאסנקייט. ער לאזט ברענגען צו זיך דעם געפאנגענעם נביא און פרעגט אים, אפשר ווייסט ער איצט גאטס ווארט. אים ווילט זיך הערן א גוט ווארט, א טרייסט, ער וויל הערן א פונק פון האפענונג, ער זוכט אופמונטערונג און דערמוטיקונג באם נביא. צדקיהו גלויבט דעם נביא, כאטש ער איז געצוווּנגען צו טאן דאס אומגעקערטע וואס דער נביא זאגט.

„יא, ענטפערט דער נביא פעסט און קאטעגאריש. דו וועסט אריינפאלן אין די הענט פון בבל."

דער מלך הערט אוים דעם ענטפער און ציטערט. ער טרויט דעם געפאנגענעם נביא, אבער ער איז אפשר מער געפאנגען ווי דער נביא. דער מלך איז א גוטער מענטש, ער וויל אים באפרייען פון געפענגעניש און קען ניט. זיינע מיניסטארן און מלוכה־הארן האלטן דעם נביא

פאַר אַ פאַרעטער. אייַן זאַך פּועלט ער באַ זיי, ער פירט אים איבער אין אַ לייכטערער תּפיסה.

מצרים האָט אפילו ניט געטראַכט ערנסט צו העלפן יהודה. (אַ פּנים העלפן יידן האָט מען קיינמאָל ניט געוואָלט) אַזוי גיך ווי די כשדים האָבן אַרויסגעוויזן זייער גרייטקייט אופצונעמען די מלחמה מיט מצרים, האָבן זיך יענע צוריקגעצויגן אין זייער לאַנד.

די כשדים האָבן זיך באַלד אומגעקערט און ווידער באַלאַגערט די שטאָט. אייַן ברירה איז זיי געבליבן די באַלאַגערטע. אַדער אופגעבן די שטאָט, אָדער אופגעבן, מען אַ פאַרצווייפלטן קאַמף מיטן שונא און מיט איבערנאַטירלעכער גבורה פּרובירן ברעכן די באַלאַגערונג. פאַרזוכן מיטן בלוט פון זייערע בעסטע זין, זיך אַרויסרייסן פון פאַרשקלאַפונג. אַלע ווי איין מענטש זיך וואַרפן אין דער בלוטיקער מלחמה און אויסקעמפן די פרייהייט מיט אויסערגעוויינלעכן מוט און מסירת נפש. אָבער דערצו דאַרף מען זיין געשטיצט פון אַן אומצוברעכבאַרער נאַציאָנאַלער אייניקייט. לײדער איז דאָס אין ירושלים ניט געווען. די באַלאַגערטע זיינען געווען געשפּאָלטן. זינט די באַלאַגערונג האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען, איז די לאַגע פון דער קריגערישער פּאַרטיי געוואָרן שוואַכער. אַ טייל האָבן איינגעזען, אַז דער נביא איז גערעכט. זיינע רייד ווערן מקויים. עס האָבן זיך געפונען מענטשן, ווי עס שיינט ניט ווייניק, וואָס האָבן פאַרגעוואָרפן דעם קעניג, הלמאי ער פאָלגט ניט דעם נביא. די שלום פּאַרטיי האָבן גענומען שטורעמען די תּפיסה ווו ירמיהו האָט זיך געפונען מען האָט געוואָלט הערן, וואָס האָט ער איצט צו זאָגן. זיי האָבן געוואָלט געוויר ווערן, וואָס אין דער נאָנטער צוקונפט שטייט זיי פאָר. און דער נביא האָלט זיך באַ זיינס.

„די שטאָט וועט אַרייַנפאַלן אין די הענט פון די כשדים".

זיין פאַרויסזאָגן האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די שלום אָנהענגער און האָבן געפאָדערט באַם קעניג, ער זאָל טאָן וואָס דער נביא זאָגט.

די קריגערישע פּאַרטיי ווידער, האָט איינגעזען אין די רייד פון נביא אַן אַנטמוטיקונג קעגן קאַמף מיטן שונא, אַ צעשפּאַלטונג אין דער נאַציאָנאַלער אייניקייט און האָבן געפאָדערט באַם קעניג ער זאָל

מאכן א סוף צום פארעטער און אים טויטן. דער מלך קען דאס אבער בא זיך ניט פועלן, זיין גוט הארץ דערלאזט דאס ניט. ער קען ניט ארויסטראגן א טויט־אורטייל אף דעם ווען ער אליין גלויבט אין הארצן.

„ער איז אין אייערע הענט, זאגט דער מלך, טוט מיט אים וואס איר ווילט. ווי איינער וואס זאגט: איך בין ניט פאראנט־ווארטלעך פאר דעם מארד".

דעם קעניגס ניט קלארער ענטפער איז געווען צו ווייניק צו קענען טויטן דעם נביא. מעגלעך, אז די קריגערישע פארטיי האט אויך מורא געהאט צערייצן דעם המון, האבן זיי אים שפעטער אין געהיים ארויס־גענומען פון געפענגעניש און אף א שטריק אריינגעלאזט אין א טיפער גרוב, וואס איז געווען פול מיט זומפיקע ליים, ער זאל דארטן אויסגיין פון הונגער.

איינער פון צדקיהו׳ס פערזענלעכע דינער האט צופעליק זיך דער־ווּוסט דערפון און האט דאס דערציילט דעם מלך, האט ער געשיקט און אים ארויסגעשלעפט פון דער גרוב.

נאכאמאל פרווּוט דער מלך אין געהיים ריידן מיט דעם נביא און פרעגן אים אן עצה, וואס צו טאן, עפנטלעך האט ער מורא געהאט צו ריידן מיט אים, ווייל ער איז ניט געווען פריי אין זיינע באוועגונגען און דער נביא עצה׳ט אים, אין נאמען פון גאט:

„גיי ארויס פון שטאט און גיב זיך איבער צו די כשדים, וועס־טו ראטעווען די שטאט און בלייבן לעבן".

דער מלך זעט, אז דער נביא איז גערעכט. קיין אנדער ברירה איז ניטא אבער טאן ווי ער עצה׳ט קען ער ניט ער אליין איז א געפאנגענער אין די הענט פון דער קריגערישער פארטיי.

און דער אומגליק איז געקומען. ווי לייבן האבן די באלאגערטע גע־קעמפט. איבערמענטשלעכע גבורה האבן זיי ארויסגעוויזן אין קאמף. א־בער א צווייטער שונא איז אופגעשטאנען און געהאלפן די כשדים. א שונא נאך שרעקלעכער און אכזריותדיקער ווי די כשדים. הונגער, פעסט, טעראר, פיין פון די לעבעדיקע מענטשן. אט דער שונא האט געהאלפן אז די שטאט זאל פאלן.

צדקיהו האט אין לעצטן מאמענט געוואלט אנטלויפן אבער דאס איז אים ניט געלונגען. די כשדים האבן אים געכאפט, געבראכט אים צו נבוכדנאצרן. יענער האט אויסגעשאכטן זיינע קינדער פאר אים אין די אויגן און אים אליין אויסגעשטאכן די אויגן און א געפאנגענעם אפגעשיקט אין בבל.

דער אומגליקלעכער נביא האט מיט זיינע אויגן געמוזט צוזען ווי זיין אנזאג פון חורבן און גלות ווערט מקויים. ער אליין איז געווען געצווונגען איבערצולעבן די נאציאנאלע חרפה פון זיין אומה. ער האט מיטגעמאכט דעם גאנצן פיין, איבערגעלעבט אלע יסורים פון זיין פאלק. ער האט צוגעזען ווי די צארטסטע מאמעס שטילן זייער הונגער מיט דעם פלייש פון זייערע קינדערלעך. אליין א טראגישער, א געפלאגטער און א פארפאלגטער, האט ער געמוזט איבערלעבן די טראגיק פון זיין פאלק. ער איז מיטגעגאנגען מיט זיינע ברידער און שוועסטער אין גלות.

ערשט גייענדיק אין גלות האט זיך געענדערט בא אים זיין געדאנקענגאנג. ערשט דעמאלט האט זיך אויסגעלייטערט די שווארצע הימלען פון נביא. ער איז געקומען צום אויספיר, אז א שטראף איז ניט אומצוברענגען דעם מענטשן נאר אים אויסצובעסערן. דער געדאנק האט באשטראלט זיין גאנצן וועזן און אין ליכט פון דעם געדאנק האט ער גענומען טרייסטן דאס פאלק, וועמען ער האט פריער אזוי פיל חורבן און פיין אנגעזאגט.

אמת, בבל האט געדינט ווי א שטראפרוט אין די הענט פון גאט צו שטראפן זיין זינדיק פאלק. אבער א שטראף איז ניט אומצוברענגען נאר אויסצובעסערן. דער גלות וועט ניט אומברענגען די נאציע. דער גלות וועט איבערפורעמען דאס פאלק. אין גלות וועט דאס פאלק איבערגעבוירן ווערן. ער וועט ארויסקומען ניי, מיט פרישע כוחות, מיט א געזונטן גייסט, מיט א העכערן באגריף. דער גלות וועט אויסלייטערן די אומה און וועט איר אוועקשטעלן אף דעם שטאפל אף וועלכן זי מוז שטיין, אין איינקלאנג מיט איר היסטארישער באשטימונג.

„ווי, עס איז גרויס דער טאג, ניטא זיין גלייכן, עס איז א צרה פאר יעקב, אבער פון דער צרה וועט ער געהאלפן ווערן".

דער נביא זעט שוין זיין פאלק אן אויסגעלייטערטן, א ריינעם. ער

זעט שוין ווי גאָט באַנייט זיין בונט מיט דעם אויסגעליטערטן פאָלק זיינעם. ער הערט ווי גאָט זאָגט

„איך ליב דיר מיט אַן אייביקע ליבע, דערפאַר ציִ איך צו דיר גנאָד. איך וועל דיר נאָך אופבויען און דו וועסט אויפגעבויט ווערן, מיין יונג פרוי ישראל. דו וועסט דיך נאָך אויסצירן מיט דיין פויק און דו וועסט נאָך אַרויסגיין אין אַ פריילעכן טאַנץ".

גייענדיק מיט די איבעריקע געפאַנגענע, געשמידט אין קייטן, אין גלות בבל, ווען זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך דער שטאָט רמה, ווו דער קבר פון רחל זאָל זיך געפינען, האָט נבוזראדן, דער שטעלפאַרטרעטער פון נבוכדנאצרן, דערקענט צווישן די געפאַנגענע דעם נביא ירמיהו. ער האָט גלייך באַפוילן אים באַפרייען און אים געזאָגט: אויב דו ווילסט גיין אין בבל, נעם איך דיר אונטער מיין אופזיכט. ווילסטו ניט קענסטו גיין צוריק אין יהודה, אונטער דעם שוץ פון גדליה, דער הערשער איבער יהודה, וואָס נבוכדנאצר האָט אַנגעשטעלט.

דער נביא פאַרציכטעט אַף אַ פרייען און באַקוועמען לעבן אין בבל, ער ציט בעסער פאַר די וויסטע און פאַרברענטע יהודה איידער די רייכע בבל. דאָרטן אין רמה האָט ער מיט צערטלעכע ווערטער געטרייסט די געפאַנגענע:

„אזוי האָט גאָט געזאָגט: איך הער אַ שטימע אין רמה, אַ ביטערן געוויין, דאָס קלאָגט רחל אַף אירע קינדער, וואָס זיי־נען שוין מער ניטאָ, זי וויל זיך ניט טרייסטן. אזוי האָט גאָט געזאָגט: הער אוף צו וויינען, הער אוף צו פאַרגיסן טרערן. עס איז פאַראַן אַ לוין צו דיין געוויין, זאָגט גאָט. דיי־נע קינדער וועלן זיך אומקערן פון פיינטס לאַנד. אַ גוטע האָ־פענונג איז פאַראַן פאַר דיין צוקונפט. דיינע קינדער וועלן זיך אומקערן צו דיין גרענעץ."

מערקווירדיק, אין דער מאָס וואָס זיינע נביאות וועגן גלות און חורבן זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווערט דער נביא אַן אַנדערער. די פאַרביטערונג און דער צאָרן, וואָס האָבן אים באַגלייט זיין לעבן לאַנג, ווערן פאַרשוווּנדן. זייער אָרט פאַרנעמט וואַרימע און האַרציקע ליבע צו

זיין פאָלק. ער באַנעמט זיך מיט מוטערלעכע צאַרטקייט צו זיין פיל ליידנ־דיקן פאָלק. אין פאָדערגרונט פון זיין באַוווסטזיין שטייט איצט די צו־קונפט פון זיין פאָלק.

די צוקונפט פון ישראל זעט דער נביא אויך אַנדערש ווי אַלע נביאים. ער רעדט ניט פון צוריק אופבויען דעם בית המקדש. ער קימערט זיך ניט פון דער מלוכה, אויב און ווי זי וועט אַמאָל אופלעבן. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ נביא מיט אַ ברענענדיקן נאַציאָנאַלן טעמפּעראַמענט. פאַר אים איז וויכטיק נאָר די נאַציע. ער זעט נאָר די אייביקייט פון ישראל און אין זיינע געדאַנקען לעבט נאָר דער „נצח ישראל".

דער נביא קוקט אַף די אומגליקלעכע ברידער זיינע, וואָס ווערן גע־טריבן אין געפאַנגענשאַפט און רעדט צו זיי מיט אַ וואַרימען מיטגעפיל. ער פאַרגעסט שוין, אַז די ברידער זיינע האָבן אים אַזוי גערודפט און פאַרפאָלגט, אַז זיי האָבן געפילט צו אים נאָר האַס און אַנטיפּאַטיע. ער רעדט צו זיי ווי אַ מאַמע צו איר ליב קינד, וואָס האָט פיל געליטן:

„מאַך דיר ציינכנס, שטעל אַוועק וועג־ווייזער, באַטראַכט דעם שטעג, דעם וועג אַף וועלכן דו גייסט. דו וועסט דיך אומקערן צוריק, דו וועסט צוריקקערן צו דיינע שטעט".

דער נביא ווערט פול מיט פרייד איבער דעם, וואָס זיינע ליידנ־דיקע ברידער וועלן זיך צוריקקערן צו זייער לאַנד. ער ווערט פול מיט געזאַנג און שמחה און וויל, אַז די גאַנצע וועלט זאָל מיט אים זיך מיט־פרייען איבער די אופלעבונג פון זיין פאָלק. ער ווערט פול מיט עמאָ־ציע און באַגייסטערונג און שרייט:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זינגט אַף יעקב מיט שמחה, פרייט זיך אַלע פעלקער, לאָזט הערן הויך, זינגט הללויה'ס, זאָגט אַלע: גאָט האָט געהאָלפן דעם פאָלק, דעם איבערבלייב פון ישראל. איך וועל זיי ברענגען פון צפון, איך וועל זיי פאַרזאַמלען פון אַלע עקן וועלט".

דער נביא האָט ווי פאַרגעסן דעם פאַרברענטן גייסטיקן צענטער אין ירושלים. ער האָט פאַרגעסן די מלוכה, אין שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען איינער פון דוד'ס הויז און טראַכט גאָרניט פון זייער אופ־לעב. פאַר אים איז דאָס אַ נעבן זאַך. דער עיקר איז פאַר אים: די

אייביקייט פון פאָלק ישראל. פאַר אים איז דער גלות ניט מער ווי אַ מיטל צו לייטערן און הייליקן די אומה. ער זעט, אַז דער גלות וועט אַרויסברענגען אַ נייע אומה. אַן אומה וואָס וועט זיין פול מיט יידישן גייסט און יידישן גאָט־דערקענטעניש. ער וויל אַז אומה אַ גייסטיקע, אַ קולטורעלע און אַ געאייניקטע. זיין ווונטש זאָגט ער אַרויס מיט פאָלגנ־דיקע ווערטער

„עס וועלן קומען טעג, זאָגט גאָט, און איך וועל שליסן אַ נייעם בונט מיט ישראל און מיט יהודה. ניט ווי דער פרי־ערדיקער בונט, וואָס איך האָב געשלאָסן, ווען ער איז אַרויס פון מצרים, וואָס זיי האָבן צעשטערט און איך האָב פאַר־מיאוס'ט. אָט וועלכן בונט איך וועל שליסן מיט ישראל; מיין תורה וועל איך אַריינגעבן אין זייער גאַנצן וועזן, איך וועל זי אויסקריצן אין האַרצן".

ניט ווי פריער, ווען די תורה האָט פאַרביטן דער אויסערלעכער צערעמאָניאל אין גאָטס־דינסט. אַ נייעם תוך וועט די אמונה האָבן. גייסטיקייט, עטישקייט, האַרציקייט און ערלעכקייט. איבער אַלעם שטייט בא אים די אייביקייט פון פאָלק. מיט די דאַזיקע פאָלקס־אַטריבוטן וועט ישראל לעבן אייביק. די אייביקייט פון ישראל באַשטעטיקט דער נביא מיט גאָטס וואָרט:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: וואָס האָט געמאַכט די זון פאַר טאָג־ליכט, די שטערן און די לבנה פאַר נאַכט־ליכט, וואָס שטור־רעמט אויף דעם ים און באַרואיקט אים. אַזוי ווי די דאַזיקע נאַטור געזעצן קענען זיך ניט ענדערן, אַזוי וועט ניט אופהערן ישראל צו זיין אַ פאָלק".

ווי עס ווייזט, האָבן שוין די געפאַנגענע ניט געשאַנקען קיין אופ־מערקזאַמקייט צו זיינע רייד, פונקט ווי פריער, ווען זיי האָבן ניט צוגע־הערט זיינע חורבן און גלות אַנזאָגעריי. צו גרויס זיינען געוועזן זייערע ליידן, צו שטאַרק זייער פיין, אַז זיי זאָלן הערן רייד, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר „פאַנטאַסטישע צוקונפטס־בילדער."

טראַגיש איז געווען דער לעבן פון נביא און ניט ווייניקער טראַ־גיש זיין סוף. עס איז אויסגעבראָכן אַ בונט צווישן די פאַרבליבענע

אין יהודה, קעגן גדליה בן אחיקם, וואָס איז געבליבן דאָרטן צו הערשן אין נאָמען פון נבוכדנאצר און מען האָט אים דערמאָרדעט. די רעוואָל־טירער האָבן מורא געהאַט פאַר שטראָף פון בבל און זיינען אַוועקגע־לאָזן קיין מצרים. דער נביא, וואָס איז געווען קעגן זייער אנטלויפן, האָבן זיי מיטגעשלעפּט אין מצרים, און עס איז אומבאַקאַנט זיין סוף.

עס איז דאָ אַ ווערסיע, אַז די יידן אין מצרים זאָלן אים האָבן פאַרשטיינט פאַר אַ נבואה וואָס ער האָט געהאַלטן קעגן זייער דאָר־טיקן, ניט יידישן לעבן, און זיין קבר זאָל זיך געפינען אַרום קאַירא, די איצטיקע הויפּט־שטאָט פון מצרים. אַ צווייטע ווערסיע איז פאַראַן, אַז אַלכסנדר מוקדון זאָל האָבן אריבערגעפירט זיינע ביינער און מיט גרויס כבוד זיי באַערדיקט אין אַלעקסאַנדריע, די שטאָט וואָס ער האָט גע־בויט אין מצרים.

---

די קורץ צוזאַמענגעפאַסטע נביאות פון נביא ירמיהו שפּיגלט פאַר אונדז אַפּ פאַלגנדיקן בילד איבער זיין פערזענלעכקייט.

אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע נביאים, וואָס זיינען אימפּולסירט גע־וואָרן צו זייער נביאישע מיסיע דורך אַ געוויסע איבערלעבונג פון פאָלק אָדער מלוכה, איז ירמיהו שוין געבאָרן געוואָרן אַ נביא. נאָך אין דער יוגנט ווערט ער באַהערשט פון אַן אימפּעראַטיוו צו קעמפן קעגן גע־זעלשאַפטלעכן לעבן פון זיין פאָלק. ירמיהו איז געוואָרן אַ נביא אַ קעמ־פער. זיין גאַנצן לעבן האָט ער געקעמפט. ער האָט געקעמפט קעגן אַלע־מען און קעגן אַליין און אַלעמען באַקעמפט. אַלס אַזעלכן באַצייכנט ער זיך אַליין, „אַ מאַן אַ קריגער און אַ קעמפער קעגן דער גאַנצער וועלט". זיין פעסטער גלויבן, אַז ער רעדט אין נאָמען פון גאָט, אַז גאָט האָט אים געשיקט זאָגן נביאות, איז געוואָרן דער צענטער פון זיין טראַגישן לעבן. גאָטס וואָרט איז געווען זיין כוח און זיין געווער. מיט דעם כוח האָט ער געקעמפט און געליטן. דער כוח איז פאַר אים געווען דער איינ־ציקער אמת.

ירמיהו איז אפשר דער איינציקער נביא רעאַליסט, ניט קיין ווי־זיאָנער און ניט קיין אוטאָפּיסט. ער טרייסט ניט דעם פאָלק מיט אַ פאַנ־

טאסטיש־משיחישע מלוכה אין דער צוקונפט און רעדט ניט פון א גייס־טיקן צענטער פארן פאלק. ער וויל נאר א גייסטיק געזונט פאלק. ער באַדארף א ריינע יידישע אמונה, אמת און אופריכטיקייט אין לעבן פון דער אומה.

וואס איז שייך דער סטיל און שפראך אין זיינע נביאות, זיינען זיי אמת ניט אזוי פאעטיש און ניט אזוי שיין געבלומט און געפליגלט ווי בא ישעיהו הנביא, ער באנוצט ניט קיין בילדערישקייט אין דער שפראך, דערפאר אבער זיינען זיינע רייד הארציק, פראזאאיש און קלאר, פארשטענדלעך און ווייניקער אבסטראקט ווי בא די אנדערע נביאים. ער רעדט קאנקרעט און גלייך.

זיין נביאישער אידעאל איז אויך קאנקרעט. ער נעמט דעם גלות אלס א בארעכטיקטן שטראף פאר דער אומה, אבער ער באטראכט ניט די שטראף אלס פארניכטנדיק פארן פאלק. פיל מער נעמט ער די שטראף אלס א מיטל, וואס וועט געזונט מאכן די אומה. דער גלות וועט פאר־רייניקן, קריסטאליזירן און איבערפארמירן דאס פאלק.

דער אידעאל פון נביא ירמיהו איז געווען צו זען זיין פאלק אין טיפער אמונה צו גאט און עטישער זיטלעכקייט אין געזעלשאפטלעכן לעבן. זיין חלום איז געווען צו פארוואנדלען דאס לעבן פון יידישן פאלק אין א סינטעז, וואס זאל פארבינדן דעם הימלישן מיט דעם ער־דישן לעבן.

צוויי און פערציק יאר האט ירמיהו געשטראפט, געווארנט, גע־לערנט און געוויזן דעם וועג, אף וועלכן זיין פאלק מוז גיין. די גאנצע צייט איז ער געווען דער מאן פון קריג און שטרייט קעגן אלעמען. ער האט געקעמפט קעגן קעניג, קעגן זיינע הארן און קעגן גאנצן קעניג־לעכן הויף. ער האט באקעמפט כהנים און נביאים, זיך געקריגט מיט רייכע און ניט געשאנעוועט די ארימע. דאס גאנצע פאלק איז געווען קעגן אים. זיין פאמיליע האט זיך פון אים דערווייטערט, זיינע אייגענע ברידער זיינען אים געווארן בלוט שונאים און האבן אים געזוכט אומ־צוברענגען.

ירמיהו האט ניט געוווסט פון פערזענלעכן גליק און ניט גענאסן פון פאמיליען־פרייד. ער האט קיינמאל ניט געהייראט. גאטס ווארט האט

אים אינגאנצן פארכאפט און דער נבואה אימפעראטיוו האט אויסגע־
פילט זיין גאנצן וועזן. אין זיין נשמה איז ניט געבליבן קיין פלאץ פאר
פרייד און פארגעניגן. ער האט געוויינט און געקלאגט. ער אליין האט
אויסגעוויינט דעם גאנצן צער פון דער אומה. זיין לוין איז געווען:
שפאט, פאראכטונג, דערנידערונג, פיין, תפיסה און לעבנס־געפאר. שטענ־
דיק האט מען געלויערט אף זיין לעבן.

קיינער האט ניט געוואלט פארשטיין דעם טיפן געדאנק וואס ער האט געפרעדיקט, אז גלות מיינט ניט דער אונטערגאנג פון דער אומה. קיינער האט ניט געוואלט באגרייפן דעם צוקונפט־אידעאל, וואס ער האט ארויסגעבראכט. ניט אין דער צוגעבונדנקייט צום הייליקן טעמפל און צום גייסטיקן צענטער ליגט דאס גליק פון פאלק, נאר אין דער צוגע־בונדנקייט צו די פרינציפן פון דער יידישער תורה, וואס מוז ווערן איינגעקריצט אין הארצן פון יעדער ייד, ליגט די זיכערקייט פון דער אומה. יידיש לעבן אף די יסודות פון צדק, משפט, יושר און אמת, דאס פארלאנגט גאט פון דער יידישער אומה, נאר אזא לעבן אנט־שפרעכט דעם בונט, וואס גאט האט געשלאסן מיט זיין פאלק. דעמאלט וועט גאטס בונט זיין אן אייביקער. ווי לאנג עס וועט עקזיסטירן אף דער וועלט די זון, לבנה, שטערן און וואסער, אזוי וועט בלייבן דאס יידישע פאלק.

די גאנצע צייט וואס ער האט נביאות געזאגט האט מען אים ניט פארשטאנען און מען האט זיך ניט צוגעהערט צו זיינע רייד. ערשט אין גלות האבן יידן באנומען, אז ירמיהו איז גערעכט. ערשט אין דער פרעמד האט מען זיך ארומגעזען, וואס פאר א גייסטיקער ריז ירמיהו איז געווען. אים איז אבער ניט באשערט געווען צו זען זיין נצחון און פארווירקלעכט זיין אידעאל.

---

# שער הזכרון

## מוקדש למשפחתו של מר פנחס שאפעל



על אלה אני בוכה מר ומתאבל,
מאנה נפשי להרגע ונוחם לקבל,
מעי חמרמרו ובשברון מתנים,
עיני תדמע, יורדה פלגי מים.
אחובי אזכורה שנדמו ונקטפו,
שנהרגו, שנשמדו ושנשרפו,
איש ואשה על עולליהם וטפם
על לא דבר ולא עול בכפם.
ובתוכם הקדושים והטהורים
כזוהר מעל בהירים, מזהירים:
אבי הקדוש מר מאיר טוביה
ואמי מרת גנגדל אם רחמניה;
אחי היקרים: הרש ליב ומלך,
אשר בחצי ימיהם עברו בשלח
ואחיותי פייגא אסתר ומרים.
מה גדול אסוני ושברי כים.
זוכר נשכחות יעלה זכרונם,
דמם ינקום וידרוש עלבונם.
תהיינה נשמותיהם צרורות
בצרור החיים לעד נצורות
עד תשולח עזרתנו מן השמים
ונראה בטוב ישראל וירושלים.

# יחזקאל הנביא

א געטרייער פאַרשטייער פון די גרויסע פּאָליטישע נביאים און זייער וועלט־באַנעם איז אויך געווען דער נביא יחזקאל. ער איז געווען דער ערשטער און גרעסטער נביא פון גלות בבל, כאָטש ער האָט צום סוף פון זיין נביאישער ווירקונג אַ סך אָפּגעווייכט פון זייערע אַנשויאונגען.

יחזקאל איז געווען אַ בן דור פון נביא ירמיהו און באַגלייך מיט אים איבערגעלעבט די קאַטאַסטראָפע פון מלכות יהודה. אויף זיין גורל איז אויסגעקומען אַריבערצוטראָגן דעם גאַנצן צער און פּיין, אַלע ליידן און חרפּות פון אַ געפאַנגענעם. ער אַליין איז געווען פון די ערשטע געפאַנגענע, וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן, צוזאַמען מיטן מלך יהויכין. און אפשר האָט טאַקע די איבערלעבונג געלייגט דעם שטעמפּל אויף זיין נביאישן וועלט באַנעם, וואָס האָט אָפּגעווייכט צום סוף פון יענע גרויסע נביאים, וואָס זיי זיינען געווען גליקלעכער פאַר אים און ניט געזען מיט זייערע אויגן דעם אומגליק פון דער אומה.

יחזקאל האָט ניט געהאַט קיין אַנדער זאַך אין זינען ווי נאָר זיין פאָלק. דערפאַר האָט ער זיך אַזוי אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן, מיט זיין גאַנצן וועזן און נשמה צו דינען דעם פאָלק. כאָטש דער נביא האָט האַרט געשטראָפט, ער איז געווען ברוטאַל, שווידערלעך, געשאָלטן און געזידלט, אָבער ער האָט ליב געהאַט זיין פאָלק. זיין גורל איז אין דער הינזיכט געווען אַ סך בעסער ווי דער פון נביא ירמיהו. בשעת דעם נביא ירמיהו האָט מען פאַרפאָלגט, פאַראַכטעט, אויסגעלאַכט און פאַרשאַפט יסורים, האָט דאָס פאָלק תיכף דערשפּירט די ליבע פון נביא יחזקאל צום פאָלק און מען האָט אים אַנערקענט. ער איז געוואָרן דער גייסטיקער פירער און רעליגיעזער וועג־ווייזער פאַר די פאַרטריבענע אין בבל.

כדי צו פאַרשטיין די גרויס פון נביא יחזקאל, כדי צו באַגרייפן דעם מהות פון זיינע נביאות און זיינע קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן פאַרן פאָלק, מוזן מיר זיך, אין געדאַנק אַריבערטראָגן אין יענער וועלט, אין וועלכער

דעם נביא איז אויסגעקומען צו לעבן און פּסיכאָלאָגיש מיטלעבן מיט יענעם „אַמביענט. נאָר דעמאָלט וועלן מיר קענען ווי געהעריק אָפּ־שאַצן די ריכטיקייט פון זיינע נביאות און זייער ווירקונג אויף דעם גייס־טיקן און נאַציאָנאַל־רעליגיעזן לעבן פון זיין דור. דער אָפּקלאַנג פון זיין ווירקונג דערגרייכט אַזש צו אונדזער דור.

אָבער צו ערשט דאַרף מען באַטראַכטן דעם מהלך וואָס ליגט אין באַגריף „גלות" צווישן יענע צייטן און היינט. אין אונדזערע צייטן פאַר־שטייען מיר „גלות" — וואַנדערן אין דער פרעמד, ניט האָבן קיין איי־גענע טעריטאָריע, אומעטום לעבן ווי פרעמדע, איינגעבעטענע, ניט האָבן קיין אייגענעם פּאָליטישן שוץ און ניט געניסן פון דער הנאה צו לעבן באַשיצט פון אַן אייגענער מלוכה. וואָס איז שייך דעם גייסטיק־רעליגיעזן צענטער פון אונדזער לעבן, האָבן מיר אים מיטגעטראָגן אין אַלע לענ־דער, ווו אונדז איז אויסגעקומען צו וואַנדערן. מיר האָבן אַנטוויקלט אונדזער קולטור דאָרטן ווו מיר האָבן געלעבט, פאַר אונדזער קולטור־רעלן לעבן איז קיין אונטערשייד ניט געווען אויף דער אָדער אַן אַנדער טעריטאָריע.

אין יענע צייטן, אין וועלכע דער נביא יחזקאל האָט געלעבט, האָט מען „גלות" אַנדערש פאַרשטאַנען. בעפאַר דאָס יידיש פאָלק איז פאַר־טריבן געוואָרן אין גלות בבל, איז די אומה געווען קאָנצענטרירט אין דעם גייסטיקן צענטער פון ירושלים. די השגה פון יענע דורות בנוגע דעם גייסטיק־קולטורעלן לעבן איז געווען אַ גאַנץ באַשרענקטע. פאַר זיי איז געווען די מיינונג, אַז דינען גאָט און דערפילן דעם רעליגיעזן חוב קען מען נאָר אין בית המקדש. באַזונדערס האָט זיך אַזאַ מיינונג איינגע־בירגערט באַם פאָלק, נאָכדעם ווי דער מלך יאשיהו האָט דורכגעפירט זיינע רעליגיעזע רעפאָרמען. דער בית המקדש איז געווען דער איינציקער פּונקט, ווו מען קען זיך רעליגיעז אויסלעבן. אַזאַ גייסטיקער צענ־טער האָט געקענט און געמוזט זיין נאָר אויף דער אייגענער טעריטאָריע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. דאָס פאָלק האָט אָנגענומען אַז אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער לעבן קען זיין נאָר אין אייגענעם לאַנד און אין אַן אייגע־נער מלוכה. זיין אָפּגעריסן און דערווייטערט פון דער אייגענער טערי־טאָריע האָט געהייסן זיין אָפּגעריסן און דערווייטערט פון גאָט. פאַרטריבן

פון דער אייגענער מלוכה האט געהייסן זיין פארטריבן פון רעליגיעזן און נאציאנאלן לעבן. עס האט געהייסן, אז אין דער פרעמד פארלירט די אומה איר אייגנארטיקייט און האט ניט מער דעם יידישן חותם אף זיך. אזוי האבן דעמאלט געדענקט אלע פעלקער און אזוי האט אויך געדענקט דאס יידישע פאלק.

ארויסגייענדיק פון דער הנחה, איז „גלות" געווען פאר די יידן פון מלכות יהודה דאס שרעקלעכסטע וואס זיי האבן זיך געקענט פארשטעלן. דערפאר איז דער נביא ירמיהו געווען אזוי פארהאסט און פארפאלגט, ווייל ער האט געוואגט ארויסצוברענגען פון זיין מויל דאס ווארט „גלות".

זייער שמאל איז אויך געווען די קולטורעלע השגה אין יענעם דור. דער גייסטיקער ניוואָ זייער א נידעריקער. מען איז ארוים אין גלות האט זיך בא זיי געשטעלט די פראגע: ווי אזוי וועלן מיר לעבן אין גלות? ווי קען מען לעבן, אז גאט וועט ניט זיין צווישן אונדז? וואס וועלן מיר טאן אן דעם הייליקן טעמפל? ווי אזוי קען מען דינען גאט אן דעם הייליקן טעמפל? מיר וועלן דאך ניט וועלן ארייננגעשלעפט ווערן אין לעבן פון געצנדינעריי און ווערן ווי זיי. פאר יענע יידן איז געווען א פרעמדע טער־ריטאריע אומריין. אפילו די נביאים אליין, וואס זיי האבן שוין ארויס־געבראכט דעם גאט באגריף אויסער די גרענעצן פון דער יידישער טערי־טאריע, האבן זיך אויך ניט געקענט פארשטעלן א ריכטיקן רעליגיעזן לעבן אין א פרעמדן לאנד.

די גאנצע טראגיק איז געלעגן אין דעם, אז אין גלות איז גאט פון ישראל אוים גאט און די אומה איז אוים אומה. אין די ווערטער, וואס די געפאנגענע פון יהודה האבן ארויסגעזאגט קומענדיק אין גלות בבל „ווי אזוי קענען מיר זינגען גאטס געזאנג אף א פרעמדער ערד" האבן זיי אויסגעדריקט דעם טראגישן מאמענט וואס זיי האבן דעמאלט איבער־געלעבט, זייענדיק געצווונגען צו גיין אין גלות.

פאר די ערשטע פארטריבענע, וואס זיינען געגאנגען אין גלות צו־זאמען מיטן מלך יהויכין איז נאך די לאגע ניט געווען אזוי שווידערלעך. פאר זיי איז דאס געווען א צייטווייליקע פארשיקונג, ניט מער. זיי האבן געהאפט, אז אט, אט און די פארבליבענע אין יהודה, צוזאמען מיט די איבעריקע אונטעריאכטע שכנים, וועלן סוף כל סוף, אראפווארפן פון זיך

דעם שווערן יאָך פון בבל און זיי וועלן זיך באַלד אומקערן צוריק אין זייער לאַנד.

אין דער אמת'ן, האָט טאַקע די ידיעה, אַז צדקיהו צוזאַמען מיט די אַרומיקע פעלקער פּלאַנעווען אַן אופשטאַנד קעגן בבל, אַריינגעבראַכט אַ פרייד אין זייערע הערצער. צווישן די געפאַנגענע האָט זיך אופגעהויבן אַ באַוועגונג פאַר אַן אַקציע קעגן בבל און אַזוי אַרום העלפן זייערע ברי־דער אין יהודה. דער בריוו, וואָס ירמיהו האָט זיי געשריבן זיי זאָלן בלייבן רואיק, זיי זאָלן קויפן הייזער, פלאַנצן וויינגערטנער און חתונה האָבן, האָט אַרויסגערופן בא זיי גרויס שנאה קעגן אים. אױף אַזוי ווייט איז גע־ווען די שנאה, אַז איינער פון זייערע פירער האָט געוואָרנט מיט אַ בריוו צום עלטסטן פון די כהנים אין ירושלים, מען זאָל דעם „משוגענעם" אַ־ריינוואַרפן אין קאַרצער. פאַר די פּאַרטריבענע אין צדקיהו'ס צייטן איז דער גלות שוין געווען אַ שווערע קאַטאַסטראָפע. פאַר זיי האָט דאָס גע־הייסן אויס אומה.

אונטער די אומשטענדן האָט באַדאַרפט קומען אַ גרויסע אויטאָרי־טאַטיווע פּערזאָן, וואָס זאָל זיין אומשטאַנד צו ענדערן אינגאַנצן די מענ־טאַליטעט פון גלות ייד. ער האָט באַדאַרפט זיי אַזעלכער, וואָס זאָל קע־נען איבערצייגן די גלות יידן, אַז גאָט דינען קאָן מען אױף אַ פרעמדער טעריטאָריע אויך, אַז תורה אָפּהיטן און פירן אַ רעליגיעזן לעבן קען אַ ייד איבעראַל. אַז יידישע קולטור לאָזט זיך אַנטוויקלען אפילו זייענדיק ווייט פון דער אייגענער טעריטאָריע און דעם נאַציאָנאַלן פּרצוף קען אַן אומה איינהאַלטן אפילו אין אַ פרעמד לאַנד.

אָט אין דעם מאָמענט און אונטער די אומשטענדן האָט זיך באַ־וויזן אױף דער אַרענע דער נביא יחזקאל. דער נביא שטאַמט פון דער גרויסער יהוסדיקער כהנים פאַמיליע, באַקאַנט אין אונדזער געשיכטע אַלס די כהנים משפחה פון צדוק הכהן. די דאָזיקע פאַמיליע האָט אַ סך צייט פאַרנומען די אַמטן פון אַ כהן גדול אין בית המקדש.

אַלס אַ כהן און דערצו נאָך פון אַזאַ מיחוס'דיקער משפחה, האָט מען אים דערצויגן און צוגעגרייט צו פאַרנעמען איינעם פון די הויכע גייסטיקע אַמטן, וואָס כהנים האָבן פאַרנומען אין גייסטיקן צענטער פון ירושלים. זיין דערציאונג האָט געמוזט זיין אַ רעליגיעזע, אין גייסט פון

די רעליגיעזע רעפאָרמעס, וואָס יאשיהו האָט איינגעפירט אין לעבן. דאָס וויל זאָגן, אַז יחזקאל איז דערצויגן געוואָרן אין שטרענגן הסכם מיט דער תורה וואָס מען האָט געפונען אין בית המקדש. אַט די געפונענע „מגילה" האָט געלייגט דעם שטעמפּל אויף זיין אויסבילדונג און אַנטוויקלונג.

דער יונגער יחזקאל מיט זיין פאַמיליע זיינען געווען צווישן די עלף טויזנט גרויסע און חשובע יידן וואָס נבוכדנאצר האָט פאַרגומען אין ירושלים און זיי פאַרטריבן אין בבל, צוזאַמען מיט דעם קעניג יהויכין. דאָס מיינט, אַז יחזקאל מיט זיין פאַמיליע זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס אַריסטאָקראַטן, חשובע און אָנגעזעענע בירגער פון יהודה. אין דער צייט, ווען ער באַווייזט זיך אויף דער נביאים אַרענע איז ער נאָך געווען יונג, אָבער גענוג באַוווסטזיניק, נאַציאָנאַל רייף, אינטעליגענט, געבילדעט, ענערגיש, עקשנות'דיק, מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. ער איז געווען גוט באַקאַנט סיי מיט דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ירושלים און סיי מיטן לעבן פון די גייסטיקע פירער. ער האָט געקענט גוט דעם לעבן אין די הויכע מלוכה ספערן פון ירושלים, שטרענג אָפּגעהיט אין רעליגיעזער הינזיכט און געוווסט אַלע צערעמאָניאַלן, וואָס די כהנים האָבן איינגעפירט אין בית המקדש. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט דעם גרויסן לאַבירינט פון צימערן און זאַלן, וואָס עס האָבן זיך געפונען אין בית המקדש.

דער נביא יחזקאל איז אויסגעוואַקסן אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט. פון דער יוגנט אַן האָט ער זיך שוין געפילט ווי אַ פּריווילעגירטער, אַלס איינער וואָס איז פון געבורט באַשטימט צו שטיין העכער פון איבעריקן פאָלק. דאָס וואָס אַלעמען איז דערלויבט איז אים ניט דערלויבט, ער דאַרף ניט עסן וואָס אַלע עסן, ניט גיין דאָרטן וווּ אַלע גייען, ניט אָנרירן דאָס וואָס אַנדערע מעגן יאָ אָנרירן, און אפילו הייראַטן האָט ער אויך ניט געטאָרט ווען ער וויל, נאָר ווען ער מעג הייראַטן.

אַלס אַ וואַרימער נאַציאָנאַלער ייד, אַלס שטרענג רעליגיעזער ייד, האָבן די לעצטע געשעענישן אין יהודה, די געפאַנגענשאַפט פון באַליבטן מלך מיט דער הויכער אַריסטאָקראַטיע געמאַכט אויף אים זייער אַ שלעכטן איינדרוק. באַזונדערס שלעכט האָט געווירקט אויף זיין נערוון סיסטעם זיין אייגענע געפאַנגענשאַפט. זיין סענסיטיווע נאַטור, זיינע געשפּאַנטע נערוון האָבן דאָס ניט אויסגעהאַלטן. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אַרויסגעשלאָ־

גענער פון זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט. ער איז געווארן צעריסן, פאר־ביטערט, בייז און דערצארנט. זיין ענערגיע האט געפאדערט אן ארויס־גאנג.

אין תל־אביב, די שטאט ווו די געפאנגענע האבן זיך באזעצט אין בבל און ווו יחזקאל האט געלעבט, האט דער יונגער מענטש ניט געפונען קיין רו און בשום אופן ניט געקענט אריינפאסן זיך אין דעם נייעם אמביענט. אליין, אפגעזונדערט פון אלעמען, פארטראכט און באזארגט איז יחזקאל ארומגעגאנגען. אים האט געפייניקט דער פראָ־בלעם, וואס דא אין בבל, אין א פרעמד און אומריינינק לאנד, קען מען קיין ייד ניט זיין, דא קען מען ניט דינען צו גאט ווי א ייד, ווייל דא פעלט דער גייסטיקער צענטער, גאטס הויז, אז דעם הויז קען גאט ניט קומען און עס איז ניטא קיין מעגלעכקייט זיך צו פארבינדן מיט גאטס הייליקייט.

באטש יחזקאל איז פון דער נאטור אויס און פון זיין דערציאונג געווען קולטורעל צוגעגרייט, פאליטיש גוט אריענטירט, א ברייטן און גע־זונטן בליק אפן לעבן, עקשנות'דיק אנגעהאלטן זיין מיינונג, מיט א שטארקן ווילנסקראפט האבן דאך די געגעבענע אומשטענדן געבראכט דערצו, אז ער איז געווארן מעלאנכאליש געשטימט. ער איז ארומגעגאנגען אין א מע־טאפיזישער וועלט, פול מיט מיסטישן עקספרעסיאניזם. אין זיין צעהיצ־טער פאנטאזיע האט ער געזען די פאנטאסטישע בילדער אין שייכות מיט זיין דענקען וועגן דער צוקונפט פון זיין פאלק.

זייענדיק אמאל אונטער דעם איינדרוק פון א טיפער מיסטישער שטי־מונג, דערוויטערט זיך דער יונגער יחזקאל פון אלעמען און ער דערזעט זיך שפאצירנדיק אין טאל, ווו דער טייך כבר פליסט. זיין מיסטישע נשמה רייסט זיך אין די הויכע הויכענישן, ער שפירט אין זיך א דראנג עפעס צו טאן פארן פאלק, ער איז זייער באאומרואיקט איבער דעם מצב פון די פארטריבענע אין בבל. זיינע אומגליקלעכע ברידער, דארטן אין יהודה לאזן אים ניט צורו, דער געדאנק, אז די אומה גייט אונטער לאזט אים אפ׳ א רגע ניט אפ. אלץ ער טראכט, אלץ ער קלערט, צי איז דאס טאקע אזוי ווי זיינע ברידער דענקען, אז אין דער פרעמד איז ניטא גאט, אז גאט האט זיינע ברידער איינגאנצן פארלאזן. צי איז טאקע אמת, אז קיין זאך קען זיי שוין ניט העלפן, ווי באלד דער דור איז אזוי זינדיק.

איז שוין טאַקע דער אומקום און די פאַרניכטונג פון דער גאַנצער אומה אומפאַרמיידלעך? און וואָס איז דער קומענדיקער דור שולדיק, אַז דער דור האָט געזינדיקט? ניט שוין זשע, איז די מיינונג פון זיינע ברידער, אַז זיי קענען בלייבן לעבן און עקזיסטירן, אויב זיי וועלן ווערן גלייך מיט אַלע פעלקער אַ ריכטיקע? קען דען זיין אַ יידישע אומה אַן גאָט, אַן זיין תורה, אַן יידישן גייסט, אַן די יידישע אַנדערשקייט, אפשר פּונקט פאַרקערט, אז נאָר די יידישע אַנדערשקייט שטייט אין צענטער פון יידישער עקזיסטענץ און אַז גאָט קען מען געפינען אומעטום, ווו יידן זאָלן ניט זיין פאַרוואָרפן און ווו זיי זאָל ניט אויסקומען צו לעבן?

יחזקאל פאַרטראַכט זיך איבער דעם פּראָבלעם, צי דאַרף מען ניט איבערבויען אינגאַנצן די סטרוקטור פון יידישן פאָלק און געבן אַן אַנדער ריכטונג דעם אַנגענומענעם געדאַנקען־גאַנג פון זיינע אומגליקלעכע ברידער. יאָ, מען דאַרף דאָס און מען מוז דאָס טאָן, אָבער ווער וועט אים האָרכן? ווער וועט וועלן שענקען אופמערקזאַמקייט צו די רייד פון א יונגן מענטשן? אפילו ווען דער יונגער מענטש איז פון אַזאַ מיוחס'דיקער פאַמיליע ווי ער. אָט אַ שטייגער, ווען ער איז א נביא, ווען ער וואָלט געווען אזא גביא ווי ישעיהו, ירמיהו, ווי די אַנדערע נביאים, וואָס האָבן געלעבט פאַר אים, וועמענס געדאַנקען עס זיינען איינגעקריצט טיף אין זיין נשמה, דעמאָלט וואָלט אַנדערש געווען, דעמאָלט וואָלט ער געפונען צוהערער און אַנהענגער. אָבער ווי קען ער זיין אַ נביא, אַז ער געפינט זיך אף אַ פרעמדער, אומריינער ערד? טראַכטנדיק איבער די פריערדיקע נביאים, פאַלט ער אַרונטער אינגאַנצן אונטער זייער השפּעה און דער געדאַנק לאָזט אים שוין ניט אָפּ. זיין צעהיצטע פאַנטאַזיע, זיינע צעוואַרעמטע געהירן טראָגן אים אַריבער צו די נביאים, וואָס האָבן געווירקט אין עבר פון פאָלק. אַלע האָבן זיי געווירקט מיט דעם כוח פון גאָט. ישעיהו האָט געזען גאָט זיצן אף זיין טראָן. ירמיהו האָט גערעדט מיט גאָט און אין זיין נאָמען האָט ער גערעדט צום פאָלק. נאָך פריער אפילו, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געגומען פאַרמירן האָט שוין משה געזען גאָט. שמואל הנביא האָט געהערט די שטים פון גאָט, אליהו הנביא איז אַרוף צו גאָט, אָט ווען עס קומט צו אים דער כוח פון גאָט, וואָלט ער אויך געקענט ווירקן ווי יענע נביאים און עפּעס אופטאָן פאַרן פאָלק.

די מיסטיש־מעלאנכאלישע געדאנקען טראגן אוועק דעם יונגן מענטשן ווייט. זיין פאנטאזיע ווערט פול מיט בילדער פון יענע נביאים אין פארבינדונג מיט גאט. גאט איז אין הימל און איז פול אין אלע ווינקעלעד פון דער וועלט. אזוי האבן געזאגט יענע נביאים. הייסט דאך דאס, אז אפילו דא אין בבל געפינט זיך אויך גאט. די גאנצע נאטור איז פול מיט גאטס מאכט און מיט זיין הייליקייט. ער איז מעכטיק און גרויס. אונטער זיין השגחה פירט זיך די גאנצע וועלט. דער גאנג פון דער וועלט פאליטיק איז אויך זיין ארבעט.

פארטיפט אין די דאזיקע געדאנקען, באמערקט ניט דער יונגער יחזקאל, ווי דער הימל האט זיך פלוצלונג פארצויגן מיט שווערע געדיכטע וואלקנס. עס איז געווארן פינצטער. א גוואלדיקער שטורם האט אויסגעבראכן און א הילכיקער דונער האט פול געמאכט די לופט מיט א קנאקעריי. א דערשראקענער כאפט ער זיך אויף פון זיינע געדאנקען. ער הויבט אויף זיינע אויגן, ער וויל זען ווו ער געפינט זיך און פארוואס די נאטור האט זיך אזוי גיך געענדערט. אבער אנשטאט זיך צו בארואיקן ווערט ער נאך מער דערשראקן. ער דערזעט, אז דער הימל האט זיך מיט אמאל געשפאלטן און א פייערדיקער שטראל גיט אים א בליץ אין די אויגן. אים קומט פאר, אז עפעס אויסערגעוויינלעכס זעט ער אין דעם הימל, וואס האט זיך געעפנט. א ווונדערלעכער בילד באווייזט זיך פאר זיינע אויגן. ער זעט פיר באפליגלטע חיות באוועגן זיך היו און הער אין הימל. יעדע חיה האט פיר געזיכטער — פון יעדער זייט א געזיכט. פון איין זייט די געזיכט פון א מענטשן. פון דער צווייטער זייט די געזיכט פון א לייב, פון דער דריטער זייט די געזיכט פון אן אקס׳ און פון דער פערטער די געזיכט פון אן אדלער.

די געשטאלטן פון די חיות זיינען ווי פון גליענדיקע קוילן און די פארב זייערע איז ווי פון א בלישטשענדיקן בריליאנט. זיי דרייען זיך אין אלע זייטן ווי אף א דרייענדיקן ראד.

קוקנדיק אף דעם ווונדערלעכן בילד, גיט דאס ווייטער א בליץ, ווידער שפאלט זיך דער הימל ווי מיט א שטראל פייער און ער דערזעט אינעם געשפאלטענעם הימל א טראן וואס לויכט ווי א סאפירשטיין און אפן טראן זיצט איינער, וואס האט פון די לענדן ארויף די פארם פון א

מענטש און פון די לענדן אף אראפ איז דאס א שטיק פייער, מיט א גלאנץ ארום אים און אינגאנצן האט דאס אויסגעזען ווי עס זעט אויס א רעגנבויגן אין א רעגן־טאג. און אין צעהיצטן, מיסטיש־עקספרעסיאניס־טישן מוח פון יחזקאל גיט דאס אויף א בליץ — דאס איז גאט — איך האב געזען גאט אין זיין גאנצער פראכט, טראכט ער. דא אין גלות, אין א פרעמדער לאנד אף דער אומריינער ערד, האט זיך גאט אויך באוויזן.

און די פאנטאסטישע בילדער, וואס ער האט געזען האבן אנגעמאכט אן איבערקערעניש אין זיין גאנצן געדאנקען־גאנג. די בילדער האבן אים באוויזן, אז אין דער פרעמד געפינט מען אויך גאט און מען קען זיך דא אויך צו אים דערנענטערן. עס ווערט בא אים רייף דער געדאנק, אז מען קען, דא אין גלות, אויך לעבן ווי א ייד מוז לעבן, אין גייסט פון דער תורה, אין גייסט פון גאטס געבאט און פארווירקלעכן די רעליגיעזע עטיש־קייט פון זיינע געבאטן. צו זיין א ייד, איז ניט נויטיק, אז מען זאל האבן א מלך מיט זיינע הויכע ראטגעבער. דאס יידישע לעבן קען ארגאניזירט ווערן אף אן אנדער אופן. אין זיין קאפ ווערט געבוירן דער רעיון, אז גאט האט זיך דא צו אים באוויזן, ער זאל אין זיין נאמען גיין צום פאלק און זיי איבערגעבן זיינע געדאנקען, ער זאל צו זייריידן און איבער־געבן די שליחות, וואס גאט האט אף אים ארופגעלייגט.

יחזקאל צווייפלט שוין ניט מער קיין מאמענט, ער איז בא זיך זיכער, אז גאט האט זיך צו אים באוויזן. די שטראלנדיקע פייער־בילדער וואס ער האט געזען איז די סימבאליק פון גאט און זיין מעכטיקייט. די גליענדיקע חיות וואס ער האט געזען, א מענטש, לייב, אקס און אדלער דאס איז דער סימבאל פון גאטס כוחות־פארשטאנד, קראפט, באוועגונג און אדלער בליק. די סימבאלישע כוחות דרינגען אריין אין זיין וועזן און איז גרייט צו גיין זאגן נביאות אין נאמען פון גאט.

די אנטדעקונג אז גאט אליין האט זיך צו אים באוויזן איבעראשן אים און דערשרעקן אים אזוי, אז ער פאלט צו דער ערד ווי אן אומעכ־טיקער. די פיזישע כוחות פארלאזן זיין אויסגעמאטערטן קערפער. ער ווערט באנומען פון א שטארקער מיסטיק און בלייבט ליגן ווי א היפנאטיזיר־טער פון דעם אלעם וואס ער האט איצט געזען און איבערגעלעבט. ער ליגט מיט אפענע אויגן און קוקט נאך אלץ אין דער וווּנדערלעכער זעאונג.

די וויזיעס ווירקן נאָך מער אויף זיינע צעררייצטע נערוון. די אויסער־אָרדנטלעכע איבערלעבונג ברענגט אים אריין אין א הויכן עקסטאַז. ער פילט ניט זיינע גלידער. ער שפירט ניט אין זיך קיין פיזישן לעבן. עס קומט אים פאר, ווי עמיצער וואָלט אים אָנגעכאַפּט פאר זיינע האָר און טראָגט אים צוריק אין תל־אביב, דאָרטן וווּ זיינע ברידער געפינען זיך. ער זעט ווי אַלע קוקן אויף אים, באַדויערן אים, מען קוקט זיך איין אין זיין פּנים און מען מערקט, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס האָט מיט אים פּאַסירט. ער ליגט אָבער ווי אַ שטומער און קען זיי ניט דערקלערן. ער איז ווי פּאַראַליזירט און קען קיין וואָרט ניט אַרויסברענגען.

און ניט דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל באַם נביא. זייער אָפט האָט דאָס מיט אים פּאַסירט. עס פאַלט אויף אים אַרויף אַ טיפע מיסטיק, ער ווערט מעלאַנכאָליש. די מיסטיק ברענגט אים צו עקזאַלטאַציע. ער בלייבט ליגן מיט אָפענע אויגן ווי אַ היפּנאָטיזירטער, אומבאַוווסטזיניק הויבן אַן זיינע גלידער זיך צו באַוועגן און אַרויסברענגען משונה'דיקע זשעסטיקולאַציעס, וואָס זייטיקע צושויער נעמען אַן דאָס פאַר אַנאַר־מאַל. באַם ערשטן פאַל, ווען ער האָט זיך געפונען באַם ברעג פון טייך כבר, איז ער אַזוי אָפּגעלעגן זיבן טעג און ניט געקאָנט קומען צו זיך פון דער פיזישער אָפּשוואַכונג. נאָכאַנאַנד האָבן געשוועבט פאַר זיינע אויגן די וווּנדערלעכע בילדער, וואָס ער האָט געזען באַם טייך. ער איז געקומען צו זיך, ווען ער האָט דערהערט אַ קול קלינגען אין זיינע אויערן. דער קול האָט געזאָגט צו אים:

„מענטשנזון, איך שיק דיר צו די בני ישראל, וואָס האָבן אין מיר ווידערגעשפּעניקט, זיי און זייערע עלטערן האָבן געזינ־דיקט קעגן מיר ביזן היינטיקן טאָג".

פון דעם קול, וואָס האָט אים געקלונגען אין די אויערן איז ער גע־קומען צו זיך, ער הויבט זיך אויף און פילט מיט זיין פולן באַוווסטזיין, אַז גאָט האָט אים געשיקט זיין אַ נביא.

איין רגע צווייפלט נאָך דער נביא. ער איז נאָך באַ זיך ניט זיכער געגוג, אַז די „ווידערשפּעניקע" וועלן אים הערן. ער האָט זיך אַרומגע־זען, אַז עס איז ניט לייכט צו זיין אַ נביא. ער פילט נאָך ניט גענוג שטאַרק דעם כוח פון גאָטס וואָרט — ער געפינט זיך צווישן מענטשן,

וואָס „שטעכן ווי מיט דערנער, וואָס בייסן ווי גיפטיקע שלאַנגען", נאָך הערט ניט אויף צו קלינגען אין זיינע אויערן די ווערטער „ווידערשפּעני־קע" און דער נביא פאַלט ווידער אַריין אין אַ טיפער מיסטישער שטי־מונג. ער ווערט ווידער עקזאַלטירט פון דעם געדאַנק, אַז ער וועט אפשר ניט קענען אויספירן די שליחות פון גאָט. ליגט דער נביא אַ היפּנאָטי־זירטער, מיט אָפענע אויגן און ליגנדיק שוועבט פאַר זיינע אויגן אַ ניי בילד. אַ האַנט שטרעקט זיך אויס פאַר אים, אין האַנט איז אַ מגילה פאַרשריבן אין ביידע זייטן, דער אינהאַלט פון דער מגילה איז „קלאָגן, ווי געשרייען און יאָמער" און דעם נביא קומט פאָר, אַז די מגילה מיט איר גאַנצן אינהאַלט דרינגט אַריין אין זיין נשמה, אופּעסנדיק יי. איצט ווערט ער באַ זיך זיכערער. ער איז מיט דער מיינונג, אַז אויף דעם אופן נעמט ער אַריין די גאַנצע השפּעה פון גאָט. ער האָט דאָס אַריינגענומען אין זיין קערפּער און זיין נשמה. זיין אָרגאַניזם איז פול געוואָרן מיט דער השפּעה פון גאָט. איצט ווייסט ער באַ זיך, אַז מער טאָר ער ניט צווייפלען און וואַקלען. ער מוז אָנהויבן טראָגן אויף זיך דעם שווערן גורל פון אַ נביא. ער מוז דערפילן טריי די שליחות, וואָס דער גורל האָט אויף אים אַרופגעלייגט און ניט נעמען אין אַכט קיינע שטערונגען.

דער נביא איז ניט צופרידן מיטן גורל, ווייל ער ווייסט אין פאָרויס, אַז מען וועט אים ניט וועלן הערן. ער קען דאָך זיינע ברידער. זיי זיינען „האַרטנעקיג און האָבן האַרטע שטערנס". ער אַליין האָט דאָך געזען וואָס דער נביא ירמיהו האָט געהאַט אויסצושטיין פאַר זיינע נביאות. ער האָט געשטראָפט, געמוסרט, געוואָרנט דאָס פאָלק און באַצאָלט האָט מען אים מיט האַס, שנאה, פאַראַכטונג און פאַרפאָלגונג. מען האָט אים געפייניקט און געוואָלט דאָס לעבן נעמען. ער אַליין האָט דאָך אויך פאַרן פאָלק ניט עפּעס אַנדערש צו זאָגן ווי נאָר דאָס וואָס ירמיהו האָט גע־זאָגט. ער מוז זיי אויך שטראָפן, מוסרן, שעלטן און זידלען. ער האָט ניט פאַר זיי קיין איין וואָרט פון טרייסט, קיין פונק פון האָפענונג. ער ווייסט אויסגעצייכנט, אַז די אומטרייקייט פון יהודה צו בבל, וועט דעם פאָלק קיין גוטס ניט ברענגען. עס איז פאַלש די פּאָליטיק פון דער מלו־כה זיך צו אָריענטירן אויף מצרים און וואַרטן אויף זייער הילף. מצרים איז אַ גוט אָרגאַניזירטע מלוכה. אַרונטערפאַלן אונטער איר השפּעה און

ארופגעמען איר איבערהערשאפט, הייסט אייביקע פארשקלאפונג פארן פאלק, בשעת זיין אונטעריאכט אונטער בבל, א מלוכה, וואס עקזיסטירט א דאנק איר גבורה און חכמה פון איר מלך אליין, הייסט צייטווייליק זיין אונטעריאכט. דער מלך שטארבט, עס שטייט אויף אז אנדערער, ניט אזא פעאיקער, צעפאלט די גאנצע מלוכה און יהודה איז פריי. זי ווערט ווידער זעלבסטשטענדיק.

דער נביא איז אויך קעגן דער אופשטאנד־באוועגונג און פריציי־טיקע פארזוכן זיך צו אפרייסן פון בבל. ער מוז זיי ווארענען קעגן אזא פאלשן שריט און זיי וועלן זיכער ווערן אופגערייצט קעגן אים און ניט הערן.

אבער דעם נביא אימפאנירט זיין מיסיע. ער איז שטאלץ דער־מיט. פאר אים איז אלץ איינס שליסלעך, צי מען וועט אים יא הערן אדער ניט. וואס ער האט צו זאגן מוז ער גיין און זאגן, ווייל ער זאגט ניט זיינס נאר דאס ווארט פון גאט. ער הערט און שפירט בא זיך א גוואלדיקן כוח. ער הערט א שטים וואס זאגט צו אים:

„די בית ישראל וועלן דיר ניט וועלן הערן, אלע זיינען זיי מיט הארטע שטערנס און שווערע הערצער, אבער דו וועסט זיין נאך שטארקער פון זיי און דיין שטערן הארטער פון זייערן. ווי דימענט איז שטארקער פון שטיין. האב פאר זיי קיין מורא ניט און שרעק דיך ניט פאר זיי".

אבער ווידער באפאלט אים א שוואכקייט. זיין הארץ קלאפט פון שרעק. ווי קען ער קומען צו די עלנטע, פארטריבענע וואס בענקען אהיים, וואס לעכצן נאך זייער פרייהייט און ברענגען זיי בשורות פון אומגליק, פון נייע ליידן, פון נייע פורעניות און דערצו איז ער אליין אויך א געפאנגענער, אליין אויך א פארטריבענער. ער פילט מיט זייער פיין און זייער צער. און דער נביא שווייגט ווידער. ער קען נאך אלץ ניט גיין צו די קראנקע און פארויסזאגן זיי טויט און אומקום. און דא פאלט אריין דער נביא ווידער אין זיין מיסטישער מעלאנכאליע. ער ווערט עק־זאלטירט פון דעם געדאנק, אז ער האט אנטדעקט גאט אין א פרעמד לאנד. דאס איז א גוטער סימן. דאס איז א צייכן, אז גאט געפינט זיך אומעטום. ער קען דא, אין בבל, אויך העלפן דעם יידישן פאלק ווי ער

העלפט אים אין זיין איינן לאנד. אויב אזוי איז דאך דא א האפענונג, אז די שטראף איז ניט אייביק, שטראף איז נאר אן אויסבעסרונג־מיטל. און דער נביא פאלט אריין אין עקסטאז פון זיין נייעם געדאנק. ער הערט ווי א שטים זאגט צו אים:

„מענטשנסזון. איך האב דיך געמאכט פאר א וועכטער איבערן הויז פון ישראל, אז דו וועסט הערן פון מיין מויל א ווארט, זאלסטו זיי ווארענען אין מיין נאמען. אויב איך וועל זאגן דעם רשע, אז ער וועט שטארבן און דו האסט אים ניט געווארנט כדי ער זאל בלייבן לעבן, און אויב ער וועט שטארבן פאר זיין זינד, וועל איך זיין בלוט פאדערן פון דיין האנט. אבער אויב דו האסט אים געווארנט און ער האט זיך ניט אומגעקערט פון זיין שלעכטן וועג, וועט ער שטארבן, אבער דו האסט דיין לעבן געראטעוועט. אויב דער צדיק קערט זיך אפ פון זיין גערעכטיקייט, ער טוט אומרעכט און דו האסט אים ניט געווארנט, ער וועט טאקע שטארבן פאר זיין זינד ווייל דו האסט אים ניט געווארנט און זיין לעבן וועל איך מאנען פון דיין האנט. האסטו אים יא געווארנט, וועט ער בלייבן לעבן ווייל דו האסט אים געווארנט און דו האסט דיין לעבן געראטעוועט".

און יחזקאל קען שוין איצט ניט אראפווארפן די אחריות וואס גאט לייגט אף אים ארויף, אים ארט שוין ניט, וואס ער וועט ברענגען דעם פאלק שלעכטע בשורות, עס איז דא א האפענונג. ער וועט זיי ווארענען, אפשר וועלן זיי בלייבן לעבן. ער גיט זיך אונטער דעם גורל און טרעט צו, אויסצופילן זיין שליחות, אבער מיט אן אנדער צוגאנג ווי די פריערדיקע נביאים.

אויב דאס פאלק וועט ניט וועלן הערן זיינע רייד וועט ער פרובירן אף אן אנדער אופן מאכן אריינדרינגען זיינע שטראפרייד אין זייערע הערצער. ער מוז זיך דערשלאגן צו א ווירקונג איבער זיי. ער באשליסט זיינע נביאות צו דראמאטיזירן און צו סצעניזירן זיינע רייד, און אויב מען דארף, וועט ער די סצעניזאציע אפשפילן אף זיך אליין.

די נביאות פון נביא יחזקאל לאזן זיך איינטיילן אין דריי הויפט־

טיילן. דער ערשטער טייל נעמט ארום די עטלעכע יאָר, וואָס האָט גע־
דויערט פון יהויכין'ס געפאַנגענשאַפט ביז דעם פאַלן פון ירושלים. דאָ
באַווייזט ער זיך מיט זיינע שטורמישע נביאות, וואָס אנטהאַלטן כעס און
צאָרן, דאָ איז ער דער שעלטער און אַנגרייפער פון פאָלק. אינעם צווייטן
טייל, נאָכן חורבן פון יהודה, ווערט ער מילדער, ער ווערט דאָ אַ טרייס־
טער פון פאָלק און רעדט פון פאָלקס צוקונפט און נאַציאָנאַלן אופלעב.

אינעם דריטל טייל, איז ער אייגנטלעך שוין ניט מער קיין נביא, נאָר אַ רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר, אַ לערער און וועג־וויזער. דאָרטן באַווייזט ער זיך אַלס געטרייער כהן, וואָס לערנט דעם פאָלק און קלערט אויף די געפאַנגענע דעם רעליגיעזן וועג, אויף וועלכן זיי דאַרפן גיין. ער באַווייזט זיך דאָרטן אַלס אַ באַהאַוונטער ארכיטעקט, וואָס מאָלט אויס מיט אַלע איינצלהייטן די סטרוקטור פון נייעם בית המקדש, וואָס מען וועט איין דער צוקונפט אויסבויען און וואָרפט אַן פּלענער פון אַ נייער טעאָקראַטישער מלוכה אין יהודה.

די הויפט דראַמאַטיזאַציע זיינע איז געווען אינעם ערשטן טייל פון זיינע נביאות. כאָטש דראַמאַטיזירן אַ נבואה איז ניט געווען קיין נייס באַ די נביאים. ער איז ניט געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ נבואה סימבאָליש. שוין געווען פריער פאַר אים נביאים, וואָס האָבן דאָס געטאָן.

נאָך גאָר אין די פריערדיקע צייטן, אין די צייטן ווען מלכות ישראל האָט נאָך עקזיסטירט און ס'איז געווען אַ מלך איבער ישראל, געפינען מיר שוין, ווי איין נביא האָט געבעטן באַ אַ צווייטן, ער זאָל אים צעבלו־טיקן און צעשלאָגן, דערנאָך האָט ער זיך אין דעם קלאַגנדיקן צושטאַנד זיך געשטעלט פאַרן מלך פון ישראל און אים געזאָגט דאָס וואָס ער האָט געהאַט אים צו זאָגן, ווייזנדיק אויף זיך אַליין ווי ער זעט אויס. דער נביא ישעיהו איז אויך אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באַרוועס איבער די גאַסן פון ירושלים, אַלס סימבאָל, ירמיהו האָט אויך אָפט דראַמאַטי־זירט זיינע נביאות, אָבער דער נביא יחזקאל האָט דאָס געטאָן אָפטער און האָט דאָס דורכגעפירט מייסטערהאַפט, מיט מער דראַמאַטישן קראַפט, מיט מער לעבן און מיט אַ שטאַרקערן עפעקט. ער האָט זיינע נביאות אָפגעשפּילט אויף זיך אַליין, פאַר די אויגן פון זיינע צוהערער. מעגלעך

דערפאר טאקע האט מען אים גערופן דער נביא, דער משלים־זאגער. זיי האבן ניט פארשטאנען דעם ריכטיקן מיין נביא. זיי האבן ניט באַ־גריפן, אז די דראמאטישע געשעענישן וואס ער שטעלט פאר, דאס זיי־נען די פיין און ליידן, וואס דאס פאלק וועט מוזן אריבערטראגן. זיי האבן ניט פארשטאנען, אז ער שפילט דאס אפ דראמאטיש אף זיך, כדי זיינע רייד זאלן האבן א בעסערע ווירקונג.

פינף סימבאלישע סצעניזאציע נביאות שטעלט יחזקאל פאר אין ערשטן פעריאד פון זיינע נביאות. צום נביא דערגייען ידיעות, אז מיט דער הילף פון מצרים׳ס אינטריגעס, האט זיך געבילדעט אין יהודה א פארטיי, וואס צווינגט דעם וואקלענדיקן צדקיהו ווערן אומטריי בבל. ער זעט ווי אומטרייקייט וועקט אוף פאלשע האפענונגען אין די אויסגע־בענקטע הערצער פון זיינע ברידער, מיט וועמען ער טיילט דעם גורל פון געפאנגענשאפט. דער נביא ליידט דערפון. ער פילט, אז דאס איז א פאטאלער טריט, עס קען קאסטן טייער דער אומה די דאזיקע פאליטיק. ער איז פולשטענדיק מסכים מיט דעם נביא ירמיהו, וואס האט געווארנט דאס פאלק קעגן אזא געפערלעכן טריט, אז דאס קען פירן צו א פול־שטענדיקע פארניכטונג פון דער מלוכה און חורבן פון לאנד.

דראמאטיזירט דער נביא זיין נבואה איבער דער פאליטיק אף פאלגנ־דיקן אופן: ער נעמט א ציגל, נאטירלעך טוט ער דאס אין גאטס נאמען, ער לייגט דעם ציגל אוועק פאר זיך, קריצט אויס אף אים די שטאט ירוש־לים, ארום דער שטאט קריצט ער אויס א באלאגערונג, אז ערד־וואל, ווי דאס טוען געוויינלעך באלאגערער ארום א שטאט וועלכע זיי באלא־גערן. דערנאך נעמט ער אן אייזערנע פאן און שטעלט דאס אוועק ווי א סימבאלישע וואנט צווישן די באלאגערטע און באלאגערער. ער אליין שטעלט זיך מיטן פנים צו דער שטאט וואס ער האט אויסגעקריצט, ווי א שונא וואס קוקט אויס אין דער באלאגערטער שטאט און הויבט אן פייערלעך צו ריידן:

„דאס איז ירושלים, ווייזט דער נביא מיטן פינגער, אינמיטן פון אלע פעלקער האב איך דיר אופגעשטעלט, לענדער ארום איר און זי אינמיטן, און זי האט פאראכטעט מיינע געבאטן, געזינדיקט מער פון אלע פעלקער, עובר געווען מיינע געזעצן,

דערפאר האט גאט דער האר געזאגט: ווייל איר האט ווידער־געשפעניקט מער פון אלע פעלקער, אין מיינע וועגן זייט איר ניט געגאנגען, מיינע געזעצן האט איר ניט געפאלגט, איך וועל זי באשטראפן אין די אויגן פון די פעלקער, און איך וועל טאן מיט דיר וואס איך האב קיינמאל ניט געטאן, און וועל ניט טאן, עלטערן וועלן עסן קינדער, אין דער צייט פון באלאגערונג און קינדער וועלן עסן זייערע עלטערן און איך וועל זי שטראפן, דיין איבערבלייב וועל איך צעשפרייטן אף אלע ווינטן".

א צווייטע סצעניזאציע פון זיינע נביאות פירט ער דורך אף אן אנדער אופן. גאט הייסט אים זיך לייגן אף זיין לינקער זייט, כדי צו טראגן אף זיך די זינד פונעם הויז ישראל:

„הונדערט און ניינציק טעג זאלסטו ליגן אף דיין לינקער זייט, א טאג פאר א יאר זינד פון ישראל. הונדערט און פופציק טעג וועסטו טראגן די שטראף פאר די זינד פון ישראל און אז דו וועסט ענדיקן די דאזיקע טעג צו ליגן אף דער לינקער זייט, זאלסטו זיך לייגן אף דיין רעכטער זייט און טראגן די שטראף פאר די זינד פון יהודה — פערציק יאר, א טאג פאר א יאר האב איך עס דיר פארעכנט. זאלסט זיך אומבינדן מיט א שטריק און דו וועסט זיך ניט קענען אומדרייען פון איין זייט אף דער אנדערער, ביז דו וועסט ניט ענדיקן די טעג פון דיין באלאגערונג"

דאס זאל דינען אלס סימבאל אז גאט וועט קיין רחמנות ניט האבן אף ירושלים פאר די אלע מיאוס׳קייטן און אומווירדיקייטן וואס זי האט אפגעטאן.

די דריטע דראמאטיזאציע פירט דורך דער נביא אף דעם אופן: ער עסט ברויט זייער קארג און טרינקט וואסער זייער ווייניק. דערמיט וויל ער סצעניזירן דעם הונגער וואס עס וועט הערשן אין ירושלים בעת׳ן באלאגערן — גאט זאגט אים — „און דיין עסן זאל זיין אפן וואג, א געוויכט פון צוואנציק שקל א טאג זאלסטו עסן און וואסער זאלסטו מיט

א מאַס טרינקען, אַ זעקסטל הין, מער ניט" — די באַדייטונג פון דער דראַמאַטיזאַציע איז פאָלגנדיקע:

„מענטשנסזון, איך וועל צעברעכן דעם אָנשפּאַר פון ברויט אין ירושלים. זיי וועלן עסן ברויט אויפן וואָג און מיט זאָרג און וואַסער מיט אַ מאָס און מיט ציטער וועלן זיי טרינקען, ווייל עס וועט זיי פעלן ברויט און וואַסער. זיי וועלן קוקן איינער אויפן אנדערן מיט שרעק און וועלן אויסגיין פון די כוחות צוליב זייערע זינד".

די פערטע סימבאָלישע נבואה איז געווען פאָלגנדיקע. גאָט הייסט אים:

„נעם דיר ווייץ, גערשטן, בעבלעך און לינדזן, הירש און טונקל ווייץ, לייג דאָס אריין אין אַ כלי און מאַך דערפון ברויט. די צאָל טעג וואָס דו ליגסט אויף איין זייט זאָלסטו דאָס עסן. אויף מענטשלעכן אָפּפאַל זאָלסטו דעם ברויט באַקן, פאַר זייערע אויגן, ווייל אַזוי וועלן עסן די קינדער פון יש־ראל זייער ברויט. אומריין, צווישן די פעלקער וועלכע איך וועל זיי פארשטויסן".

די פינפטע סצעניזאַציע איז געווען איבער דעם סוף פון די באַ־לאַגערטע אין ירושלים:

„מענטשנסזון, נעם אַ שאַרפע שווערד, מאַך זי פאַר אַ ראַזיר־מעסער, גאָל אָפּ די האָר פון דיין קאָפּ און באָרד, נעם אַ וואָגשאָל און צעטייל די האָר אין דריי גלייכע טייל. איין טייל פאַרברען אין פייער אין מיטן שטאָט, ווען עס וועלן זיך ענ־דיקן די טעג פון דיין באַלאַגערונג. דעם צווייטן טייל זאָלס־טו צעשלאָגן מיט אַ שווערד אַרום שטאָט. דעם דריטן טייל זאָלסטו צעשפּרייטן אויפן ווינט".

„דאָס זאָל באַדייטן, אַז אַ דריטע טייל) פון די באַלאַגערטע אין ירושלים וועלן שטאַרבן פון פּעסט און הונגער, אַ דריטער טייל וועלן פאַלן דורך דער שווערד אַרום שטאָט און אַ דריטן טייל וועל איך צעשפּרייטן אויף אַלע ווינטן, און איך וועל אויס־לאָזן מיין כעס אויף דיר. איך וועל שטילן מיין צאָרן אויף זיי און

זיי וועלן וויסן, אַז גאָט האָט גערעדט מיט פאַרדרוס".

אין דער פאָרם רעדט יחזקאל צום פאָלק און זאָגט אים אָן דעם בי־טערן סוף. ער שטראָפט אים און שעלט אָן רחמנות. ער רייסט שטיקער פלייש פון פאָלקס־אָרגאַניזם.

„איך בין פאַר אייך אַביישפיל זאָגט דער נביא. וואָס איך האָב געטאָן מיט מיר אַזוי וועט מען טאָן צו אייך. אין גלות, אין געפאַנגענשאַפט וועלן זיי גיין פאַר זייער אומטרייקייט צו בבל. דער פירשט וואָס איז צווישן זיי וועט אין פינצטערניש אַרויסגיין. אונטערן וואַנט וועט מען אונטערגראָבן אַ לאָך אים אַרויסצופירן. ער וועט אָבער געפאַנגען ווערן. איך וועל אים ברענגען קיין בבל. אַלע אַרום אים, זיינע העלפער און חיילות, וועל איך צעשפּרייטן אויף אַלע ווינטן. זיי וועלן וויסן, אַז איך בין גאָט און פאַרטרייב זיי צווישן פעלקער און צעשפּרייט זיי אין די לענדער, כדי זיי זאָלן דערציילן וועגן אַלע זייערע אומ־ווירדיקייטן צווישן די פעלקער וווהין זיי זיינען געקומען".

יחזקאל איז געווען זיכער אין דעם ביטערן סוף פון ירושלים און אונטערגאַנג פון דער מלוכה. ער איז אין דעם געווען זיכער ווייל ער האָט גוט געקענט דאָס לעבן אין ירושלים. אַלס גאָטספאַרכטיקער און טיפגלויביקער, איז ער אויך געווען איבערצייגט, אַז פאַר זינד מוז קו־מען אַ שטראָף. אין אַ וווּנדערשיינע אַלעגאָריע מאָלט דער נביא די שטראָף וואָס וועט קומען אויף די זינדיקע ירושלים.

מענטשנסזון, מיט וואָס איז בעסער אַ האָלץ פון אַ וויינשטאָק פון אַז אַנדער האָלץ אין וואַלד? קען מען דען נעמען פון דעם וויינשטאָק האָלץ עפּעס אויסצואַרבעטן? אַזאַ האָלץ איז נאָר גוט צו פאַרברענען. און אויב ביידע ברעגעס פון אַ האָלץ זיינען אַרומגעברענט פון פייער, דער אינעווייניק איז דורכ־געסמאַליעט, טויג אַזאַ האָלץ אויף אויסצואַרבעטן? אַזוי האָט גאָט געזאָגט, אַזוי ווי דאָס האָלץ פון וויינשטאָק וואָס ווערט באַגלייך מיט דעם וואַלדהאָלץ, שטייט דאָך דאָס נאָר פאַר־ברענט צו ווערן, אַזוי וועל איך מאַכן מיט די איינוווינער פון ירושלים. איך וועל געבן מיין כעס אויף זיי און דער פייער

וועט זיי פאַרברענען. זאָלן זיי וויסן, אַז איך בין גאָט איך וועל פאַרוויסטן דאָס לאַנד פון זייערע פאַרברעכנס".

דער נביא יחזקאל איז אַ לײַדנשאַפטלעכער קנאי. אין שייכות מיט זינדיקן קעגן גאָט און עובר זיין קעגן דער תורה איז פאַר אים קיין קאָמפּראָמיס ניטאָ. אין דער צייט ווען אַנדערע נביאים פאַר אים, ווי צום ביישפּיל הושע, ירמיהו האָבן אַמאָל דערמאָנט מיט צערטלעכקייט דעם עבר פון ישראל. אין אַ טאָג פון ליבשאַפט און וואַרעמקייט האָבן זיי גע־רעדט פון די ראָמאַנטישע צייטן, ווען דאָס פאָלק האָט נאָך געוואַנדערט אין מדבר, ווען זיי האָבן נאָך געשטעלט די ערשטע טריט זייערע אַלס אָקאָרשט אויסגעפאָרמירט פאָלק און האָבן שוין באַוויזן איבערצונעמען אַ תורה, וואָס האָט געשטעלט דעם יידישן חותם אויף דעם גאַנצן לעבן פון פאָלק. פאַר דעם נביא יחזקאל איז ניטאָ אַזעלכע צערטלעכע מאָ־מענטן אין יידישן עבר. די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פון פאָלק איז אַ לאַנ־גע זינדיקע קייט. שוין די ערשטע טריט פון יידישן געשיכטלעכן לעבן זיינען שוין געווען זינדיקע. ער באַשולדיקט ירושלים אַלס דער מקור פון אַלע זינד. ירושלים איז פאַר אים „די בלוטיקע שטאָט". די הויפּט־שטאָט פון דער יידישער מלוכה איז פאַר אים „די אומריינע שטאָט". פאַרן נביא איז ניט פאַראַן איינער וואָס זאָל ניט זיין זינדיק.

„דעם פאָטער און מוטער שעצט מען גרינג אין דיר, דעם פרעמדן באַרויבט מען אין דיר, יתום און אלמנה נאַרט מען באַ דיר, מיינע הייליקייטן שענדעט מען, מיינע שבתים פאַר־שוועכט מען".

אָט אַזוי זעט אויס ירושלים אין די אויגן פון נביא יחזקאל.

אין זיינע שטראָפרייד איז דער נביא יחזקאל האַרבער און שטרענ־גער ווי אַלע אַנדערע נביאים. ער שטראָפט און שעלט, ער שיט שוועבל און פעך אויפן פאָלק און אויף ירושלים. ווי די שענדלעכסטע גאַסנפרוי מאָלט ער דאָס יידישע פאָלק אין זייערע זינד. אין אַ צווייטער פּרעכטיקער אַלע־גאָריע שילדערט ער ירושלים און די אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק, ווי אַז אומפאַרשעמטע פרוי, וואָס איז דורך און דורך אויסגעלאַסן און זינדיק.

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויף ירושלים. דיין אָפּשטאַם און גע־

בורט איז פון כנען, דיין טאטע איז אן אמורי, דיין מאמע איז א חתית. ווען דו ביסט געבוירן געווארן, האט מען ניט אפגעשניטן דיין נאפל, מען האט דיר ניט געגעבן גענוג געבאדן, ניט געוויקלט אין ווינדלעך, קיינער האט אף דיר ניט קיין רחמ־נות געהאט. ביזט מיט דיין שמוץ ארויסגעווארפן געווארן אין פעלד. איך בין פארבייגעגאנגען, איך האב דיר רערזען ליגן פארבלוטיקט, האב איך געזאגט, אין דיין בלוט וועסטו לעבן. איך האב דיר דערצויגן ווי א פעלד־פלאנץ. דו ביסט געוואקסן, גרויס געווארן, שיין געווארן. ווען איך האב דיר דערזען אין דיין רייפקייט, אז ס׳איז צייט פאר דיר צו הייראטן, האב איך באדעקט דיין נאקעטקייט. איך האב דיר צוגעשווירן טריי־קייט, געשלאסן א בונט מיט דיר און דו ביזט געווארן מיינס. איך האב דיר באקליידעט, אויסגעפוצט, אויסגעצירט אין גאלד און זילבער, זיידנס און שיינע געוועבן. דו ביסט שיין גע־ווארן, פרעכטיק, דיין נאמען האט זיך צעקלונגען אין דער וועלט. און דו, וואס האסטו געטאן? דו ביסט געווארן אויס־געלאסן, פון דיינע שיינע קליידער האסטו געמאכט בונטע דעקעס און אף זיי געטריבן דיין אויסגעלאסנקייט. מיין צי־רונג, מיינע זאלבן, וואס איך האב דיר געגעבן, האסטו בא־נוצט צו דיין אומטרייבעריי. אפילו מיינע קינדער וואס דו האסט מיר געבוירן האסטו געשאכטן פאר דיינע ליבהאבער. דו האסט פארגעסן דיין יוגנט, דיין ארעמקייט, ווען דו האסט דיך געוואלגערט א פארבלוטיקטע. וויי, וויי דיר, זאגט גאט. אומעטום ביזטו דא מיט דיין אומווירדיקייט, אף אלע וועגן ביסטו פול מיט דיין פארדארבנקייט. איבעראל האסטו גע־טריבן דיין אויסגעלאסנקייט. ווו ביסטו ניט געווען מיט דיין זינד? אין אשור, מצרים, פלשתים, אומעטום האסטו דיך בא־נומען ווי א גאסן־פרוי. דו האסט געצאלט דיינע ליבהאבער, זיי זאלן צו דיר קומען זינדיקן. פונקט פארקערט ווי דאס טוען אנדערע גאסן־פרויען. דערפאר וועל איך דיר אפצאלן, זאגט גאט".

און דער נביא הויבט אָן שילדערן די שרעקלעכסטע שטראָפן, די שווידערלעכסטע לײַדן וואָס דעם פאָלק שטייט פאָר. ער פאַרגלייכט דאָס לאַנד יהודה צו טרוקענע צווייגן און פּאַטעטיש שרייט ער אויס, אין נאָמען פון גאָט:

„זאָלן אַלע מענטשן זען, אַז איך האָב אָנגעצונדן דעם פייער, וואָס וועט זיך שוין מער ניט פאַרלעשן".

דער נביא בלייבט שטיל, זיין געווייגלעכע מעלאַנכאָליע באַפאַלט אים. ער ווערט באַהערשט פון זיין שטענדיקן מיסטישן עקספּרעסיאָניזם. פאַר זיינע אויגן שוועבן די שווידערלעכסטע בילדער, וואָס אין זיין פאַנטאַזיע קענען זיך אויסמאָלן. ער זעט אַ בלאַנקענדיקע שווערד פינקלט פאַר זיינע אויגן. אַ מוראַדיקע שווערד דרייט זיך פאַר זיינע בליקן און קיינער האַלט זי ניט. דאָס איז די שווערד פון גאָט, וואָס וועט שניידן רעכטס און לינקס. עס וועלן פאַלן מענטשן ווי זאַנגען פון דער האַנט פון שניטער. אַ ווונדערלעכע מעטאַמאָרפאָזע זעען זיינע היפּנאָטישפאַרגלאָזטע אויגן. אַ בלוטיקע שלאַכט, דערשלאָגענע פאַלן קרוועסווייז. דער נביא ווערט וואך און מיט אַ פאַרבלוטיקט האַרץ שרייט ער:

„שריי און קלאָג, מענטשנסזון, דאָס איז די שווערד וואָס קומט אויף מיין פאָלק".

און דער שרעקלעכסטער יאָר אין לעבן פון מלכות יהודה דערנענטערט זיך מיט גיגאַנטישע טריט. דער ניינטער יאָר זינט יהויכין איז פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. אין דעם יאָר באַלאַגערט נבוכדנאצר ירושלים. דער נביא זעט, אַז דער ביטערער סוף פון יהודה איז שוין גאָר נאָענט. קיינער קען איר מער ניט העלפן. די קריגערישע פּאַרטיי אין ירושלים דאָמינירט די געזעלשאַפט און דעם מלך. דער נביא האַלט דאָן איינע פון זיינע שרעקלעכסטע נביאות. ער זעט ניט קיין ליכטיקן שטראַל, קיין ברעקל האָפענונג פאַר די זינדיקע ירושלים:

„אַזוי זאָגט גאָט. ווי דיר בלוטיקע שטאָט. איך וועל גרעסער מאַכן דעם פלאָם, מער האָלץ, אָנצינדן דעם פייער, עס זאָל פאַרטיק ווערן דאָס פלייש, עס זאָל זידן דאָס געקעכטס. די קנעכער זאָלן פאַרברענט ווערן. דעם טאָפּ וועל איך אַוועקשטעלן אַ ליידיקן אויף די קוילן, זאָל ער צעהיצט ווערן, דער

דעם זאָל פאַרברענט ווערן. זאָל אויסברענען די גאַנצע שמוץ פון דאָרטן. איך גאָט האָב דאָס גערעדט. איך וועל מיינע רייד ניט צעשטערן, ניט קיין רחמנות און ניט קיין חרטה וועל איך האָבן".

אין אַ טאָג האָט דעם נביא אַ גרויס אומגליק געטראָפן. זיין ליבע פרוי איז אים פּלוצלונג געשטאָרבן. דער נביא ווערט דערשיטערט פון דעם אומגליק. דער שרעקלעכער קלאַפּ האָט פאַרשטיינערט זיין האַרץ. ער קען ניט וויינען, ער קען ניט קלאָגן, קען קיין טרער ניט אַרויסלאָזן, נאָר האַרצנשניידנדיקע קרעכצן און זיפצן ברענגט ער אַרויס.

זיצט דער נביא ווי אַ שטומער באַ דעם טויטן קערפּער פון זיין ליבער פרוי און פאַרטיפט זיך, ווי געוויינלעך אין זיינע מיסטישע רעיונות. ער טראַכט אַף וואָס פריער צו קלאָגן. אַף זיין פּריוואַטן אומגליק אָדער אַף דעם אומגליק פון כלל. ער קומט צום אויספיר, אַז אייגנטלעך האָט ער ניט מער קיין פּריוואַטן לעבן. זיין גאַנץ לעבן האָט ער אָפּגעגעבן דער הויכער נביאישער מיסיע וואָס ער האָט איבערגענומען. אַלץ וואָס ער לעבט איבער אין פּריוואַט איז ניט מער ווי אַ סימבאָל פאַרן לעבן פון דער אומה. אויב אים האָט געטראָפן דער גרויסער אומגליק, איז דאָס ניט מער ווי אַ סימבאָל, אַז אַ גרויסער אומגליק, אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע וועט קומען אַפן פאָלק. און וואָס קען זיין נאָך גרעסער און שרעקלעכער ווי דאָס, וואָס ירושלים וועט פאַלן? די קאַטאַסטראָפע וועט זיין אַזוי מוראדיק, די יסורים פון דער אומה וועלן זיין אַזוי שאַרף, אַז זיי וועלן שטום מאַכן אַלעמען. קיינער וועט ניט קענען אַ טרער אַרויסלאָזן. קיינער וועט ניט קלאָגן און ניט וויינען, נאָר שטום אַנקוקן דעם גרויסן אומגליק.

אַז ער איז געקומען צו דעם געדאַנק, קען שוין מער דער נביא ניט שווייגן. ער שרייט אויס אין זיין טיפער מיסטיק:

„יחזקאל איז פאַר אייך אַ צייכן".

טריט באַ טריט איז געקומען דער סוף אַף דער קאַנוואַלסירנדיקער ירושלים. אַלץ ווערט מקוים ווי דער נביא זאָגט. דער הונגער, די פּעסט, דער ברודערקאַמף שנייט לעבעדיקע שטיקער פלייש פון דעם בלוטיקנדיקן פאָלקס־אָרגאַניזם אין יהודה. און דאָס פאָלק שענקט נאָך אַלץ ניט קיין

פולן צוטרוי די רייד פונעם נביא, וואס הערט ניט אוף מיט זיינע שוואר־צע און טרויעריקע נביאות. דאס פאלק גלויבט נאך אלץ אז דער בית המקדש און דער בארג ציון זיינען אייביקייטן וואס וועלן איבערלעבן די כשדים און די אלע אנדערע שונאים פון יהודה. דאס הארץ ווערט צעשניטן פון ווייטיק, דער קאפ שווינדלט פון צארן, איינגאנצן גיט ער זיך איבער זיין מיסטישער מעלאנכאליע. די אימה, דער שרעק פארן סוף פון ירושלים און חורבן פון דער אומה מאכן אים אופציטערן.

איינמאל, דאס איז געווען אין אן אוונט, פילט דער נביא, ווי דאס הארץ קלאפט אים שטארקער, דער שרעק פארן פאטאלן סוף פון ירוש־לים, זעצט אים דאס גאנצע בלוט אין קאפ. מאדנע פינצטערע געפילן פילן אן זיין גאנצן וועזן. אן אומרואיקייט באהערשט זיין נשמה. א גאנ־צע נאכט בלייבט דער נביא אין דעם שרעק צושטאנד. קוים איבערגע־לעבט די נאכט און דער מארגן האט זיך באוויזן, האט אים א שליח פון יהודה געבראכט די טרויעריקע בשורה, אז ירושלים איז געפאלן. אלץ האט זיך אויסגעלאזט ווי דער נביא האט פארויסגעזען, אלץ איז מקויים געווארן ווי ער האט געזאגט.

פון דעם מאמענט אן ווערט דער נביא אנטשוויגן, ער הערט אוף צו שעלטן און צו שטראפן. צו וואס? פאר וועמען? ניטא שוין מער קיין יידיש לאנד, ניטא שוין מער קיין זעלבסטשטענדיק פאלק. די בעס־טע פון פאלק זיינען געפאלן אין דער ניט גויטיקער מלחמה, א טייל אוועק אין גלות, זיי דארף מען שוין ניט שטראפן און ניט מוסר'ן, מען דארף זיי טרייסטן און מוטיקן, מען דארף זיי לייכטער מאכן דעם פיינפולן גלות וועג דורכצוקרייכן. מען מוז זיי שטארקן, זיי זאלן איבערלעבן דעם גרויסן פאלקס־אומגליק. אן אנטוישט פאלק מוז מען אריינגעבן אמונה, בטחון, מער פארבינדן זיין מיט גאט, ווארים די נאציאנאלע קאטאסטרא־פע האט אונטערגעגראבן דעם יסוד פון דער אמונה און די פונדאמענטן פון פאלקס־לעבן, און דער נביא נעמט זיך איצט צו זיין נייער אופגא־בע. דער נביא יחזקאל פאנגט אן זיין צווייטן פעריאד — די נאציאנאל־דערציערישע אידעאלן אין לעבן פון פאלק צו פארווירקלעכן און אופ־האלטן אין זיי דעם רעליגיעז־נאציאנאלן פייער.

צוויי שטארקע מאמענטן קענען פארצייכנט ווערן אין לעבן פון נביא

יחזקאל, דער מיסטיש־מעטאַמאָרפאָזישער מאָמענט אין פאַרבינדונג מיט זיין איבערלעבונג באַם טייך כבר, ווען ער איז געוואָרן צוגעגרייט צו דער נבואה און גייסטיק־פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, ווען ער האָט דערהערט פון שליח, אַז ירושלים איז געפאַלן. דער דאָזיקער מאָמענט האָט אַרויסגערופן אין אים אַ פּסיכאָלאָגישן איבערברוך אין זיין גאַנצן געדאַנקענגאַנג. ער האָט מיט אַ טיפן געזעלשאַפטלעכן חוש און אַ הויכן גייסטיקן געפיל פאַרשטאַנען אויפצוכאַפּן די פּסיכיק פון פאָלק אין ריכטיקן מאָמענט, ווען עס האָט געדראָט די געפאַר, אַז דאָס פאָלק זאָל פאַרלירן זיין גייסטיק־נאַציאָנאַלן גלייכגעוויכט.

די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה און דער גלות האָבן פאַרורזאַכט אַ שטאַרקע אופטרייסלונג אינעם גייסטיקן צושטאַנד פון די פאַרטריבענע יידן. עס האָט אַ וואַקל געטאָן די פאָלקס־אמונה, זיי האָבן פאַרלאָרן דעם רעספּעקט צום בית המקדש, דער איינציקער אויפהאַלט אין זייער רעליגיעזן דענקען. דער טעמפּל איז דאָך געווען באַ יענע יידן דער עיקר  אין זייער רעליגיעזן אויסלעבן זיך. גלייכצייטיק דערמיט איז אַף אַ סך אָפּגעשוואַכט געוואָרן בכלל די אמונה אין גאָט פון ישראל. אינעם אומגליק האָבן זיי דערזען, אַז ניט גאָט פון ישראל פירט אָן מיט דעם גאַנג פון דער וועלט און ער איז גאָרניט קיין גאָט פון גערעכטיקייט, ווי די נביאים האָבן דאָס באַהויפּטעט. גאָט פון בבל איז דער מעכטיקסטער גאָט, וועמענס הערשאַפט עס שפּרייט זיך אויס איבער דער גאַנצער וועלט.  קעגן גאָט פון בבל איז גאָט פון ישראל זייער שוואַך. אַ דאַנק דעם, וואָס די נביאים האָבן זיי געלערנט צו גלויבן אין גאָט פון ישראל און זיך פאַרלאָזן אַף זיין גערעכטיקייט האָבן זיי פאַרלאָרן זייער מלוכה, זייער פרייהייט, זייער זעלבסטשטענדיקייט און אפילו גאָט אַליין האָבן זיי אויך פאַרלאָרן. די בעסטע קינדער זייערע זיינען געפאַלן אין מלחמה קעגן בבל, און זיי אַליין, דערנידעריקטע, פאַרצווייפלטע, אומעכטיקע און דערשלאָגענע לעבן אין גלות.

אויסערדעם האָט אַף די גולים געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק די אויסערלעכקייט פון בבל. זיי האָבן געזען פאַר זיך אַ שטאָט מיט גרויסע מויערן און פּאַלאַצן, רייך, שיין, מעכטיק און אָנלאָקנדיק. ביז איצט האָבן זיי געגלויבט, אַז ירושלים איז די שענסטע און פּרעכטיקסטע

שטאט אין דער וועלט. ערשט זעען זיי, אז קעגן בבל איז ירושלים א דארף. היינט דער טעמפל בל, דער הויפט טעמפל פון בבל׳ס גאט, ווי קומט צו אים דער פארברענטער טעמפל פון ירושלים. און דאס גאנצע יידישע פאלק, וואס פאר א ווערט קען עס האבן קעגן דעם פאלק פון די כשדים. צי איז איצט בבלל ניט געקומען דער מאמענט אונטערצוציען א סך הכל און מאכן א שטריך אונטער די עקזיסטענץ פון א יידיש פאלק. צי איז ניט דער פאסיקסטער מאמענט זיך אסימילירן מיט די כשדים און איבער־גענעמען די קולטור פון בבל און אוים מיט די ליידן פון יידיש פאלק.

עס האט זיך געפאדערט א טיפע נאציאנאלע באוווסטזיניקייט, א שטארקער גלויבן, א פעסטער כאראקטער אף צו קענען זיך קעגנשטעלן דעם שטארקן שטראם און ניט לאזן זיך פארשלעפן פון אים. עס האט זיך געפאדערט אויסערגעוויינלעכער מוט און איבערמענטשלעכע גבורה צו בלייבן געטריי, אין דעם געפערלעכן מאמענט, צו גאט און צום פאלק. און דער אסימילאציע שטראם האט שוין געהאט פארשלעפט א סך, פון די נידעריק געפאלענע פאמיליעס צווישן די פארטריבענע. אמת, פאר־שלעפט געווארן איז דער אפפאל, דער געזונטער עלעמענט האט זיך נאך געהאלטן אבער מען האט אים באדארפט אונטערגעבן מוט, ער זאל זיך האלטן ווייטער.

צווישן די מער שטארקערע עלעמענטן פון פאלק איז אומגעגאנגען א ווערטל:

„פארטריקנט זיינען אונדזערע ביינער, אונדזער האפענונג איז פאר־לארן, מיר זיינען ווי פארשניטן".

און נאך אן אומשטאנד האט זייער שלעכט געווירקט אף דער פסי־כאלאגיע פון די גולים, באזונדערס אף די מער באוווסטזיניקע. דער לאסט פון זייער זינד און די זינד פון זייערע עלטערן. זיי האבן פולשטענדיק אנערקענט, אז זיי זיינען טאקע געווען רעליגיעז און זיטלעך זינדיק און דאס איז געווען די סיבה פון דעם פאלקס־אומגליק. אבער דער לאסט איז דאך פון זיי ניט אראפגענומען געווארן. ווי קענען זיי פאריכטן דאס וואס דורות האבן שלעכטס געמאכט? דאס איז דאך אן אייביקער פאטאליזם. דאס וועט דאך אייביק ליגן אף זיי ווי א שווערער לאסט, טא צו וואס האפן, צו וואס שטרעבן? קיינמאל וועלן זיי שוין ניט האבן זייער נא־

ציאָנאַלן לעבן וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי האָבן געהאַלטן אין איין טענה'ן:

„אונדזערע פאַרברעכנס און זינד ליגט אויף אונדז, אונטער זייער לאַסט וועלן מיר אומקומען, ווי אַזוי קענען מיר לעבן?״.

די דאָזיקע אומשטענדן האָבן אַריינגעבראַכט אַ פאַרצווייפלונג און יאוש אין לעבן פון די געפאַנגענע יידן און יאוש ווירקט אַמאָל נאָך ערגער ווי אסימילאַציע. יאוש צעברעכט די פאָלקס־כוחות און שוואַכט אָפּ זייערע גייסטיקע געפילן. מען האָט באַדאַרפט האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן מאַן, וואָס זאָל באַזיצן אַ שטאַרקן אויטאָריטעט, אופצומונטערן די פאַר־צווייפלטע, אַרויסרייסן דעם יאוש פון זייערע הערצער, אַריינגעבן מוט די צעבראָכענע, שטאַרקן די געפאַלענע, גייסטיק זיי איבערדערציען און אַ־ריינברענגען נאַציאָנאַלע געפילן אין זייערע נשמות, מען האָט באַדאַרפט ווידער אָנצינדן די אויסגעלאָשענע נאַציאָנאַלע פונקן און צוגרייטן אַ נייעם דור, וואָס זאָל זיין בכוח אַרויסצוברענגען דעם נאַציאָנאַלן פייער און אופלעבן די אומה, אַזאַ מאַן איז געווען דער נביא יחזקאל.

באַגלייך מיט ירמיהו, האָט אויך יחזקאל געזען אין חורבן פון מל־כות יהודה, ניט קיין פאַרניכטונג נאָר אַן איבערגעבורט, אַן איבערשאַצונג פון די פאָלקסווערטן. דער גלות איז געווען פאַר אים אַ רייניקונגס־אָנש־טאַלט, וואָס וועט רייניקן די אומה, צוגרייטן זי צו לעבן אויף נייע, געזונ־טערע יסודות ווי ביז איצט. די פאַרניכטונג פון בית המקדש, וואָס איז ביז איצט געווען דער עיקר אינעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן לעבן פון פאָלק, איז געוואָרן פאַרן נביא דער ריכטיקער באַווייז, אַז דער אָנשפּאַר אויף אים איז געווען פאַלש. מען מוז די אומה איבערדערציען, געבן אַן אַנדער ריכטונג דעם פאָלקס־גייסט. גאָט פון ישראל מוז שטיין העכער באַם פאָלק ווי ער איז געשטאַנען ביז איצט. אויב ביז איצט איז ער געווען אין די ענגע פיר איילן פון טעמפּל, דאַרף ער זיך איצט געפינען אויף זיין פּלאַץ און זיין פּלאַץ איז די גאַנצע וועלט. אויב גאָט פון ישראל האָט ביז איצט אָנגעפירט מיט דעם געשיכטלעכן לעבן פון יהודה דאַרף ער איצט אָנ־פירן מיטן לעבן פון דער גאַנצער וועלט. גאָט קען זיך געפינען ניט נאָר אין גרויסן טעמפּל פון ירושלים נאָר אין פיל קלענערע טעמפּלען אין גלות אויך.

פאַרן נביא איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, אַף וועלכן דאָס פאָלק דאַרף גיין און אַף דעם וועג דאַרף מען פירן די אומגליקלעכע פאַרטריבענע. מען דאַרף קודם דערהויבן גאָטס נאָמען אַלס גאָט פון דער גאַנצער וועלט.

ווי אַזוי קען מען אופהויבן גאָטס נאָמען, ווען די פעלקער גלויבן, אַז גאָט פון ישראל איז שוואַך, ער האָט ניט געקענט באַשיצן זיין פאָלק. קלאָר, אַז מיט דער אופלעבונג פון פאָלק ישראל ווערט דערהויבן דער נאָמען פון גאָט און ער לאָזט זיך מיט זיין גאַנצן נביאישן כוח אַרבעטן אין דער ריכטונג. אויב די איבערלעבונג זיינע באָם טייך כבר האָט אים געשטויסן גיין און שטראָפן דאָס פאָלק, אָנזאָגן זיי חורבן און אומקום, גלות און פארניכטונג, האָט אים די לעצטע איבערלעבונג געשטויסן אין אַ פולשטענדיק קעגנגעזעצטער ריכטונג. טרייסטן, דערמוטיקן און שטאַרקן דאָס פאָלק. דערהויבן זייער נאַציאָנאַלן געפיל, אַרויסרייסן דעם יאוש וואָס באַהערשט די אַפּגעריסענע פון זייער באָדן און פאַרטריבענע פון זייער לאַנד. ער מוז זיי צוזאַמענעמען, פאַרייניקן און צוגרייטן צום נאַציאָנאַלן אופלעב, אין וועלכן ער צווייפלט ניט איין מאָמענט. ער מוז זיי אַוועקשטעלן אַף אַ הויכער מדרגה פון רעליגיעזער עטישקייט. דער נביא פילט, אַז ערשט איצט וועט ער אויספירן זיין אופגאַבע אַלס נביא באַ יידן. פריער, די ערשטע זעקס יאָר פון זיין ווירקונג האָט ער בלויז געבראָכן די אַלטע פונדאַמענטן און איצט קומט די צייט אופצושטעלן נייע פונדאַמענטן, נייע השגות און נייע באַגריפן אריינברענגען אין די גולים.

יאָ, אַזוי דאַרף מען טאָן, אָבער ווו נעמט מען מאַטעריאַל אופצושטעלן די נייע פונדאַמענטן? ווי טרעט מען צו צו אַזאַ אחריות׳פולע אַרבעט? צי דען וועט פון די גייסטיק און פיזיש צעבראָכענע, פון די באַשפּיגענע און דערנידעריקטע, אנטוישטע און פאַרצווייפלטע, אַרויסקומען דער עלעמענט, וואָס איז מסוגל צו ווערן דער רוקנביין פון נאַציאָנאַלן אופלעב? זיי גייען דאָך אַרום ווי שאָטנס, אָן האָפענונג, אָן אמונה, אָן בטחון און אָן לעבן. זיי טענה׳ן דאָך:

„אונדזערע ביינער זיינען אויסגעטריקנט, אונדזער האָפענונג פאַרלאָרן".

און דער שטאַרקער, ענערגישפולער מאַן ווערט אױף אַ מאָמענט פאַר צווייפלט. צי וועט ער איבערהויפט זיין אומשטאַנד אויסצופירן די הויכע מיסיע וואָס ער האָט איבערגענומען.

אין אַזאַ מאָמענט פאַלט ווידער אַריין דער נביא אין זיין מיסטישע מעלאַנכאָליע. ער ווערט ווידער באַהערשט פון אַן אומבאַקאַנטן כוח וואָס טראָגט אים אַוועק ווייט ערגעץ אין די הויכענישן. זיין פאַנטאַזיע הויבט אָן צו אַרבעטן, זיינע בליקן קוקן ערגעץ פאַרגלאָצט אין די ווייטע האָ־ריזאָנטן. היפּנאָטיש בלייבט ער שטיין און דערזעט זיך אין טאָל שנאָר און דאָרטן זעט ער איינע פון וווּנדערלעכסטע בילדער, וואָס צו אים איז אין גאַנץ תנ״ך ליטעראַטור קיין גלייכן ניטאָ.

ער זעט, דער גאַנצער טאָל איז פול מיט טרוקענע ביינער פון מענטשן, שאַרבנס פון קעפּ זיינען פאַרשפּרייט איבער גאַנצן טאָל. די ביינער און די שאַרבנס זיינען אַזש ווייס פון טרוקנקייט און פון היץ, זיי וואַלגערן זיך אין אַלע ווינקעלעך, קוקנדיק אױף די טרוקענע ביינער, הערט ער ווי אַ שטים זאָגט צו אים:

„מענטשנזון, קענען אופלעבן אָט די ביינער?״

און דער נביא קוקט אַ פאַרצווייפלטער, ער ווייסט ניט וואָס צו ענט־פערן. ער איז ניט זיכער אויב אַזעלכע טרוקענע ביינער קענען אופלעבן, אין זיין ניט זיכערקייט ענטפערט ער:

„גאָט, דו אַליין ווייסט דאָס״.

און די זעלביקע שטים וואָס ער האָט פריער געהערט זאָגט ווייטער צו אים:

„זאָג נביאות איבער די דאָזיקע ביינער און זאָלסט זאָגן: טרוקענע ביינער, הערט אויס דאָס וואָרט פון גאָט. אַזוי זאָגט גאָט צו די טרוקענע ביינער. איך וועל אין אייך אַריינברענגען אַ לעבנס־אָטעם און איר וועט לעבעדיק ווערן, און איך וועל אייך געבן אָדערן, איך וועל אױף אייך אַ־רופברענגען פלייש, און אַרופציען אױף אייך אַ הויט, און איך וועל אַריינ־ברענגען אין אייך אַ גייסט, איר זאָלט לעבן און איר וועט וויסן, אַז איך בין גאָט״.

דער נביא שטייט אין עקזאַלטירטער אין זיין מעטאַפיזישער וועלט, ער קען ניט קומען צו זיך פון דער ווונדערלעכער פאַרשטעלונג, וואָס זיין פאַנ־

טאָזיע זעט, הערט ער ווי אַ שטורעם טראָגט זיך דורך פאַר אים, ער הערט אַ געקלאַפּעריי פון די טרוקענע ביינער. די ביינער דערנעענטערן זיך איי־נער צום אַנדערן, ער זעט ווי זיי פאַרבינדן זיך מיט אָדערן, פלייש באַ־דעקט זיך איבער זיי, עס פאַרציט זיך אַ הויט, אַ גייסט מאַכט זיי לע־בעדיק און אַף די פיס שטעלט זיך אַ גאַנצע מחנה מענטשן.

ערשט איצט קומט דער נביא צו זיך, ער הויבט שוין אָן צו באַגרייפן, וואָס דאָס באַדייט. אַ שטימע קלינגט אים אין די אויערן:

„מענטשנסזון, די דאָזיקע ביינער זיינען דאָס גאַנצע הויז פון יש־ראל. זיי זאָגן, אַז אויסגעטריקנט זיינען געוואָרן אונדזערע ביינער, פאַר־לאָרן אונדזער האָפענונג, פאַרשניטן זיינען מיר געוואָרן".

יאָ, דער נביא זעט שוין איצט קלאָר, וואָס דאָס מיינט. די פּאַרטריי־בענע מיינען, אַז דער לעבן זייערער איז איבערגעשניטן געוואָרן, דאָס פאָלק ישראל איז שוין טויט, דער גלות איז זייער קבר. ניין, עס איז ניט אַזוי. גאָט איז פול מיט רחמים, און דער נביא הויבט אָן מיט אַ טאָן פול מיט וואָרעמקייט און ליבשאַפט צו יידן:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט, דער אַלמעכטיקער האַר. איך וועל איי־ערע קברים עפענען, איך וועל אייך אַרויסנעמען פון אייערע קברים, איר זייט מיין פאָלק, איך וועל אייך ברענגען צום באָדן פון ישראל און איר וועט וויסן, אַז איך בין גאָט".

און אויב אַרויסגיין פון די קברים און ווערן לעבעדיק, דאַרף דאָס לעבן זיין אַ קאַמפּלעטער אין אַלע הינזיכטן. אויב די אומה וועט אויסגע־לייזט ווערן פון גלות און ווידער אופלעבן דאַרף די אויסלייזונג זיין אַ פולשטענדיקע, אַ גייסטיקע און פיזישע. דער ייד זאָל אין דער צוקונפט זיין פולשטענדיק אַ נייער, מיט אַ ניי האַרץ און מיט אַ נייעם גייסט. אַנהאַלטנדיק זיין וווּנדערלעכן טאָן, רעדט דער נביא פון ליבשאַפט, אין נאָמען פון גאָט:

„איך וועל שפּריצן אַף אייך ריינע וואַסער און איר וועט ריין ווערן פון אַלע זינד. איך וועל אַריינגעבן אין אייך אַ ניי האַרץ און אַ נייער גייסט, איך וועל זיין פאַר אייך אַ גאָט און איר וועט זיין צו מיר אַ פאָלק".

דער נביא פאַרגעסט ניט זיין שטאַנדפּונקט, צוליב וואָס די גאולה וועט

קומען. נ׳ט צוליב די פארדינסטן פון פאלק נאר צוליב די גרויסקייט פון גאטס נאמען. ער באטאנט אין זיין טרייסט נאכאמאל:

„ניט צוליב אייך טו איך דאס, זאגט גאט דער האר, זאל דאס אייך זיין באוווסט, שעמט אייך פאר אייערע וועגן, הויז פון ישראל״.

נאך א פראבלעם האט דעם נביא באאומרואיקט און ער רעדט וועגן דעם פראבלעם, אף זיין שטיינער, שטרענג, בייז און ענערגיש. אין צו־זאמענהאנג מיט זיין נייער אופגאבע צו טרייסטן דאס פאלק, שטארקן זייער געמיט און צוגרייטן זיי צו א נייעם לעבן, ווייל דער נביא וויל איינ־פלאנצן אין זייערע הערצער א טיפן גלויבן אין דעם כוח פון דער אומה. ער וויל זיי דערציען צום נאציאנאלן באוווסטזיין און דאס קען מען דער־גרייכן נאר ווען זיי וועלן פירן א פולשטענדיק יידישן לעבן.

א סך פון פארטריבענע פון מלכות ישראל, וואס האבן געלעבט אין בבל, בעפאר די פארטריבענע פון יהודה זיינען געקומען, זיינען גאנץ אדער האלב אסימילירט געווארן מיט די כשדים. אזעלכע האלט דער נביא פאר שוואכלינגע, פאר פחדנים, וואס ווילן אנטלויפן פון יידישקייט. אף די ברענט ער מיט כעס, ער האט מורא, אז זייער ביישפיל קען ווירקן אף די פארטריבענע פון יהודה. צווישן זיי זיינען אויך געווען אזעלכע וואס זיינען ארומגעגאנגען מיטן געדאנק, זיך אויסצומישן מיט דער בבל־שער באפעלקערונג. צו יענע זאגט ער מיט צארן:

„דאס וואס איר האט אין זינען וועט קיינמאל ניט געשען. דאס וואס איר זאגט לאמיר גיין גלייך מיט אלע פעלקער, ווי די פאמיליעס פון לאנד, דינען צום האלץ און צום שטיין, ווי איך לעב, זאגט גאט דער האר. מיט א שטארקער האנט, מיט אן אויסגעשטרעקטן ארעם, מיט אן אויסגעגאסענעם כעס וועל איך איבער אייך קעניגן״.

דער נביא שטרעבט, אז די דערלייזונג וואס וועט קומען פארן יידישן פאלק, זאל אין אלע הינזיכטן זיין אן אמת׳ע גאולה שלימה. די גאולה דארף אריינברענגען געליטערטקייט, מאראלע ריינקייט, גייסטיקע דער־הויבונג אין אלע ווינקלען פון יידישן לעבן. די יידישקייט זאל זיין א גאנ־צע און א באוווסטזיניקע. פון יידישקייט זאל קיינער ניט אנטלויפן, ווייל

דער יידישער גורל געפינט דעם יידן אומעטום, ווו ער זאָל זיך ניט אויס־באַהאַלטן.

ריאַט, ער ליבט אויסעראָרדנטלעך זיין פאָלק און וויל אים זען אַ גרויס און שטאַרק פאָלק. ער קען אַנדערש זיך ניט פאָרשטעלן די גאולה ווי נאָר, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אויסגעלייזט ווערן און דאָס פאָלק זאָל זיין געאייניקט ניט מער צעטיילט אין צוויי מלוכות.

דער נביא וויל, אַז ווען גאָט וועט אומקערן די יידן צוריק צו זייער לאַנד, וועט ער אומקערן ניט נאָר יהודה, נאָר די שוין פון לאַנג פאַרטריבענע יידן פון מלכות ישראל אויך. ביידע מלוכות וועלן ווערן איין פאָלק, זיי וועלן מער ניט זיין צעטיילט. גאָט וועט שליסן אַ בונט פון שלום, אַן אייביקן בונט מיט דעם פאַרייניקטן פאָלק. און ער וועט דאָס טאָן, ווייל ער וויל זיין נאָמען זאָל זיין געהייליקט צווישן די פעלקער.

ווי שטענדיק, ווען יחזקאל הנביא וויל, אַז זיינע רייד זאָלן האָבן אַ גרע־סערע ווירקונג, דראַמאַטיזירט ער זיין נבואה. ער ווייזט דעם פאָלק, ווי די פאַראייניקונג וועט פאָרקומען. ער זאָגט אַזוי:

„און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר אַזוי צו זאָגן: און דו, מענטשנסזון, נעם אַ שטעקן און שרייב אָן אויף אים: יהודה. און נעם אַ צווייטן שטעקן און שרייב אויף אים: יוסף. און לייג צו איין שטעקן צום אַנדערן און פון ביידע שטעקנס זאָל ווערן איינס. און אַז די קינדער פון פאָלק וועלן זאָגן צו דיר, ווילסט אונדז ניט זאָגן וואָס דאָס מיינט? זאָג זיי, אַזוי האָט גאָט געזאָגט. איך נעם דעם שטעקן פון יוסף און וועל אים צולייגן צום שטעקן פון יהודה און זיי וועלן ווערן איינס.”

„אַזוי האָט גאָט דער האַר געזאָגט: איך נעם צונויף אַלע קינ־דער פון ישראל פון צווישן די פעלקער, וואָס זיי זיינען אַהין אַוועק, און איך וועל איינזאַמלען פון אומעטום, און איך וועל זיי ברענגען אויף זייערע ערד, און איך וועל זיי מאַכן פאַר איין פאָלק אין מיין לאַנד, אויף די בערג פון ישראל, און איין מלך וועט איבער זיי הערשן און זיי וועלן מער ניט זיין צע־טיילט אין צוויי מלוכות, און איין פאַסטוך וועט זיין איבער זיי אַלעמען”.

אינטערעסאַנט איז אויך דער משיח אידעאַל פון נביא יחזקאל. כמעט אַלע נביאים ריידן פון א יידישער צוקונפט אין די ראַזעדיקסטע פאַרבן. דעם גליקלעכן עתיד פון יידישע פאָלק זעען זיי אין פאַרבינדונג מיט דעם משיח־אידעאַל. די גרויסע נביאים האָבן זיך פאַרגעשטעלט די יידישע צוקונפט אַז א משיח און זיי מאָלן דעם מלך המשיח אף א ברייטן אוני־ווערסאַלן לייוונט. דער מלך וואָס וועט אין דער גליקלעכער צוקונפט הערשן איבערן יידישן פאָלק, וועט שטיין אף דער העכסטער מדרגה פון מענטשלעכער עטיק. ער וועט הערשן מיט יושר, גערעכטיקייט, אמת און שלום. און די דאָזיקע הערשאַפט וועט ער אויסשפרייטן ניט נאָר אף יידן נאָר אף אַלע פעלקער פון דער וועלט. דאָס יידישע פאָלק וועט זיין דער מוסטער פון עטישער און גייסטיקער פארפולקאָמונג. לויט דעם נביא ישעיהו וועט דער מלך המשיח אפילו ענדערן די וועלט־נאַטור (א וואָלף מיט א לייב וועלן לעבן בשלום, א קינד וועט זיך שפילן באַ דעם לאָך פון א גיפטיקער שלאַנג, א. א. וו.

דער נביא יחזקאל האָט אויך געהאַט א משיחישע פאַרשטעלונג איי־בער דער צוקונפט פון יידישן פאָלק. ער האָט אָבער דעם משיח אידעאַל באַטראַכט ניט מיט אַזאַ ברייטן אוניווערסאַלן פאַרנעם ווי די נביאים, זיינע פאַרגענגער. זיין משיח האָט ער באַשרענקט און אים איינגעפאַסט אין ענגע נאַציאָנאַלע ראַמען, ניט מער ווי פאַרן יידישן פאָלק אַליין. די הערשאַפט פון משיח'ן אין דער צוקונפטיקער מלוכה באַשרענקט ער שטאַרק.

דער נביא יחזקאל פאַרבינדט משיח'ן, דער הערשער איבערן פאָלק מיט דעם פּראָבלעם פון מלכים און הערשער בכלל. יחזקאל איז דער גרויסער מיסטיקער, דער גרויסער מאמין און גאָטספאַרכטיקער מאַן. ער איז זיכער, אַז גאָט איז דער הערשער איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער גאָט אַליין איז דאָך פאַרבאָרגן, ער ווירקט און באַוועגט דעם גאַנג פון דער וועלט געשיכטע נאָך זיין ווילן אָבער פאַרבאָרגענערהייט. מלכים, הערשער, פעלקער און לענדער פירן אוים זיין שליחות. און די וואָס פירן אוים זיין שליחות אנערקענען ניט דעם כוח פון דעם וואָס שיקט זיי. זיי טוען אַז אַלערליי צרות און נגישות דעם יידישן פאָלק און גלויבן, אַז זיי, מיט זייער אייגענעם ווילן טוען דאָס.

אויב עס איז זיכער, אַז יידיש פאָלק וועט אויסגעלייזט ווערן פון די הענט פון זייערע פייניקער, איז דער נביא זיכער, אַז די דאָזיקע אויס־לייזונג, מוז קומען נאָר דורך גאָט אַליין, אָן שלוחים, ער אַליין וועט זיי אויסלייזן און ער אַליין וועט איבער זיי הערשן, ער וועט שוין מער קיי־נעם ניט אָנפאַרטרויען די הערשאַפט איבער זיין פאָלק.

אין אַ וווּנדערבאַרער שיינער אַלעגאָריע שילדערט דער נביא די פאַרברעכערישע הערשאַפט פון די מלכים איבערן פאָלק. גאָט האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

„מענטשנסזון, זאָג נביאות אף די פאַסטוכער פון ישראל. זאָג צו די פאַסטוכער: ווי אייך איר ישראל פאַסטוכער. זיי האָבן זיך אַליין געפיטערט. האָבן זיי דען ניט באַדאַרפט זייער שאָף פיטערן? די בעסטע האָבן זיי אופגעגעסן, די וואָל האָבן זיי זיך געקליידעט, די פעטע האָבן זיי געשאָכטן. און די שאָף פי־טערט איר ניט. די שוואַכע האָט איר ניט געקרעפטיקט. די קראַנקע האָט איר ניט געהיילט, די צעבראָכענע ניט איבער־געבונדן, די פאַרבלאָנדזשעטע האָט איר ניט צוריקגעבראַכט, די פאַרלאָרענע האָט איר ניט געזוכט. זיי האָבן זיך צעשפּרייט אָן אַ פאַסטוך און זיי זיינען געוואָרן שפּייז פאַר אַלע פעלד־חיות. זיי האָבן געבלאָנדזשעט איבער אַלע בערג און הויכע־נישן, אומעטום האָבן זיי זיך צעשפּרייט און קיינער האָט זיי ניט געפאָרשט".

און דער נביא פאַרענדיקט:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט. אָט בין איך, איך וועל פאָדערן מיי־נע שאָף און פאָרשן נאָך זיי. איך וועל זיי אַרויסראַטעווען פון אַלע ערטער ווו זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן, איך וועל זיי אַרויספירן פון די פעלקער, איך וועל זיי ברענגען צו זייער לאַנד. איך אַליין וועל זיי פיטערן, איך אַליין וועל זיי מאַכן ליגן, אַזוי רעדט גאָט".

אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז גאָט אַליין וועט דאָס פאָלק ישראל אויסלייזן פון גלות, קען שוין דער נביא ניט האָבן אַזאַ ברייטע און אוניווערסאַלע פאַרשטעלונג פון משיח'ן ווי די פריערדיקע

נביאים. טאקע משיח וועט זיין איינער פון דוד'ס שטאם, אבער באש־דענקט אין זיין הערשאפט, ער וועט נאר זיין א פאסטוך, און דער נביא פירט אויס:

„איך וועל אופשטעלן איבער זיי א פאסטוך, מיין קנעכט דוד,
ער וועט איבער זיי זיין א פאסטוך און איך וועל זיין איבער
זיי א גאט. מיין קנעכט דוד וועט נאר זיין א פירשט צווישן זיי".

דער נביא, אין זיין שטארקער איבערגעגעבנקייט און טרייקייט צו גאט, קען אנדערש ניט פארשטיין, ער קען ניט אנערקענען אלס הערשער איבערן ייד. פאלק קיין צווייטן ווי נאר גאט אליין, מעג דער אנדערער זיין אפילו משיח, אבער ער וועט זיין אונטער דער הערשאפט פון גאט, וואס וועט האבן צוזאגן איבער זיין פאלק.

גרויס איז געווען דער נביא יחזקאל אין דער ראל פון א פאלקס־לערער און רעליגיעזער וועגווייזער. אין דער ראל איז ער געווען דער גרעסטער און דער איינציקער צווישן די נביאים. א וואונדערבאר שיינע און טיפע פילאזאפישע אויפפאסונג ברענגט ער ארויס אף דעם געביט פון באַ־לוינונג און באשטראפונג אינעם רעליגיעזן לעבן פון יידישן פאלק. אין דעם איז ער דער ערשטער וואס האט אריינגעבראכט די רעליגיעזע השגה אין פאלקסלעבן.

אויב דעם נביא איז געלונגען צו דערמוטיקן די געמיטער פון די נידערגעשלאגענע גולים, אויב אים האט זיך איינגעגעבן ארויסרייסן די פארצווייפלונג פון זייערע הערצער, איינפלאנצן אין זיי האפענונג און בטחון, אנצינדן אין זיי דעם פארגליווערטן פונק פון נאציאנאלע דערוואַ־כונג, פילט דער נביא, אז דאס איז נאך ניט אלץ. מען מוז דאס פאלק לערנען און דערציען, מען מוז אריינגעבן אין זייער פארגליווערטן ארט דענקען נייע באגריפן, מען מוז געבן זייערע געדאנקען א נייע ריכטונג. דער נביא פילט, אז די דאזיקע אופגאבע וועט ער קענען דורכפירן, אויב ער וועט מאכן א פולשטענדיקע רעוואלוציע אין זייער געדאנקענגאנג. ער האט זיך איבערצייגט, אז נאך א גרעסערע סכנה ווי פארצווייפלונג דראט דעם יידישן פאלק, אויב עס וועט לענגער אנהאלטן בא זיי די פאלשע אופאסונג אין רעליגיעזן דענקען, אז מען מוז זיך אונטערווארפן דעם פאטאליזם און ניט זוכן קיין נייע השגה'ס אין רעליגיעזן דענקען.

**ער איז נעמלעך געקומען צו דעם געדאנק, איינזעענדיק, אז די פאר־טריבענע פארשטייען ניט גאט׳ס וועגן און זיין וועלטפירונג.**

אט דא ניט לאנג דאכט זיך, האבן זיי געלאכט און געחוזקט פון אלע דראאונגען און ווארענונגען, וואס די נביאים האבן זיי געבראכט אין נא־מען פון גאט. זיי האבן ניט געגלויבט, אז גאט איז בכוח זיי צו בא־שטראפן פאר זייערע זינד. ניט לאנג נאך ווי זיי האבן דעם נביא ירמיהו אריינגעווארפן אין א זומפיקן גרוב פאר זיינע שטראף־נביאות. ערשט ניט לאנג ווי זיי האבן אים אליין אויסגעלאכט פאר זיינע ווארענונגען. זיי האבן פשוט ניט געגלויבט אין גאט פון ישראל און ניט געהאלטן פון זיין מאכט. מער ווי אומגליק האט זיי גאט פון ישראל ניט געבראכט. איצט אבער, אז אלץ וואס די נביאים האבן געזאגט ווערט מקויים, זיינען זיי אינגאנצן געווארן געפאלן בא זיך. זיי זיינען געוועזן בא זיך זיכער, „אז אין זייערע זינד וועלן זיי אויסגיין״. די שווערע פארברעכנס וואס דאס פאלק און זיינע מלכים האבן אפגעטאן, ליגט ווי א שווערער לאסט אף זיי אלעמען און דאס וועט זיי אינגאנצן אומברענגען. זיי האבן געגלויבט, אז גאט וועט אויסגיסן זיין כעס אין דער פולסטער מאס אף זיי אלעמען און וועט זיי פארפאלגן ביז צו דער לעצטער מדרגה פון אונטערגאנג פאר די זינד פון כלל.

אט האבן דאך די נביאים אליין אין זייערע רייד אנגעזאגט דעם גאנצן פאלק, אז אויסנאם, גלות, שווערד, ליידן און פיין. ניטא קיין אונ־טערשייד צווישן איינעם און דעם אנדערן. אלע זיינען זיי זינדיק, אלע צוזאמען מוזן ליידן. דער גאנצער כלל טראגט די אחריות פאר די זינד קעגן גאט. ניט אומזיסט גייט אום צווישן זיי א פאלקסווארט „די טאטעס האבן געגעסן אומצייטיקע פרוכט און די ציינער פון די קינדער איז גע־ווארן אייליק״.

אינעם פאלק האט זיך איינגעבירגערט דער באגריף, אז עס איז ניטא קיין אונטערשייד צווישן זינד און ניט זינד. אויב די זינד איז פאראל־געמיינערט, איז די שטראף אויך אז אלגעמיינע. עס האט נאך געלעבט, און מיט שטארקע ווארצלען זיך געהאלטן דער פאטריארכאלער ארט דענ־קען וועגן קאלעקטיוו — דער גאנצער קאלעקטיוו איז איין איינס.

קעגן דעם נשמה־פארצערנדיקן באגריף, קעגן דעם יאוש און פאלשן מיסטישן שרעק, וואס די גולים זיינען פון אים באהערשט געווארן, טרעט ארויס דער נביא מיט דער גאנצער קראפט פון זיין טעמפעראמענט, מיט א וואונדערלעך טיפן געדאנק פון א געוואגטן אויטאריטעט, רייסט ער איי־בער די שטריק, וואס האט געהאלטן געבונדן דעם גורל פון פרט צום כלל. צום ערשטן מאל באגרינדעט ער דעם פרינציפ פון אינדיווידואליזם אין דער רעליגיע. א פרינציפ, וואס איז ביז אים געווען פרעמד דער דע־מאלטדיקער וועלט און דעם רעליגיעזן באנעם פון פאלק ישראל.

כל זמן די מלוכה איז געווען א גאנצע און דער נאציאנאלער לעבן פון דער אומה איז געווען גאנץ, איז די זינד און די שטראף אויך געווען פאר דער גאנצער אומה, איצט אבער, אז די מלוכה איז חרוב, דער נא־ציאנאלער לעבן איז צעריסן, עס זיינען צעשאטן געווארן די גלידער פון פאלקס־ארגאניזם, איז יעדער גליד פאראנטווארטלעך פאר זיינע מעשים און יחזקאל פראקלאמירט פייערלעך דעם נייעם פרינציפ „יעדן מענטשן וועל איך משפטן נאך זיינע וועגן, הויז פון ישראל".

אין דער הינזיכט גייט נאך דער נביא ווייטער. ער לערנט דעם פאלק דעם געדאנק פון תשובה טאן — ניט נאר איז דער יחיד ניט פאראנט־ווארטלעך פארן כלל, נאר אפילו דער זינדיקער יחיד, אויב ער הערט אויף צו זינדיקן און ער האט חרטה אף זיינע זינד, ווערט ער אן אנדער מענטש. דער נביא זאגט אין נאמען פון גאט:

> „ווי איך לעב, זאגט גאט דער האר, איך פארלאנג ניט דעם טויט פון רשע, אויב דער רשע וועט זיך אומקערן פון זיין זינדיקן וועג וועט ער לעבן, קערט זיך אום, קערט זיך אום פון אייערע שלעכטע וועגן, צו וואס זאלט איר שטארבן, הויז פון ישראל?"

אט אין דעם ליגט די גרויסקייט פון נביא. ער האט ארויסגעבראכט מיט זיין טיפן דענקען די אינדיווידועלע אויסלייזונג פון יחד און דער־מיט צוגעגרייט דעם וועג צו דער אויסלייזונג פון דער גאנצער אומה. ער האט געשאפן דעם סינטעז, וואס פארבינדט די גאולה פון יחיד מיט דער גאולה פון כלל.

יחזקאל הנביא איז אויך דער, וואס האט געגעבן דעם פאלק די אי־
דייע פון „מקדש מעט". די לאקאלע קליינע טעמפלען, ווו יידן זיינען אין
די שבתים און ימים טובים צוזאמענגעקומען און אנטוויקלט זייער נאציא־
נאל־רעליגיעזן לעבן לויט די יסודות און השגות, וואס ער האט זיי אנ־
געוויזן. אט די קליינע טעמפלען זיינען מיט דער צייט געווארן די באזע
פון נאציאנאלן קיום און א קוואל פאר דעם רעליגיעזן צוזאמענהאלט פון
דער גאנצער אומה.

פאר דעם רעשט פון זיין ווירקונג, ווי עס שיינט, האט דער נביא
באטראכט, אז זיין אופגאבע, די טרוקענע ביינער צו באציען מיט א הויט
און פלייש, האט ער אויסגעפירט. ער האט געדינט זיין פאלק מיט אלץ
וואס ער האט פארמאגט. ער האט זיי געגעבן: אינטעליגענץ, וויסן, קול־
טור און אריינגעגעבן אין זיי א נאציאנאלן גייסט. ער באטראכט דער־
מיט, אז די גאולה וואס דארף און מוז קומען איז שוין א זיכערער פאקט,
זי האט צו וועמען צו קומען.

ארויסגייענדיק פון דער הנחה, אז דער גלות דארף שאפן א נייעם
טיפ ייד, א ייד א גערייניקטן, אן אויסגעלייטערטן, מיט א „ניי הארץ
און א נייעם גייסט", האלט דער נביא און וועגוויזער, אז רעליגיעזער
דענקען אליין איז נאך ווייניק. דער רעליגיעזער דענקען מוז פארקערפערט
ווערן אין א פראקטישן רעליגיעזן לעבן. רעליגיעזע עטישקייט אין או־
ניווערסאלן זין, ווי די פריערדיקע נביאים האבן זיך דאס פארגעשטעלט
איז פאר אים ווייניק. ער דערמאנט די רעליגיעזע עטישקייט אגב אורחא'־
דיק, אין בלאסע פארבן. פאר אים, דעם שטרענגן רעליגיעזן קנאי, איז
דאס ניט גענוג. ער פאדערט אמת'ע רעליגיעזע מעשים. פראקטישע מצ־
וות דארף ער. אלס כהן לייגט ער דעם הויפטגעוויכט פון רעליגיעזן לעבן
אויף די צערעמאניאלן אין צוקונפטיקן בית המקדש, וואס דארף אופגע־
בויט ווערן און אויף די קרבנות קולטן און דא שטרייכט ער אונטער זיין
אפשטאם און היט געטריי אפ די אינטערעסן פון די כהנים.

מען דארף ניט פארגעסן דעם פאקט, אז יחזקאל איז דערצויגן גע־
ווארן אין גייסט פון יאשיהוס רעליגיעזע רעפארמען, און זיינע רעפארמען
האבן געהאט אלס באזע דעם ספר הברית (וואס מען האט געפונען פאר־
שטעקט, ערגעץ אין א לאד אין בית המקדש). ווי עס האט זיך שפע־

טער אַרויסגעשטעלט איז דער „ספר הברית״ געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי די „משנה תורה״, וואָס איז פול מיט פּראַקטישע געבאָטן און געזעצן. אין גלות זיינען די געזעצן געוואָרן דער איינציקער רעליגיעזער אינהאַלט אין די לעבן פון די גולים. פאַרן נביא יחזקאל איז דאָס געוואָרן דער מקור פונוואַנען ער האָט געשעפּט זיינע נייע השגות, וואָס ער האָט געלערנט דעם פאָלק.

יחזקאל זעט מיט קלאָרע אויגן און מיט זיין שאַרפן בליק, וואָס אַרום אים טוט זיך. ער זעט, אַז די סכנה פון אַסימילאַציע איז אין גלות זייער גרויס. זיך צו פאַרהיטן פון דער סכנה מוז מען דאָס יידישע לעבן אַנדערש איינשטעלן ווי דער לעבן פון די אַרומיקע פעלקער. די יידישע אַנדערשקייט דאַרף דינען אַלס פעסטונג, וואָס זאָל שיצן און איינהאַלטן דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן פּרצוף פון דער אומה אין גלות.

די יידן קענען שוין ניט מער פייערן זייערע נאַציאָנאַלע ימים טובים ווי פריער, אין זייער אייגן לאַנד. די ימים טובים זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם אייגענעם באָדן און דאָ האָבן זיי דאָס ניט. לייגט יחזקאל גרויס געוויכט אויף דעם טאָג פון שבת און פאַרוואַנדלט אים אין אַ הייליקן נאַציאָנאַלן יום טוב. די הייליקייט פון שבת און זיין אָפּהיטונג דאַרף סימבאָליזירן די איינציקייט און אַנדערשקייט פון יידישן פאָלק. יחזקאל זאָגט אַזן שטרענג:

„און מיינע שבתים האָב איך אייך געגעבן, זיי זאָלן וויסן,
אַז איך גאָט הייליק זיי.״

דער שבת דאַרף אַזוי אָפּגעהיט ווערן, אַז ער זאָל מאַכן פילן די הייליקייט און אַנדערשקייט פון דער אומה אין גלות.

מער פון אַלע נביאים שטעלט זיך אָפּ יחזקאל אויף די ריינקייט פון יידישן משפּחה־לעבן. ער האַלט, אַז די הייליקייט און ריינקייט פון דער משפּחה איז דער טייערסטער אוצר פון פאָלק אין גלות. אַ ריינער משפּחה לעבן קען אַ סך ווירקן אויף גאַנצקייט און ריינקייט פון פאָלק. ריינקייט און אָפּגעהיטקייט אין משפּחה לעבן איז דער שטאַרקסטער שוץ קעגן אַסימילאַציע. בנוגע דעם משפּחה לעבן זאָגט דער נביא „דער וואָס האָט אויף די בערג ניט געגעסן, זיינע אויגן ניט אופגעהויבן צו אומווירדי־

קייטן, דעם פרייוואַטס פרוי ניט פאַראומרייניקט, צו אַז אומריינע פרוי זיך ניט צוגערירט" הייסט דאָס פאַר אים, אַז יענער האָט געפירט זיין לעבן אין הסכם מיט די משפּטים און געזעצן און אַזעלכער איז אַ צדיק, ער וועט לעבן. אַזוי רעדט גאָט!

אַלס כהן און דערצו נאָך אַ כהן, וואָס שטאַמט אָפּ פון אַזאַ מיוחס'דיקער פאַמיליע, קען ער זיך ניט פאָרשטעלן אַ רעליגיעזן לעבן אָן אַ בית המקדש און אָן קרבנות קולטן. מיט דער גענויקייט פון אַ געניאַלן אַרכיטעקט מאָלט אויס יחזקאל דעם צוקונפטיקן בית המקדש מיט אַלע זיינע איינצלהייטן. ער מאָלט אים אויס אָפּגעמאָסטן גענוי זיין לענג און ברייט, זיין הויך, זיינע צימערן און הויפן. דעם פּלאַן פון בית המקדש גיט ער איבער: אין איינע פון זיינע וויזיעס האָט אים גאָט געבראַכט אין ארץ ישראל און אים אַראָפּגעלאָזט אויף אַ באַרג. אויף דעם דאָזיקן באַרג געפינט זיך אַ מאַן מיט אַ קופּערנעם אויסזען און אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פלאַקסענעם פאָדים מיט אַ מאָס. דער מאַן האָט אים געהייסן זיך צוקוקן און אַנזען און דאָס דערנאָך איבערגעבן דעם פאָלק.

אויף דעם גרונט פון דאָס געזעענע מאָלט ער שפּעטער אויס דעם גאַנצן בית המקדש אין אַלע זיינע גענויקייטן. ער שטעלט איין אַ גענויעם פּראָגראַם פון אַלע קולטן און וועלכע כהנים און לווים דאַרפן אויספירן דעם גאָט־דינסט, וויפל אָקסן, וויפל שעפּסן מען דאַרף שלאַכטן, וואָס און וויפל מען מוז אָפּגעבן צו די כהנים און צו די לווים פון דעם געשלאַכטן.

נאַטירלעך, אַלס איינער וואָס שטאַמט פון די כהנים פון צדוק פאַמיליע, ציט ער פאַר זיין פאַמיליע פריער ווי אַנדערע כהנים. ער זאָגט צום פאָלק אין שייכות מיט די קרבנות קולטן:

„און די כהנים לווים, די קינדער פון צדוק, וואָס האָבן אָפּגעהיט מיין הייליקן דינסט אין דער צייט ווען די קינדער פון ישראל האָבן פון מיר געבלאָנדזשעט, זיי זאָלן זיך דערנאָענטערן צו מיר און מיך באַדינען, זיי זאָלן שטיין פאַר מיר מקריב צו זיין די פעטס און דאָס בלוט, אַזוי זאָגט גאָט".

יחזקאל האָט אפשר אַנדערש ניט געקענט טאָן. ער האָט אָפּגעשאַצט

ווי געהעריק די פאָלקס־פּסיכיק. ער האָט געזען, אַז די אידעאַלן פון רע־ליגיעזער עטישקייט אַליין, דאָס פרעדיקן פון מאָראַל, יושר, גערעכטי־קייט איז ניט בכוח צו האַלטן וואַרים דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן פייער אין די הערצער פון שארית הפליטה. דאָס פאָלק פאָדערט עפּעס קאָנקרע־טעס. רעליגיעזע עטישקייט איז פאַר זיי אַן אַבסטראַקטע אידייע. קאָנ־קרעט פאַרן פאָלק איז געווען אַ בית המקדש, קרבנות, כהנים, לוויים, צערעמאָניאַלן און אויב די אויסערלעכע פאָרם פון רעליגיעזן אויסלעבן זיך איז מסוגל צו ווערן דער צענטראַלער פונקט פאַר דער אומה און דאָס וועט דערוואַרעמען זייערע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע געפילן טאָ זאָל זיין אַ בית המקדש, זאָל זיין כהנים און קרבנות, אַבי דאָס וועט נאָר אָפּהיטן די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע ספּעציפישקייט פון פאָלק און דאָס וועט אויס־שמידן די גאַנצקייט פון דער אומה.

אין שייכות מיט די מלוכה פאָרמען פון יידישן פאָלק איז יחזקאל געווען דער איינציקער, וואָס האָט ניט געלייגט קיין אכט אף דער מלוכה. פאַר אים האָט די אומה געקענט אופלעבן, זיך אַנטוויקלען און עקזיסטירן אָן אַ מלוכה און אָן אַ מלך. ווי שוין פריער באַמערקט, האַלט ער ניט פון אַ מלך המשיח, ווי זיינע נביאים פאָרגענגער האָבן אילוזיאָנירט. פאַר אים איז גאָט דער אומבאַגרענעצטער הערשער איבער דער גאַנצער וועלט און איבערן פאָלק ישראל. פאַר אים איז געווען, אַז די צוקונפטיקע יידי־שע מלוכה זאָל האָבן אַ נשיא אַליין און אַז ער זאָל האָבן אַ באַגרענעצטע הערשאַפט. דער נשיא וועט זיין דער דינער פון דער טעאָקראַטישער רע־פובליק, וואָס דאָס פאָלק ישראל וועט האָבן. ער דאַרף צושטעלן קרב־נות צום בית המקדש, ער דאַרף זאַמלען די מתנות און זיי אויסטיילן צו די כהנים און איבער אַלעם דאַרף ער זיין אַזעלכער, וואָס זאָל ניט דריקן דאָס פאָלק.

„דער נשיא זאָל ניט נעמען פון דעם אייגנטום פון פאָלק און ער זאָל ניט אויסנאַרן זייערע נחלות, כדי דאָס פאָלק זאָל ניט זיין געצוואונגען צו פאַרלאָזן זייערע אייגנטימער".

שיין ביז גאָר איז די אַלעגאָריע, וואָס יחזקאל האָט געזען אין דער צוקונפט פון ירושלים אַלס נאַציאָנאַל־גייסטיקער צענטער פון דער אומה,

וואס וועט דינען פאר א גייסטיקן רעזערוואר דער גאנצער וועלט. אין צארטע און איידעלע שטריכן מאלט ער אזא בילד.

דער נביא זעט א קוואל פון פרישע ריינע וואסער פליסט ארויס פון קדשי קדשים, דארטן ווו לויט די טראדיציע, רוט נאר גאט פון יש־ראל. לאנגזאם, פאמעלעך פליסט דאס וואסער פון קוואל. אין אנפאנג גאנץ באשיידן, קליין און שטיל. שפעטער צעשפרייט ער זיך, ער ווערט פארגרעסערט, ער ווערט טיפער ביז מען קען אים שוין ניט דורכקרייצן. פוןביידע זייטן וואונדערלעכן טייך וואקסן גרינע, ברייט צעצווייגטע בוי־מער. דער וואונדערלעכער טייך פליסט אלץ ווייטער צו מזרח און פאלט אריין אין טויטן ים. און וואונדער איבער וואונדער, ווען דער טייך פאלט אריין אין טויטן ים, לעבט אויף דער טויטער ים, דאס וואסער אין אים ווערט פריש און געזונט און אלערליי פיש הויבן זיך אן פלאדזשען אין ים. ארום און ארום ים, וואס פריער איז ער געווען אן לעבן, אן פיש, וועלן דערנאך פישער פארשפרייטן זייערע נעצן, באם ברעג פון ים וועלן וואקסן אלערליי פרוכטבוימער. קיינמאל וועלן די בוימער ניט צעוויא־נעט ווערן און וועלן ניט אופהערן צו ברענגען פרוכט, ווייל דאס וואסער וואס גיט זיי קראפט צום לעבן גייט ארויס פון בית המקדש.

אזוי ארום גיט דער נביא א בילד פון דער גאולה, וואס ער דער־ווארט. גאט וועט זיין געבונדן מיט זיין פאלק, מיט זיין לאנד און מיט זיין גייסטיקן צענטער. פון דעם פריערדיקן חורבן און גלות וועט קיין זכר ניט בלייבן. אלץ וועט לעבן, אלץ וועט גרינען. דער שעפערישער גייסט פון דער אומה צוזאמען מיט דער געטלעכקייט, וואס וועט זיין קאנצענ־טרירט אין גייסטיקן צענטער פון ירושלים, וועלן צעשפרייטן זייער גייס־טיקע השפעה און געטלעכע דערהויבנקייט אף גאר דער וועלט. די אומה וועט לעבן אין פרידן און רו און צוזאמען מיט אומת־ישראל וועט אויך די גאנצע וועלט לעבן אין שלום און ברכה, ווייל די השפעה פון ישראל וועט פארשפרייט ווערן איבער דער גאנצער וועלט.

---

# סוף

עס איז געענדיקט דער סינטעטישער איבערבליק איבער די נביאות פון יחזקאל הנביא, כדי צו זען די ריזן פיגור פון דעם נביא אין זיין פולער גרויס.

יחזקאל איז געווען די וויכטיקסטע היסטאָרישע פיגור אין יענער תקופה. דער אָפּקלאַנג פון זיינע פאַרדינסטן פאַר דעם קיום האומה גרייכן נאָך ביז צו אונדזערע ציטן. כאָטש ער איז געווען דער שטרענגסטער אָפּאָזיטאָר פון דער מלוכה, דער אומברחמנותדיקער שטראָפער צווישן די נביאים. ער האָט אַרויסגעריסן יעדער ברעקל מיטגעפיל צום ליידנדיקן פאָלק און אכזריות׳דיק געשניטן שטיקער פלייש פון פאָלקס־אָרגאַניזם, אפילו אין דער צייט פון חורבן, ווען די אומה איז שוין געלעגן אַ צע־טראָטענע אונטער די פיס פון באַזיגער, איז ער אָבער געווען דער ערשטער און איינציקער וואָס האָט די אומה געבראַכט צום לעבן און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין.

אויב אַלס נביא איז ער צייטנווייז געווען ברוטאַל אָן רחמנות, אָן טרייסט, ניטאָ באַ אים די ראָמאַנטישע אילוזיע פון ישראל׳ס צוקונפט, ניטאָ באַ אים דער אוניווערסאַלער באַנעם ווי באַ די פריערדיקע נבי־אים, האָט ער אָבער קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן פאַרן נאַציאָנאַל־רעליגיעזן לעבן פון פאָלק, וואָס אַנדערע נביאים האָבן דאָס ניט.

קודם מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, האָט דער נביא באַוויזן איינברעכן דעם ביז דעמאָלטדיקן גלויבן, אַז אַ רעליגיעזער לעבן פאַרן פאָלק איז נאָר מעגלעך אין ארץ ישראל, און אין בית המקדש. יחזקאל איז דער ער־שטער וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די נבואה אויסער די גרענעצן פון ארץ ישראל און צוזאַמען מיט דער נבואה אויך דעם רעליגיעזן לעבן. ער האָט באַוויזן, אַז גאָט געפינט זיך אויך אין אַ פרעמד לאַנד און מען קען זיין אַ ייד און זיך אויסלעבן רעליגיעז אָן דעם בית המקדש און אַף אַ פרעמדן באָדן.

יחזקאל טרעט אַרויס אַלס רעפאָרמאַטאָר און באַגרינדער פון נייע השגות אין דער רעליגיע. אין דער הינזיכט איז צו אים קיין גלייכן ניטאָ. ער איז דער ערשטער וואָס באַגרינדעט דעם פרינציפּ פון אינדיווידואַ־

ליזם אין דער רעליגיע. ביז אים איז דער כלל געווען די פערזענלעכע איינהייט אין דער רעליגיע. ער ברענגט ארויס דעם באגריף, אז ניט די געזעלשאפט נאר יעדע פערזענלעכקייט איז פאראנטווארטלעך פאר זיינע מעשים. יחזקאל האט אופגעהויבן די גייסטיקע ירידה פון פאלק דער־מיט וואס ער האט איינגעבראכן אלטע גלויבנס און אויסגעווארצלט אנגענומענע טראדיציעס. ער האט געראטעוועט די אומה פון גייסטיקן און פיזישן אונטערגאנג.

ער איז אויך דער ערשטער וואס האט אריינגעבראכט אין יידישן לעבן דעם באגריף, אז די פולקאמענקייט פון יחיד פירט צו דער פולקאמענ־קייט פון כלל. צו ערשט מוז דער יחיד זיך אליין אויסלייזן, ממילא וועט דאס פירן צו דער אויסלייזונג פון כלל. אזוי ארום ברענגט דער נביא ארויס, אז די אינדיווידועלע פולקאמענקייט פירט צום נאציאנאלן אופלעב פון דער אומה.

דער נביא יחזקאל ווערט פארעכנט פאר דעם לערער פון א נייעם רעליגיעזן און נאציאנאלן לעבן אין פאלק. באגלייך מיט דעם נביא יר־מיהו האלט ער אויך, די שטראף וואס דאס פאלק האט זיך פארדינט איז ניט צו פארניכטן די אומה, ער האלט אז דער גלות איז א לאבאראטא־ריע ווו דער ייד וועט איבערגעארבעט ווערן. דער גלות לייטערט, רייניקט און גייסטיק דערהויבט ער דעם נייעם ייד צו א העכערער מדרגה. די אוי־סערלעכע שטראף מוז פירן צום אינערלעכן ווידערגעבורט. א ניי הארץ און א נייעם גייסט וועט דער גלות ברענגען דעם ייד.

יחזקאל איז אויך דער שעפער און באגרינדער פון א נייער אָרדע־נונג אין דער צוקונפטיקער יידישער מלוכה. ער איז דער באגרינדער פון א טעאקראטישער ארדענונג אין מלכות ישראל. אין הסכם מיט זיין באגרינדונג, דארף די צוקונפטיקע מלוכה זיין מער א רעליגיעזע געמיינ־שאפט ווי א פאליטישע. אין ירושלים וועט נאר זיין דער נייער בית המק־דש, וועמענס פלאן און אויסשטאטונג ער ווארפט אן מיט מערקווירדיק גענויע איינצלהייטן. אין שפיץ פון דער מלוכה וועט שטיין א כהן, וואס וועט טראגן דעם טיטול „נשיא" און זיין הערשאפט וועט זיין שטרענג באגרענעצט.

יחזקאל האט רעדאקטירט און צוזאמענגעשטעלט א נייעם קאדעקס אין שייכות מיט דעם קרבנות קולט אין נייעם בית המקדש און זיין קאדעקס איז געווארן שפעטער די הויפט קאנסטיטוציע פון יידישן רעליגיעזן לעבן, אין די צייטן פון דער ערשטער רעסטאווראציע פון יהודה, דורך עזרה און נחמיה.

יחזקאל איז נים געוועזן קיין טרוימער, ער איז געוועזן א רעאל פאליטיקער. ער איז געוועזן דער וואס האט קאנסערווירט פאר אונדז די נאציאנאל־רעליגיעזע פארמען און זיי צוגעפאסט צום נייעם לעבן, וואס די אומה האט געמוזט אנפאנגען, נאכדעם ווי דער גלות האט זי איבערגעפוררעמט, געררייניקט און געליימערט, ער האט אפגעהיט פאר דער אומה איר נאציאנאלן חותם און אפגעראטעוועט פאר אונדז דעם קוואל פון יידישער אייביקייט.

---

# ישעיהו הנביא (דער צווייטער)

עס איז אומבאקאנט אין דער תנ"ך ליטעראטור ווער דער נביא איז געווען און ווו ער האט געלעבט. עס האנדלט זיך פון אן אומבאוווסטן נביא, אן אנאנימער, וואס די ביבל־קאמענטאטארן און מאדערנע מפרשים באצייכענען אים, אלס „ישעיהו דער צווייטער", ווייל אין זיין סטיל, נאציאנאלן געדאנק און רעליגיעז־עטישן באגריף איז ער ענלעך צו ישעיהו דעם ערשטן.

אורטיילנדיק לויטן אינהאלט פון זיין נבואה איז ער געווען א תלמיד פון א גרויסן נביא, ווארשיינלעך פון נביא יחזקאל און האט געלעבט אין די לעצטע יארן פון גלות בבל און אין די ערשטע יארן פון די עולי בבל, ווען די צוריקגעקומענע האבן זיך פארנומען מיטן רעסטאווירן דעם יידיש־רעליגיעזן לעבן און אופבויען דעם בית המקדש. עס איז נאר ניט באוווסט, ווו ער האט געלעבט. א סברה, אז ער האט געלעבט אין בבל און איז ניט געווען צווישן די צוויי און פערציק טויזנט וואס האבן זיך אומגעקערט קיין ארץ ישראל. מען נעמט דאס דערפון, ווייל ווען ער וואלט געווען צווישן זיי דעמאלט אין ארץ ישראל, וואלט ער זיכער זיך געשטעלט אין שפיץ פון די גייסטיקע פירער, וואס האבן געווירקט, אז דער בית המקדש זאל וואס גיכער אופגעבויט ווערן און וואלט געווען צווישן די נביאים: חגי, זכריה און מלאכי.

ווי אלע גרויסע נביאים, איז ער געווען א גאטספארכטיקער און געלערנטער מאן. ער האט פארמאגט א שארפע פאליטישע אריענטאציע, ער האט געהאט די פעאיקייט אופצוכאפן פאליטישע אויסוויקלונגען און זיי פארבינדן מיט די געשעענישן אין יידישן לעבן. זיין מאנאטעאיסטישער וועלט באנעם איז געווען דער גלייכער ווי בא דעם ערשטן ישעיהו, נאך אפשר פיל שארפער און ראדיקאלער. דער אויסגאנגס־פונקט פון זיין נבואה איז אויך געווען, די גרויסקייט און הייליקייט פון גאט, די אייביקייט פון יידישן פאלק און די גייסטיקע מיסיע וואס די וועלט־געשיכטע האט ארופגעלייגט אפן יידישן פאלק, צו ווערן דער וועגווייזער און באלויכ־

טונגס־טורעם פאר אלע פעלקער פון דער וועלט. דער גייסטיקער צענטער אין ירושלים שטייט בא אים אויך אלס צענטראלער פונקט אין יידישן לעבן.

דער צווייטער ישעיהו איז דער קרוין פון דער גאולה נבואה. ער איז פול מיט אפטימיזם און פרייד ווען ער רעדט פון דער גאולה און באַ־פרייאונג פון גלות בבל. ער איז באגייסטערט פון כורש מלך פרס, וועמען ער האלט פאר גאטס א שליח וואס איז געשיקט צו באפרייען די געפאנ־גענע פון בבל. ער איז אזוי פול מיט שמחה און האפערדיקייט, אז ער מאכט אלעמען זיין פריילעך איבער די דאזיקע געשעענישן. בא אים זינגט און טאנצט די גאנצע נאטור אף דעם גאולה אנזאג פון יידישן פאלק. ער מאכט די הימלען און די ערד, די בערג און די טאלן זיי זאלן אויך באזינגען די יידישע גאולה. זיין גאולה אנזאג איז פול מיט אויי־סערגעוויינלעכע געזאנג אקארדן און איבערנאטירלעכע באגייסטערונג. ער ווערט אינספירירט און היפנאטיזירט פון זיינע אייגענע ווערטער. ער איז ענטוזיאסטיש און גראנדיעז אין זיין גאולה געזאנג.

בעפאר מיר וועלן זיך באקאנען מיט די איינצלהייטן פון זיין נבואה, איז כדאי צו כאפן א בליק איבער דעם רעליגיעז־גייסטיקן מצב פון די גולי בבל און איבער די אינטערנאציאנאלע פאליטישע לאגע פון יענער צייט, אף וויפל זיי האבן א שייכות צום דעמאלטדיקן לעבן פון די יידן.

עס איז נאך א נבואה פון ישעיהו דעם ערשטן מקוים געווארן. אן ערך נאנט צו הונדערט מיט פופציק יאר נאכן פאלן פון מלכות ישראל איז געפאלן מלכות יהודה. די גרויס מאכט, פון וועלכע ישעיהו האט געווארנט דעם מלך יחזקיהו, די מלוכה פון בבל איז טאקע אויסגעוואקסן און האט חרוב געמאכט די מלוכה פון יהודה. אלץ האט זיך אויסגעלאזן ווי ישעיהו האט פארגעזען. די בעסטע זין פון יהודה האט בבל געפאנ־גען און פארטריבן צו זיך. אלע ווערטזאכן און די הייליקע כלים פון בית המקדש האט בבל פארנומען און ארויסגעפירט צו זיך.

דער חורבן פון מלכות יהודה האט ארויסגערוקט אין פאדערגרונט פון יידישן לעבן נאך א פאקט. עס איז דערפילט געווארן ישעיהו הנביא׳ס געפיל איבער די אנטפלעקונג פון יידישן גייסט. דער הויפטגעדאנק, וואס

דער נביא האָט אַנטוויקלט, אַז די יידישע צוקונפט קען זיך נאָר שטיצן אַף דעם כוח פון יידישן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן גייסט און ניט אַפן ברוטאַלן כוח פון מענטשן, איז געוואָרן אַ לעבעדיקע רעאַליטעט.

צוויי חורבנות, צוויי יידישע מלוכות זיינען אונטערגעגאַנגען, צוויי לייבלעכע שוועסטער זיינען זיי געווען און דאָך ליגט אַ גרויסער מהלך צווישן חורבן מלכות ישראל און חורבן מלכות יהודה. ישראל איז גע־ווען אַ קולטורלאָז לאַנד. מלכות ישראל האָט ניט פאַרמאָגט קיין שום גייסטיקע אידייע, וואָס זאָל אַריינברענגען לעבן און אינערציע אין איר פאָלקס־אָרגאַניזם. דאָס לאַנד איז געווען ווייט פון וועלכן ניט איז רע־ליגיעזן סענטימענט, ניט פאַרמאָגט אין זיין לעבן קיין שום רעליגיעזע עטיק, ליידיק פון וועלכע ניט איז קולטור וואָס האָט אַ שייכות צום יידישן עבר און ממילא ניט געהאַט קיין פאַדים, וואָס זאָל פאַרבינדן דאָס לאַנד מיטן יידישן עתיד. דער בעל קולט האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין לעבן פון ישראל און דער קולט האָט ניט פאַרמאָגט קיין אינהאַלט מיט וואָס אָנצופילן זייערע פוסטע הערצער. דער איינציקער צעמענט וואָס האָט פאַרבונדן דאָס פאָלק צו איינאַנדער איז געווען בלויז די געמיינ־זאַמע טעריטאָריע, אַף וועלכער די מלוכה האָט זיך געפונען. קוים אָבער איז דער צעמענט צעבראָכן געוואָרן, די טעריטאָריע אָנעקסירט צו אַן אַנדער מלוכה, האָט זיך דאָס פאָלק צעשאָטן ווי ברוכשטיקלעך. עס איז צעבראָכן געוואָרן דער שוואַכער רוקנביין פון דער מלוכה און דער גאַנ־צער אָרגאַניזם האָט זיך צעברעקלט און צעפאַלן.

פונקט ווי בלעטער וואָס פאַלן אַראָפּ פון אַ בוים און ווערן צע־טריקנט, דער ווינט צעשפּרייט זיי דערנאָך אין אַלע זייטן, אַזוי האָט אשור צעשפּרייט די צען שבטים אין אַלע זייטן, אַוועקגעפירט זיי אין געפאַנגענשאַפט, באַזעצט זיי אין פאַרשיידענע לענדער אונטער איר הער־שאַפט, זיי זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן און דער ווינט האָט זיי צע־שפּרייט. ניט האָבנדיק קיין פונדאַמענטאַלן יידיש־גייסטיקן אינהאַלט אין זייער לעבן, האָבן זיי זיך שנעל אויסגעמישט מיט די פעלקער ווו זיי זיי־נען באַזעצט געוואָרן, זיי האָבן איבערגענומען זייער געצנדינערישן לעבנס שטייגער און פאַרשווונדן פון יידישן אויבערפלעד.

דער טייל, וואָס איז געבליבן אויף זיינע ערטער, אויף דער פריער־דיקער טעריטאָריע פון מלכות ישראל, האָבן אויך ניט געהאַט קיין גייס־טיקן כוח מיט וואָס זיך קעגנשטעלן דעם פרעמדן לעבנס־שטראָם, וואָס די נייע אימיגראַציע האָט אַריינגעבראַכט. זיי האָבן זיך אויך אויסגעמישט מיט די פרעמדע משפחות, אדאַפּטירט גיך זייערע געוווינהייטן און זייע־רע קולטן און זיינען געוואָרן גלייך מיט זיי. זיי האָבן אַזוי אַרום איי־בערגעריסן דעם שוואַכן פאָדים פון זייער עבר און ניט געהאַט מיט וואָס אָנצוקניפּן דעם פאָדים פון עתיד. אין בעסטן פאַל איז אַרויסגעקומען פון זיי אַ געמיש, וואָס איז פולשטענדיק געווען פרעמד דעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. זיי האָבן ניט געהאַט צווישן זיך ווער עס זאָל באַ־קלאָגן זייער חורבן און ממילא ניט געקענט וועקן באַ זיי דעם אופלעבונגס־געדראַנק. די נשמה פון מלכות ישראל האָט אויף אייביק פאַרלאָזן דעם טויטן גוף און עס האָט פולשטענדיק אופגעהערט צו עקזיסטירן.

אַנדערש איז דאָס געווען מיט מלכות יהודה. אין מלכות יהודה האָט עקזיסטירט אַ יידיש־גייסטיקער צענטער, עס האָט עקזיסטירט אַ רעליגיע־זער לעבן. זאָל זיין אַ שוואַכער, אָבער דאָך אַ רעליגיעזער סענטימענט מיט אַ יידישן אינהאַלט. עס זיינען געווען צייטן, ווען דער גייסטיקער צענטער אין ירושלים האָט גרופּירט אַרום זיך אַלע אינטעלעקטועלע כחות, פון פאָלק. עס איז געווען צייטן, ווען דער גייסטיקער צענטער האָט געוועקט באַם פאָלק דעם יידישן באַוווּסטזיין, איינגעהאַלטן די יידישע פּרינציפּן, אופבאַוואַרט באַ זיך די טייערע אוצרות פון יידישן עבר. דער גייסטי־קער צענטער האָט דערצויגן דורות פון גרויסע נביאישע גייסטער, וואָס האָבן אַרויסגעפירט נאָט פון די ענגע גרענעצן פון דער נאַציאָנאַלער טע־ריטאָריע און אים געקרוינט פאַר אַן אַלוועלטלעכן, אַלמענטשלעכן און אַלמעכטיקן גאָט. די נביאים האָבן אַריינגעבראַכט אין פאָלקס־אָרגאַניזם דעם קערן פון נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין. די נביאים האָבן געגעבן דעם פאָלק דעם באַגריף פון יידישער אייביקייט און איינגעפלאַנצט אין זיי די דער־הויבנסטע מענטשלעכע אידעאַלן מיט אַ ווייטן בליק אויף אַ גליקלעכער צוקונפט פאַר דער מענטשהייט. דאָס האָט געבראַכט אין פאָלק רעספּעקט און אַכטונג צום גייסטיקן צענטער, צום יידישן גייסט, דאָס האָט פאַר־

שטאַרקט באַם פאָלק די איינגעוואָרצלקייט צו יידישער טראַדיציע און צוגעבונדנקייט צום יידישן לאַנד און צו דער מלוכה.

אַט די דאָזיקע געפילן, די דאָזיקע צוגעבונדנקייט און די דאָזיקע סענטימענטן האָבן די פאַרטריבענע יידן מיטגענומען מיט זיך אין גלות. דאָס איז געוואָרן דער טייערסטער אוצר, וואָס יידן האָבן געקענט ארויס־ראַטעווען פון זייער חרוב געוואָרענעם לאַנד. אין דער אונטערגעגאַנגענער מלוכה האָבן זיי נאָר פאַרלאָרן זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט, דאָס איז אָבער ניט געווען דער עיקר אין זייער לעבן, דעם עיקר האָבן זיי ניט פאַרלאָרן. דער עיקר איז געווען די גייסטיקע אוצרות און דאָס איז געבליבן אומבאַרירט. זיי האָבן פאַרלאָרן אַן ערדישע טעריטאָריע, זיי זיינען אָבער געבליבן באַ דער גייסטיקער טעריטאָריע, אַרום וועלכע זיי האָבן זיך אין גלות גרופּירט און וועלכע האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען, געגעבן מוט און אָנגעפילט זייערע הערצער מיט האָפענונג. עס איז פולשטענדיק מקוים געוואָרן די נבואה געדאַנקען פון נביא ישעיהו דעם ערשטן, אַז די צוקונפט פון פאָלק ליגט אין יידישן גייסט, וואָס וועט אייביק בלייבן.

אַ דאַנק די ווירקונג פון די גרויסע נביאים, באַזונדערס די וויים־זעעוודיקייט פון נביא ישעיהו, וואָס האָבן באַצייטנס געזאָרגט, אַז זייערע רייד זאָל ניט פאַרלאָרן גיין, עס זאָל בלייבן פאַרצייכנט פאַר די קומענ־דיקע דורות, איז די קערנדלעך פון זייערע גייסטיקע געדאַנקען פאַרטראָגן געוואָרן קיין בבל, וווהין די יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן נאָכן חורבן פון זייער לאַנד און די קערנדלעך האָבן געבראַכט די געוווּנטשענע פרוכטן.

נאָך אַ גליק האָט געהאַט די חרוב געוואָרענע יהודה. איר באַזיגער און צעברעכער — נבוכדנאצר, האָט צו ערשט פאַרטריבן די בעסטע מענ־טשן פון פאָלק. ווי באַקאַנט האָט ער צוויי מאָל פאַרטריבן געפאַנגענע אין בבל, די ערשטע עלף טויזנט געפאַנגענע זיינען געווען די גייסטיקע פירער און די אינטעלעקטועלע כוחות פון פאָלק. די נביאים וואָס האָבן געווירקט אין יהודה, אין די לעצטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ, באַזונ־דערס דער נביא ישעיהו האָבן זאָרגפעלטיק געאַרבעט, אַז זייערע רייד

זאָלן ווערן אָפּגעהיט. די פּאַרטריבענע האָבן מיטגענומען די דאָזיקע אָפּ־
געהיטענע רעדעס קיין בבל. די דאָזיקע רעדעס האָבן דאָס אויסגעוואַרעמט
בײַ זיי דעם וואַרעמען נאַציאָנאַלן סענטימענט און די גרויסע בענקשאַפט
אין זייערע הערצער צו זייער לאַנד יהודה און צו די הייליקע שטאָט
ירושלים.

מיט דער צײַט איז די ליבע צום פאָטערלאַנד און דער הייסער באַ־
גער זיך אומצוקערן אַמאָל צוריק א היים, געוואָרן בײַ זיי דער אינהאַלט
פון זייער גאַנצן לעבן. זיי האָבן געוויינט פון בענקשאַפט צו זייער לאַנד.
זיי זיינען געוואָרן סענטימענטאַל אין זייער דענקען, רעליגיעז אין זייער
לעבן. פיל דיכטונגען און פּאָעזיעס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אַלץ
האָט געהאַט איין טעמע — צוריק אַהיים. איינער אַ דיכטער פון יענער
צײַט דריקט אוים מיט פאַלגנדיקע ווערטער זיין הייסע בענקשאַפט צום
פאָטערלאַנד:

„בײַ די טייכן פון בבל זיינען מיר געזעסן און האָבן געוויינט זיך
דערמאָנענדיק אָן ציון — זאָל אונדזער רעכטע האַנט פאַרגעסן
ווערן, זאָל אונדזער גומען פאַרטריקנט ווערן, אויב מיר וועלן
פאַרגעסן ירושלים".

אין די צייטן פון געפאַנגענשאַפט, האָבן זיי זיך גרופירט צוזאַמען
און האָבן זיך פאַרטיפט אין די גייסטיקע אוצרות און רעליגיעזע שריפטן,
וואָס זיי האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון חורבן יהודה. זיי זיינען דאָרטן
געקומען צום באַוווסטזיין, אַז די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע וואָס איז
אויסגעבראָכן אין זייער לאַנד, איז געווען אַ דירעקטער פועל יוצא פון
זייער פריערדיקן טעות'דיקן לעבן זייערן. ערשט איצט האָבן זיי דערזען,
אַז דער אומגליק איז געקומען אַ דאַנק די אַנטי־נאַציאָנאַלע און אַנטי־
רעליגיעזע מעשים פון זייערע הערשער. דער נייער לעבן, וואָס זיי מוזן
און וועלן פירן, דאַרף זיין ריין פון די טעות'ן. יידישער לעבן מוז גיין
אויף אַנדערע וועגן און זיך באַזירן אויף אַנדערע יסודות, אויף וועלכע דאָס
יידישע פאָלק איז לכתחילה אויסגעפאָרמירט געוואָרן.

בנוגע בבל, האָבן זיי טאַקע צוגעגעבן, אַז זי איז אַ רוט אין גאָטס
האַנט, מיט וועלכע גאָט האָט זיי געשטראָפט פאַר זייער זינדיק לעבן.
סימפּאַטיש אָבער צו דער שטראָפרוט קען מען ניט בלייבן. אין האַרצן

האָבן זיי געטראָגן אַ גרויסע שנאה צו בבל און האָבן געגאַרט צו זען איר מפּלה. אמת, דער באַזיגער פון זייער פאָטערלאַנד האָט זיך טאַקע באַצויגן צו זיי מילד און טאָלעראַנט. געגעבן זיי רעליגיעזע און קולטור־רעלע פרייהייט, דערמעגלעכט זיי גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, זי איז אָבער דאָך די, וואָס האָט זיי פאַרורזאַכט די גרויסע נאַציאָנאַלע חרפּה, דאָך איז זי, וואָס האָט זיי דערנידעריקט און געמאַכט זיי פאַר געפאַנגענע.

אינסטינקטיוו האָבן זיי פאַרבונדן זייער אופלעב אידעאַל מיט דעם מאָמענט, ווען בבל וועט האָבן די מפּלה און זיי וועלן שוין קענען זיך אומקערן אַ היים. איין יאוש געדאַנק האָט זיי געמאַטערט, ווען? ווען וועט שוין די שטאַרקע מלוכה מיט איר העלדישן מלך נבוכדנאצר ליידן די נידערלאַגע, וואָס זיי ווינטשן איר און דער געגאַרטער מאָמענט. זאָל זיך דערנענטערן? ווען וועט זייער חלום, זיך אומצוקערן צוריק אַ היים, רעאַליזירט ווערן?

קאַרגע פופציק יאָרן האָבן זיך אַזוי געצויגן און די גולי בבל האָבן נאָך אַלץ געחלומ׳ט, געהאָפט, געבענקט, און ניט געזען די מעגלעכקייט, אַז זייערע האָפענונגען זאָלן קענען ווערן אַ ווירקלעכקייט. אַ שטראָפרוט בלייבט אַ שטראָפרוט. אַפּגעטאָן איר אַרבעט, וואַרפט מען זי אַוועק. בבל האָט שוין געהאַט אָפּגעטאָן איר אַרבעט פאַר דער געשיכטע און עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען מען האָט זי געדאַרפט אַוועקוואַרפן.

נבוכדנאצר — דער לעגענדאַרער העלד, וואָס האָט בבל געמאַכט אַזוי שטאַרק, אַזוי באַרימט און פון איר געשאַפן אַ וועלט מאַכט, איז געשטאָרבן. זיינע יורשים זיינען ניט געווען אַזוי העלדיש און טיכטיק ווי ער. זיין זון אויל מראדך איז געווען אַנדערש געזאַנען ווי דער טאַטע. ער האָט ניט באַזירט בבל׳ס גרויסקייט אפן כוח פון דער ברוטאַלער מאַכט. קודם האָט ער באַוויזן אַן איידעלן זשעסט לגבי די יידישע גע־פאַנגענע. ער האָט געלאָזט באַפרייען דעם געפאַנגענעם מלך פון יהודה און אים אַרויסגעלאָזן פון דער תפיסה. דער שיינער זשעסט האָט אַריינ־געבראַכט אַ נייעם שטראַל פון האָפענונג אין די הערצער פון די געפאַנ־גענע יידן. זיי האָבן געזען זען אין אים, דאָס איז וואָס זיי האָבן אין זייער בענקשאַפט אַזוי לאַנג געוואַרט. זיי האָבן געדענקט, אַז אַט באַלד

און זייער חלום, צו זען זייער אייגענע מלוכה צוריק אופגעבויט, אף די בערג פון ציון, ווערט א רעאַליטעט. לײדער איז דער מלך אויל מראדך באַלד דערמאָרדעט געוואָרן. אָבער אַלץ איינס, מיט זיין טויט האָט זיך בבל געגומען קייקלען באַרג אַראָפּ. דער טויט־קלאַפּ אף בבל איז גע־קומען פון אַן אַנדער אָרט — פון פּרס איז געקומען די מפּלה בבל'ס.

---

ווייט אין אַזיע האָט אופגעלעבט אַ נייער פּאָליטישער און מיליטער־רישער כוח. די מדינה פּרס, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען כמעט ווי אומבאַקאַנט, זי איז געווען אונטעריאָכט אונטער מדי, האָט זיך באַוויזן פּלוצלינג אף דער פּאָליטישער אַרענע. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער מלוכה האָט זיך געשטעלט אַ לעגענדאַרער העלד, אַ יונגערמאַן, וואָס האָט פאַר־קלונגען די וועלט מיט זיין פיזישער גבורה, מיט זיין חכמה און קלוגער פּאָליטיק. ער האָט באַלד אַרויסגעוויזן זיין פּראַקטישקייט און אויסער־אָרדנטלעכער באַהאַוונקייט אין מלוכה פירונג. זיין נאָמען אַזוי געווען כורש.

דאָס ערשטע וואָס דער יונגער קעניג האָט געטאָן, איז געווען — אַפּרייסן זיין מלוכה פון מדי. דערנאָך האָט ער אָנגעפאַנגען אַ מיליטער־רישן מאַרש ווייטער צו מערב, בליץ־שנעל האָט ער זיך באַוויזן, דאָ אין איין לאַנד, דאָ אין דער צווייטער, זיי אַלעמען באַזיגט און אונטערוואָרפן אונטער דער מאַכט פון זיין מלוכה פּרס. אַלע מלוכות האָבן געשטוינט פון זיין גבורה און געוואַגטקייט. אַ שרעק איז אַלעמען באַפאַלן. עס האָבן זיך גענומען בילדן קאָאַליציעס און מיליטערישע בונטן צו פאַרשטעלן דעם וועג פון ווייטערער עקספּאַנסיע, אָבער דאָס האָט גאָרניט געהאָלפן. כורש האָט זיי אַלעמען באַזיגט. בבל איז אויך געפאַלן, מצרים איז אויך אונטערגעגאַנגען און כורש האָט אומעטום איינגעשטעלט זיין מאַכט.

עס איז ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז אונטער די אומשטענדן האָט זיך צעגליט דער גאולה־פייער אין די הערצער פון די פאַרטריבענע, וואָס האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט אף דעם דאָזיקן מאָמענט. די הערצער פון אַלע

פאַרטריבענע יידן איז פול געוואָרן מיט אַן אויסעראָרדנטלעכע פרייד. אַלעמען האָט ארומגעכאַפּט דער גאולה מאָמענט. אַלע זיינען אופגעצי־מערט געוואָרן פון דעם געדאַנק, אַז אַט באַלד, זאָגט מען זיי אַן זייער באַפרייאונג און דאָס רעכט צו גיין צוריק צו זייער לאַנד. אין יעדער פּאָליטישער אַקציע וואָס איז געשען, אין יענער נאַטירלעכער דערשיינונג וואָס איז פאָרגעקומען, האָבן זיי געזען אַ צייכן פון דער דערוואַרטנדיקער גאולה. אַ ליאַדע מינוט האָבן זיי דערוואַרט די פריידיקע בשורה „ציון האָט אופגעלעבט און אירע קינדער קערן זיך צו איר צוריק".

עס איז אויך ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז אַזאַ אָנגעגליטע נאַציאָנאַ־לע אַטמאָספערע, האָט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון יידישן לעבן: דיכטער און שרייבער, רעדנער און פאָלקס־טריבונען, דענקער און נביי־אים, וואָס האָבן מיט זייער ווירקונג נאָך מער צעהיצט די פאַנטאַזיעס פון די אויסגעבענקטע נאָך פרייהייט. זיי האָבן נאָך מער צעוואַרעמט דעם נאַציאָנאַלן אַמביענט און אַריינגעבראַכט די געפאַנגענע איינפאַך אין אַ גאולה־פסיכאָז.

צו יענער צייט ווערט צוגעשריבן אַ סך נביאים, וואָס זיינען פאַר־בליבן פאַר אונדז אומבאַקאַנט. אַזוי צום ביישפּיל ווערט צוגעשריבן די נבואה, וואָס איז אריין אין דער נבואה זאַמלונג פון ישעיהו דעם ערשטן, אָבער זי איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון אַ נביא, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט. דאָס איז אַ נבואה, וואָס דער אומבאַקאַנטער נביא האָט געזאָגט איבער בבל. אין דער נבואה דריקט אוים דער נביא די שנאה און האַס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער איבער זייער באַ־זיגער.

(זע ישעיהו, קאַפּ. 14).

„דו האָסט זיך געזאָגט אין הארצן,
הויך אין הימל וועל איך אַרופגיין,
העכער פון גאָטס שטערן,
וועל איך אופהויבן מיין טראָן,
אין דער אמת'ן וועסטו גיין אין אָפּגרונט,
אין גרוב וועסטו אַראָפּנידערן".

אזא שנאה האבן די געפאנגענע און פארטריבענע געטראגן אין הארצן אויף בבל.

אין דעם גאנג פון די פאליטישע געשעענישן זעט דער נביא א פונק פון האפענונג, עס איז מעגלעך, אז בבל וועט אראפ פון זיין גרויסקייט און די יידן קענען דורך דעם אופגעריכט ווערן, פארענדיקט ער מיט א מיסטיש־רעליגיעזן ווונטש.

„גאט וועט זיך דערבארעמען איבער יעקב,
און וועט ווידער אויסוויילן דאס פאלק ישראל,
און וועט זיי מאכן רוען אויף זייער ערד".

אט אין יענעם אמביענט און בא די אומשטענדן האט געווירקט דער גרויסער גאולה נביא, וואס די וויסנשאפטלעכע ביבל פארשער באצייכענען אים מיטן נאמען „ישעיהו דער צווייטער".

גייט ארויס א גאטס־פארכטיקער מאן, א געלערנטער און א דענקער צווישן די פארטריבענע יידן אין בבל. ער גייט ארום א פארקלערטער, א פארטראכטער. עס גייט אים פון זינען ניט ארויס דער פאלקס־אומגליק און די נאציאנאלע קאטאסטראפע פון זיינע ברידער אין יהודה.

דער מאן בלייבט לאנגע נעכט אליין און פארטיפט זיך אין די אלע שריפטן, שטיקער פארמעט, מגלות וואס די פארטריבענע האבן מיטגענומען אין געפאנגענשאפט. ער שטודירט אלע שריפטן, ער באקאנט זיך גענוי מיטן עבר פון זיין פאלק, ער לערנט גרונטלעך די יסודות אויף וועלכע זיין פאלק האט זיך אויסגעפורעמט. ער לערנט די רייד פון די נביאים, וואס האבן געלעבט פאר אים און ער טראכט זיך אריין אין דער טרויעריקער לאגע פון זיינע ברידער און פון זיין לאנד.

אמת, זאגט ער צו זיך, יידן האבן געזינדיקט, יהודה האט זיך ניט געפירט ווי גאט האט געוואלט. די געזעלשאפט איז זיך ניט באגאנגען לייטיש, די מלוכה פירער האבן געפירט א פאלשע פאליטישע ריכטונג. עס איז זיי געקומען א שטראף. אבער ביז וואנען? וויפל איז דער שיעור אפצוקומען פאר א שטראף? וויפל איז דער שיעור, אז אן אומה זאל ליידן אזעלכע בזיונות, זיין צו שפאט און צו שאנד בא אירע באזיגער?

דער נביא טראכט זיך אריין אין די רייד פון די פריערדיקע נביאים.

ער געפינט אין די נביאות פון ישעיהו דעם ערשטן רייד, וואָס ער נעמט דאָס אַריין גוט אין זינען. ישעיהו האָט געזאָגט, אַז אשור איז נאָר אַ רוט אין די הענט פון גאָט צו שטראָפן מלכות ישראל פאַר אירע זינד. און דער נביא קומט צום זעלביקן אויספיר איבער בבל. די דאָזיקע פאַר־האַסטע מלוכה קען דאָך אויך זיין ניט מער ווי אַ רוט אין די הענט פון גאָט, מיט וועלכער ער האָט באַשטראָפט די מלוכה יהודה. אַ רוט, אַזוי גיך ווי זי טוט אָפּ איר אַרבעט וואַרפט מען זי אַוועק, הייסט דאָס, אַז בבל וועט אויך אונטערגיין, פּונקט ווי עס איז אונטערגעגאַנגען אשור. אייביק וועט זי ניט עקזיסטירן. זי איז נאָר אַ ברוטאַלער כוח און ברו־טאַלער כוח איז ניט קיין אייביקייט. אייביק איז נאָר גאָט אַליין אויף דער וועלט. אַלץ וועט זיך ענדערן בלייבן וועט נאָר דער גייסטיקער כוח פון גאָט.

זיך פאַרטיפנדיק אין דער דאָזיקער מחשבה, פילט דער נביא אין דער טיפעניש פון זיין נשמה אַ גייסטיקע דערהויבונג, ער ווערט עמאַ־ציאָנירט פון דעם געדאַנק, אַז גאָט איז אייביקייט און אַז אַ סוף. ער איז אַזוי עמאָציאָנירט פון דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז ער הערט ווי אַ שטים זאָגט צו אים: „גיי רוף דאָס אויס", און ער פרעגט: „וואָס זאָל איך אויסרופן"? אין זיין פסיכישער עמאָציע הערט ער ווייטער די שטים: „גיי רוף אויס, אַז אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט זיינען ווי גראָז, אַלע חסדים פון די באַשעפענישן זיינען ווי פעלד־פלאַנצן, גראָז ווערט פאַר־טרינקט, פלאַנצן ווערן פאַרוועלקט, נאָר גאָטס רייד בלייבט אייביק".

און דער נביא ווערט אַן אַנדער מענטש. ער ווייסט שוין ווי אַרויס־צוזאָגן גאָטס רייד. זיין שאַרפער נביאישער חוש פילט שוין עפּעס. זיין נביאישע אינטואיציע צייכנט אים שוין געוויסע קאָנטורן אין די ווייטע האָריזאָנטן. ער הערט, אין דער וועלט קומען פאָר איצט אינטערעסאַנטע געשעענישן. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער מלך אין דער וועלט. דער יונגער מלך פון פרס גייט ווי אַ העלד און באַזיגט אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד. אָט איז ער שוין גאָר נאָענט פאַר די טויערן פון דער פאַרהאַסטער בבל. עס האַלט באַם מקוים ווערן די רייד פון דעם נביא ישעיהו. בבל איז ניט מער ווי אַ רוט אין די הענט פון גאָט, אפשר איז שוין געקומען די

צייט, אז זי זאָל אוועקגעוואָרפן ווערן. זי האָט שוין איר אַרבעט אָפּגע־טאָן. און דעמאָלט, דעמאָלט קען געשען ווונדער מיטן פאָלק ישראל, וואָס איז דורך איר באַשטראָפט געוואָרן.

גאָט איז אייביק, זיין הילף איז ממשות'דיק. ער, ניט קיין אַנ־דערער, פירט אָן מיט די פּראָצעסן פון דער וועלט געשיכטע און ער איז דער, וואָס באַוועגט די אַלע היסטאָרישע געשעענישן און ער פירט דורך זיין ווערק וווּנדערלעך. מיטן יידישן פאָלק האָט גאָט אַ באַזונדער רע־כענונג „דאָס איז דאָך מיין קנעכט, אויף וועמען איך שטיץ מיך, ער איז מיין ליבלינג וואָס איך האָב אויסגעוויילט, אויף אים האָב איך מיין גייסט געלייגט, ער דאַרף אַרויסברענגען גערעכטיקייט צו די פעלקער".

אויב גאָט איז פאַרבונדן מיטן פאָלק ישראל, איז דאָך די עקזיס־טענץ פון פאָלק ישראל אויך אייביק פּונקט ווי גאָט איז אייביק. ישראל איז פאַרבונדן מיטן באַרג ציון און מיט זיין הייליקן לאַנד, איז דאָך ציון אויך אַן אייביקייט. און דעם נביא'ס האַרץ ווערט אָנגעגאָסן מיט פרייד פון דעם געדאַנק. ער ווערט באַגייסטערט פון די ליכטיקע פּערס־פּעקטיוון וואָס ער זעט אַפן פאָלק ישראל און אַפן לאַנד יהודה. פון אַן אומעטיקן און פאַרקלערטן, ווערט דער נביא אָנגעגאָסן מיט אָפּטימיזם. ער איז אַ גליקלעכער. זיין נשמה ווערט מלא שמחה. ער זינגט אַרויס פון זיין ווייזן די שענסטע און צאַרטסטע געפילן צו זיין ליב פאָלק און צו זיין ליב פאָטערלאַנד. גענוג צו ליידן חרפות און בזיונות, גענוג צרות און ליידן האָט דאָס פאָלק זיך אָנגעליטן. עס איז שוין די רעכטע צייט, אַז יהודה און ישראל זאָלן אויפגעריכט ווערן. אָט באַלד, געציילטע וואָכן, אפשר גאָר געציילטע טעג און דער שונא פון יהודה וועט פאַרשווינדן פון אויבערפלאַך. ניט אַנדערש, אַז דער יונגער מלך איז געשיקט פון גאָט אַליין, צו באַפרייען דאָס פאָלק ישראל.

אין ענטוזיאַזמירטער פון גליק, אַ באַגייסטערטער פון דער באַפאָר־שטייענדיקער באַפרייאונג פון גלות, אין וואָס ער איז אַבסאָלוט זיכער, שרייט דער נביא אויס פּאַטעטיש:

„טרייסט, טרייסט מיין פאָלק,

**אַזוי זאָגט גאָט.**

זאָגט צו ירושלים,
שרייט צו איר,
איר צייט איז שוין פאַרפולט,
איר זינד איז שוין באַוויליקט,
זי האָט געליטן דאָפּלט מער פאַר איר זינד".

דער נביא גייט שוין אַרום אַ פריילעכער און פול מיט האָפענונג. עס הערשט באַ אים אַ יום־טובדיקע שטימונג. אין אַזאַ שטימונג מוסר'ט מען ניט, מען שטראָפט ניט, מען דערמאָנט ניט קיין באַגאַנגענע עוו־לות. גראָד פאַרקערט, מען טרייסט, מען דערמוטיקט, מען פילט אַז אַלע־מענס הערצער מיט פרייד און שמחה. ער זעט דאָך, אַז גאָט פון ישראל שטייט ווי אַ העלד צו באַשיצן זיין פיל געליטענעם פאָלק.

און ברייט און וויט צעגיסט זיך ווי אַ שטאַרקער שטראָם זיין גרוי־סע פרייד. פּאַטעטיש שרייט ער אויס:

„דורכן מדבר ראַמט אויס אַ וועג פאַר גאָט,
אין די וויסטענישן מאַכט גלייך אַ שטעג פאַר אים,
גאָט וועט אַרויסגיין ווי אַ גבור,
ווי אַ מלחמה מאַן איז ער פול מיט קנאה,
ער שרייט, ער שאַלט
ער וועט זיך שטאַרקן איבער זיינע פיינט".

און וואָס נענטער כורש קומט צו בבל, אַלץ שטאַרקער און רעאַ־ליזירבאַרער ווערט באַם נביא די האָפענונג, אַז עס איז שוין געקומען אַן ענד צום גלות. אין זיין נביאישער פאַנטאַזיע זעט ער שוין מיט זיינע אויגן, ווי זיינע ברידער זיינען אויסגעלייזט, ציון, דאָס הייליקע לאַנד, איז שוין אופגעריכט. מיט אַ שאַלנדיקער פריידיקייט ווערט דער נביא אָנגעזאָפּט. זיינע גאולה אַקאָרדן צעגיסן זיך אין אַ ווייטער ברייטקייט מיט אַ טאָן פון דערלייזנדיקן עקסטאַז שרייט ער אויס:

„וואַך אוף, וואַך אוף,
קלייד זיך אָן מיט שטאַרקייט, ציון,
קלייד דיר אָן דיינע פּרעכטיקע קליידער,
הייליקע שטאָט ירושלים."

און צוזאמען מיטן נביא טאנצט און זינגט די גאנצע וועלט פון שמחה. די גאנצע נאטור איז פול מיט גאולה פרייד. דער נביא קריגט א געוואלדיקן פארנעם און גרויסן שוואונג. זיין שפראך ווערט ווי באַ־פליגלט, זיין סטיל קריגט א וואונדערלעכע עלעגאנץ. ער פארמעסט זיך אזש צו די הימלען און באפעלט זיי אויך זיך צו באטייליקן אין זיין שמחה. מיט דעם גייסט פון זיין יום־טוב־שטימונג שטעקט ער אן אויך דעם הימל און די ערד. א באגייסטערטער פון זיין אומדערשעפלעכער נשמה פרייד שרייט ער:

„זינגט הימלען, פריי דיך ערד,
בערג זאלן עפענען א געזאנג,
גאט האט זיין פאלק אויסגעלייזט".

ניטא נאך אזא נביא וועמענס הארץ זאל זיין אזוי אנגעגאסן מיט פרייד און ענטוזיאזם איבער די גאולה־געשעענישן פון פאלק ישראל ווי דער נביא ישעיהו דער צווייטער, מיט אלע זיינע גלידער, מיט זיין גאנצער נשמה גיסט ער זיך צוזאמען מיט דעם באפרייאונגס־גייסט. ניטא נאך אזא נביא וואס זאל זיין פולשטענדיק באהערשט פון דער אידייע וועגן גאט'ס אלמעכטיקייט און וועגן דער מיסיע, וואס גאט האט באַ־שטימט פאר זיין אויסדערוויילטן פאלק. זיין גאנצע נבואה איז באהערשט פון דעם געדאנק, אז ער אליין מיינט, ניט אנדערש ווי ער איז געשיקט צו אינטערפרעטירן גאט. דער נביא זאגט אלס דער אינטערפרעטאטאר פון גאט:

„איך בין דער ערשטער און דער לעצטער,
אויסער מיר איז ניטא קיין אנדער גאט".

און די געשעענישן וויקלען זיך אוים אין הסכם מיטן געפיל פון נביא. די ארמייען פון גרויסן כורש זיינען שוין אריינגעדרונגען אין דער טיף פון דער שטאלצער און רומפולער בבל. עס האט געדויערט עטלעכע יאר און בבל איז שוין געלעגן א צעבראכענע, א חרוב'ע, א דערנידעריק־טע און א באשפיגענע בא די פיס פון גרויסן זיגער. עס איז מקוים גע־ווארן זיינע נביאישע פארגעפילן. באם נביא שטייגט איצט זיין גאולה־שטימונג און נאציאנאלער סענטימענט ביז דער העכסטער מדרגה פון נביאות, עקסטאז. ער איז פשוט באצויבערט פון יונגן מלך כורש.

נאַטירלעך, זעט ער אין דעם גאָטס אַ וווּנדער. באַזונדערס נאָך, אַז ער איז אַזוי טאָלעראַנט צו פרעמדע רעליגיעס. ער איז ניט נאָר טאָלעראַנט נאָר ער העלפט נאָך צו באַקעמפן און אויסראָטן די געצנדינערייַ אין די איינגענומענע לענדער. צו יידן באַווייזט ער באַזונדערס זיין מילדע און מענטשלעכע באַציונג. ער נעמט אַריין אין זיין מלוכה־ראַט, יונגע לייט פון די משפחות פון די יידישע געפאַנגענע. ער גיט זיי הויכע רעגירונגס־שטעלעס און מען רעדט שוין אין די רעגירונגס־קרייזן פון אַ באַלדיקער באַפרייאונג פאַר די געפאַנגענע פון יהודה. ניט אַנדערש, אַז עס איז משיח׳ס צייטן. עס דערמאָנט זיך דעם נביא די צוקונפט־שילדערונגען פון זיין פאָרגענגער, ישעיהו דער ערשטער. אין זיין אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם זעט ער שוין מיט זיינע אויגן די אַנטפּלעקונג פון סופּער־מענטש, וואָס יענער נביא האָט אַזוי שיין און פּרעכטיק געשילדערט. כורש איז בײַ אים דער סופּער־מענטש. ער גייט אַריין אין אַ גוואַלדיקער נביאישער התפּעלות פון גרויסן זיגער און איידעלן מענטש און פילנדיק אין זיין נשמה די געטלעכע קראַפט זאָגט דער נביא:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט,
צו זיין משיח׳ן צו כורש,
וועמען ער האָט געשטאַרקט צו באַהערשן פעלקער,
פאַר וועמען ער האָט געעפנט די גאַרטלען פון מלכים,
איך האָב געעפנט פאַר אים טיר און טויער,
איך וועל גיין פאַר אים פאָרויס,
אַלע הויכענישן וועל איך גלייך מאַכן,
קופּערנע טירן וועל איך צעברעכן,
אייזערנע ריגלען וועל איך צעשניידן,
איך וועל דיר אָפּגעבן אַלע פאַרבאַהאַלטענע אוצרות,
בכדי דו זאָלסט וויסן, אַז איך בין גאָט,
איך האָב דאָס דיין נאָמען אָנגערופן,
און אַלץ צוליב מיין קנעכט יעקב, צוליב מיין ליבלינג ישראל”.

פון די ידיעות, וואָס זיינען דערגאַנגען צום נביא און צו די אַנדערע גייסטיקע פאַרשטייער פון די גולי בבל, איבער דעם קאַמף,

וואס דער מלך כורש פירט אן קעגן די געצנדינעריי אין די באזונדערע לענדער, צעוואקסן זיך באם נביא גראדיעזע פאנטאזיע בילדער. ער באטראכט כורש'ן אלס א שליח פון גאט, ניט נאר די יידן צו באפרייען און אופריכטן ציון און די הייליקע שטאט ירושלים, נאר די גאנצע וועלט צו באפרייען פון פאלשע און פארקריפלטע רעליגיעזע באגריפן. דער נביא זעט אין כורש'ן א מיטקעמפער אויסצוראטן אינגאנצן דעם געצן־קולט און ארויסברענגען פאר גאר דער וועלט דעם ריינעם גלויבן אין גאט אין זיין פולער גרויס און פראכט. דער נביא זעט שוין אז די טעג פון געצן־קולט זיינען שוין געציילטע און דאס דערמוטיקט אים ארויסצוטרעטן מיט זיין מערקווירדיק שיינער סאטירע אפן געצן־קולט. זיין סאטירע איז די שארפסטע און סארקאסטישסטע אין גאנץ תנ"ך. מיט פאלגנדיקן שניידנדיקן עלעמענט לאכט ער אויס דעם געצן־קולט:

„דער אייזנשמידט מאכט א האק, און ארבעט אף קוילן,
און מיט האמערס טוט ער זי פורעמען,
און ארבעט זי אויס מיט זיין שטארקן ארעם,
אויך ווערט ער הונגעריק, און אן כוח,
ער טרינקט ניט קיין וואסער און ווערט פארשמאכט,
דער האלצמייסטער ציט אויס א שנור,
ער צייכנט מיט א שטיפט, ער מאכט עס מיט הובלען צורעכט,
און מיט א צירקל צייכנט ער עס ארום,
און ער מאכט עס לויטן געשטאלט פון א מאן,
לויט דער שיינקייט פון א מענטשן,
צו וווינען אין א הויז.
ער האקט אויס צעדערן,
און נעמט א הארטן דעמב, אן אייכנבוים,
און קלויבט אוים צווישן די ביימער פון וואלד,
ער פלאנצט א פיכטבוים, דער רעגן מאכט עס וואקסן,
און עס איז פאר דעם מענטשן צו ברענען,
און ער נעמט דערפון און ווארעמט זיך,

ער בראַט בראַטנס און זאָגט,
אויך מאַכט ער דערפון אַ גאָט און בוקט זיך,
מאַכט עס צום געץ און קניט זיך דערצו.
טייל דערפון האָט ער פאַרברענט אין פייער,
אַף אַ טייל דערפון עסט ער פלייש,
ער הייצט עס, באַקט דערפון ברויט,
מיר איז וואַרעם, איך שפּיר דאָס פייער,
און דעם איבערבלייב דערפון,
מאַכט ער פאַר אַ גאָט — פאַר זיין געץ,
קניט צו אים, בוקט זיך און טוט תפילה צו אים,
און זאָגט, ראַטעווע מיך, וואָרעם דו ביסט מיין גאָט.
זיי ווייסן ניט, זיי פאַרשטייען ניט,
זייערע אויגן זיינען פאַרקלעפּט צו זען,
זייערע הערצער — פון פאַרשטיין,
קיינער איבערלייגט זיך ניט אין האַרצן,
זיי האָבן ניט קיין שכל — קיין דערקענטעניש צו זאָגן:
טייל דערפון האָב איך פאַרברענט אין פייער,
און אויך געבאַקן אַף זיינע קוילן ברויט,
געבראָטן פלייש און געגעסן,
און דעם רעשט דערפון זאָל איך פאַר אַן אומווירדיקייט מאַכן,
צו אַ שייט האָלץ זאָל איך קניען?"
דער נביא שרייט אויס מיט פּאַטאָס:
„וועמען קענט איר צוגלייכן צו גאָט?
און וואָס פאַראַ בילד קענט איר אים קעגנשטעלן?

דאָס פירט אים אָנצוווייזן אַף גאָטס אינטעלעקטועלן און גייסטיקן כוח. ער מאַכט עס אין פאָרם פון אַ פראַגע:

„ווער האָט אויסגעפאָרשט גאָטס גייסט?
ווער איז זיין בעל עצה?
מיט וועמען האָט ער זיך געהאַלטן אַן עצה?
וואָס האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין דעם וועג צו גערעכטיקייט?

דער נביא עצה׳ט מענטשן קוקן אף די הימלען און באטראכטן גאט׳ס באשאף.

„ער איז דער באשאפער פון די עקן פון דער וועלט,
גאט קען מען ניט זען,
מען קען זיך פארשטעלן זיין גרויסקייט דורך
דער וועלט וואס ער האט באשאפן״.

דאס איז דער העכסטער גראד פון אוניווערסאליזם. גאט איז באם נביא דער באשעפער פון דער וועלט און דער אלמעכטיקער הערשער איבער אלץ און איבער אלעמען.

---

א גרויסע גרופע געפאנגענע יידן נוצן אויס די דערלויבעניש פון מלך כורש און קערן זיך אום קיין ארץ ישראל. דארטן נעמען זיי אוף די ריזיקע ארבעט פון דאס ניי אופצובויען דעם בית המקדש און איינשטעלן א רעגלרעכטן רעליגיעזן לעבן אין לאנד. מען וויל ווידער זען אין ירושלים אופגעשטעלט א גייסטיק-רעליגיעזן צענטער. דער נביא ישעיהו דער צווייטער איז צופרידן. ער האט די גאולה אנגעזאגט און ער האט דערלעבט זי צו זען א פארווירקלעכטע. זיין לעבנס-ציל איז דערגרייכט געווארן און זיין מיסיע האט ער דערפילט. ער מעג זיך שוין אפרוען אף די עלטערע יארן.

ער קען דאס אבער ניט דערגרייכן. ער מוז ווייטער שטיין אף דער וואך פון יידישן פאלק. ער איז א נביא און מוז ברענגען צו זיי גאט׳ס ווארט, ווען דאס פאלק דערווייטערט זיך פון דעם אנגעצייכנטן וועג.

דאס מאל איז שוין זיין טאן אן אנדערע. עס פילט זיך שוין ניט זיין באגייסטערונג, ניטא דער פריילעכער געזאנג אין זיין נבואה. ניטא די פייערלעכקייט אין זיינע ווערטער.

ווי עס איז באקאנט, האבן זיך ניט אנטוויקלט די ווייטערדיקע געשעענישן אין לעבן פון די אומגעקערטע אזוי ווי דער נביא האט געוואלט און ווי מען האט דאס געקענט דערווארטן. די צוריקגעקומענע האבן זיך אנגעשטויסן אף גרויסע שוועריקייטן אין זייער אופלעבונגס-ארבעט. ערשטנס, די גרויסע ארעמקייט צווישן זיי און די אפגעלאזנקייט אין לאנד, אף וועלכע זיי האבן זיך אנגעשטויסן, באלד נאך זייער קומען,

דאס האט אוועקגענומען בא זיי די מעגלעבקייט אויסצופירן די אנגע־פאנגענע ארבעט. צווייטנס, די שטערונג מצד די האלבע און פערטל יידן, וואס האבן דארטן געלעבט. דער דאזיקער עלעמענט האט מיט אלע מיט־לען גיט דערלאזט, אז זיי זאלן אופבויען צוריק דעם בית המקדש און איינשטעלן דעם ריינעם רעליגיעזן לעבן אין לאנד. דריטנס, די שפאלטונג וואס איז געקומען אין זייערע רייען גופא, צוליב די מאכט אין לאנד.

די הענט פון די עולים האבן זיך אראפגעלאזן. דער קלארער הימל פון דער גאולה איז פארכמארעט געווארן, די שיין פון דער צוקונפטיקער מלוכה איז פארטונקלט געווארן. עס איז נים מער ווי נאטירלעך, אז אונ־טער די אומשטענדן, זיינען די געמיטער געפאלן, א יאוש שטימונג האט גענומען ארייגדרינגען אין דער געזעלשאפט. דאס ערשטע האט מען גע־נומען ארויסווייזן אומצופרידנקייט קעגן נביא, זיינע נבואות פון דער גאולה איז נים איינגאנצן מקוים געווארן. זיינע ליכטיקע רייד איבער די באשטימונג פון פאלק ישראל, אין פארבינדונג מיט גאטס אייביקייט און דער גייסט וואס ער וועט מאכן רוען אף ציון איז אויך ניט מקוים געווארן.

דעמאלט טרעט ארויס דער נביא און שרייט א פארביטערטער, אז זיינע נביאות מוזן מקוים ווערן, ווייל ער רעדט אין נאמען פון גאט, און גאטסווארט מוז דערפילט ווערן. אויב זיי זיינען ביז איצט ניט איינגאנצן דערפילט געווארן, איז דאס דערפאר, ווייל דאס פאלק איז ניט ווי געהעריק צוגעגרייט איבערצונעמען די הויכע מיסיע צו וועלכע די געשיכטע האט אים באשטימט. אויב אים איז ניט געלונגען אופצובויען דעם בית המקדש ביז איצט און אנצינדן אפן בארג ציון דעם גייסטיקן פאקעל, וואס זאל באלויכטן דער גאנצער וועלט, איז דאס צוליב די זינד פון פאלק.

און מיט פארביטערונג רעדט ער צום פאלק אוןווארפט אים פאר זיין זינדיקן לעבן:

„גאטס האנט איז ניט קורץ אייך צו העלפן,
זיין אויער איז ניט פארשטאפט אייך צו הערן,
נאר אייערע זינד טיילן אייך אפ,
צווישן אייך און אייער גאט".

און דער חוב פון א נביא איז, אויב דאָס פאָלק איז זינדיק, אופ־מערקזאַם מאַכן דאָס פאָלק אױף זײַנע זינד, פאָדערן אין נאָמען פון גאָט אַן אויסבעסערונג אין זייער לעבן. דער נביא דערפילט ווידער אין זיך די געטלעכע שטים, וואָס דערמוטיקט אים, וואָס צווינגט אים צו טאָן זײַן חוב, דערפילן זיין מיסיע און מוסר'ן דאָס פאָלק.

„רוף אוים מיטן האלדז, הער ניט אוף,
ווי מיט אַ שופר הויבּ אוף דיין שטים,
זאָג מיין פאָלק זיין פאַרברעכן,
יעקב'ס הויז זאָג זײַן זינד".

דאָ פאַלט שוין אריין דער נביא אין טאָן פון די גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע נביאים און ווייזט ארוים זיין טיפן און ברייטן רעליגיעז־עטישן וועלט־באַנעם.

דער סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכער צושטאַנד צווישן די עולים איז צו יענער צייט געווען שרעקלעך. די מער רייכע האָבן עקספּלאָאַטירט און אונ־טערדריקט עקאָנאָמיש די אָרעמערע. זייער רעליגיעזער לעבן איז אויסגע־פילט געוואָרן מיט אַ טרוקענעם צערעמאָניאַל פון קרבנות, תפילות און האריץ און תעניתים אָן אַן אינהאַלט. צו דערפילן זייער רעליגיעזן חוב האָבן זיי ניט געפילט דערצו קיין נשמה דראַנג נאָר פּשוט נאָכקומען אַ געוווינהייט.

דער נביא זעט דאָס און עס געפעלט אים ניט. ער וואַרפט זיי אין פּנים דעם אמת, דרייסט און אומדערשראָקן זאָגט ער זיי:

„איר קלאָגט זיך, אַז איר פאַסט און זעט ניט קיין תכלית אין דעם, איר פּייניקט אייערע נפשות און ווייסט ניט פון קיין הילף, הייסט דען דאָס באַ אייך דינען גאָט? אָט ווי עס זעט אויס אייער גאָט דינען".

„אינעם טאָג ווען איר פאַסט, דערפילט איר אַלע אייערע מאַ־טעריעלע פאַרלאַנגען.

אייערע אַרבעטער דריקט איר,

אייער פאַסט־טאָג ווערט פארוואַנדלט אין אַ קריג־טאָג און אַ געשלעג,

אויב נאר אנמאכן א טומל און א רעש, דארפסט איר ניט פאסטן,
צי דען האב איך עפעס פון אזא פאסטן און פייניקן?
איז דען דאס אייגבויגן דעם קאפ ווי א טראסטש,
און זיך אנטאן אין טרויער קליידער — א טאג וואס גאט וויל?
אט וועלכן פאסטן איך באדארף,
לויז מאכן די שטריק די בייזע,
אפבינדן די קנופן פון יאך,
די צעבראכענע און אונטערדריקטע מאכן פריי,
צערייסן אלע קנופן פון אונטעריאכונג,
דעם ארעמען דערלאנגען א שטיקל ברויט,
דעם ארעמען וואגלער אריינלאזן בא זיך אין שטוב,
דערזעסטו א נאקעטן — באגלייד אים,
פון דיינע ארעמע קרובים זאלסטו זיך ניט אויסבאהאלטן,

דעמאלט ערשט וועט זיך אנטפלעקן די ליכטיקייט פון דער גאולה, דעמאלט וועט דורך די פינצטערניש דורכשניידן דער שטראל צו אייביקע ליכט, דעמאלט וועט די פינצטערניש ווערן ליכטיק ווי אינמיטן העלן טאג.

דער נביא זעט נאך וואס. דער פאלשער באגריף פון דערפילן דעם רעליגיעזן חוב נעמט זיך דערפון, וואס די גייסטיקע פירער און די כהנים, איז וועמענס הענט עס איז צו יענער צייט געלעגן די גאנצע מאכט איבער די עולים, דערפילן אויך ניט געטריי זייער חוב. אנשטאט צו וואכן איבער די אינטערעסן פון פאלק און ווייזן דעם פאלק דעם ריכטיקן וועג אף וועלכן זיי דארפן גייז, היטן זיי בלויז זייערע אייגענע אינטערעסן. דער געזעלשאפטלעכער לעבן פון פאלק קימערט זיי גארניט. זיי זארגן ניט צו באשיצן די גרופע עולים פון די פיינט וואס לויערן אף זיי. ווארפט זיי דער נביא פא ראון זאגט זיי אויך דעם אמת אין די אויגן:

„אלע פעלד־חיות זיינען געקומען,
אלע וואלד־חיות ווילן אופרעסן,
און די וואס שטייען אף דער וואך זיינען בלינד, זיי ווייסן גארניט,
זיי זיינען ווי שטומע הינט,

וואָס קענען ניט בילן,
זיי פּאַנטאַזירן, זיי ליגן,
האָבן האָלט צו דרימלען,
און די הינט — ווייסן ניט פון זעטיקייט,
און די פּאַסטוכער — פאַרשטייען גאָרניט,
יעדער גייט זיך זיין אייגן וועג
יעדער פון ברעג צו ברעג, זוכט נאָר זיינע
מאַטעריעלע אינטערעסן".

דער נביא פאַרצווייפלט ניט פון דער ניט נאָרמאַלער לאַגע. ווי שטענדיק איז ער פעסט און שטאַרק אין זיין אמונה און בטחון אין גאָט. גאָט איז אַן אייביקייט, ישראל איז זיין ליבלינג און ממילא אויך אַן אייביקייט. כאָטש דאָס פאָלק האָט דאָס ניט פאַרדינט, אָבער גאָט וועט דאָס טאָן אין זיין אייגענעם נאָמען.

„ער זעט, אַז עס איז קיינער ניטאָ
ער שטוינט, אַז עס איז ניטאָ וועד עס זאָל בעטן,
וועט העלפן זיין אייגענע מאַכט,
זיין גערעכטיקייט וועט אים שטיצן דאָס צו טאָן.
ער וועט באַצאָלן זיינע פיינט ווי עס קומט זיי".

דער נביא צווייפלט ניט איין מאָמענט אין גאָטס הילף, ער איז דער גרויסער מאמין און גרויסער בעל בטחון. אונטער דעם איינפלוס קריגט דער נביא ווידער זיין פריערדיקן אָפּטימיזם. ער איז שוין ווידער פול מיט באַגייסטערונג, פול מיט ענטוזיאַזם איבער די גאולה אַספּעקטן. ער זעט שוין ווידער דאָס יידישע פאָלק אין דער ראָל פון זיין מיסיע, צו זיין דער גייסטיקער וועג־ווייזער פאַר גאָר דער וועלט. מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פּאַטאָס שרייט ער:

„שטיי אויף, באַלייכט, דיין ליכט איז געקומען,
דער כבוד פון גאָט וועט אויף דיר שיינען,
כאָטש די גאַנצע וועלט וועט זיין איינגעהילט אין פינצטער,
אַלע פעלקער אין געדיכטע וואָלקנס,
אָבער אויף דיר וועט גאָט שיינען,

זיין כבוד וועט זיך אַף דיר באַווייזן,
פעלקער וועלן גיין אין דיין ליכט,
מלכים וועלן גיין אין דיין שיין".

און שטענדיק בלייבט דער נביא פעסט און איבערצייגט אינעם גרונט געדאַנק פון זיין נבואה, אַז דאָס יידישע פאָלק איז באַשטימט פון דער געשיכטע צו אַ ספּעציעלער מיסיע, צו זיין די ליכט פון דער גאַנצער וועלט. פונעם דאָזיקן געדאַנק זאָגט ער זיך ניט אָפּ, כאָטש ער איז שפּעטער אַנטוישט געוואָרן אין זיינע דערוואַרטונגען. אין דער באַשטימונג פונעם יידישן פאָלק צו דער דאָזיקער גייסטיקער מיסיע איז ער געווען זיכער און אין דער דאָזיקער זיכערקייט זאָגט ער:

„די זון וועט ניט שיינען פאַר דיר נאָר באַטאָג,
און די לבנה וועט דיר ניט לייכטן נאָר באַנאַכט,
גאָט וועט זיין פאַר דיר אַן אייביקע ליכט".

דער נביא איז אַזוי ווייט איינגעגלויבט אין זיין געדאַנק, אַז אפילו די נאַטור אַליין וועט זיך מוזן ענדערן כדי די נבואה זיינע זאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

רעזומירנדיק די קורצע נבואה־ציטאַטן פון ישעיהו דעם צווייטן, באַקומען מיר אַ בילד אַף וועלכן מיר קענען זען דעם נביא אין זיין פולער און הערלעכער גרויס.

ישעיהו דער צווייטער זעט זיך ווי אַ שטאַרקער ליכטיקער שיינוואַרפער אין דער נביאות ליטעראַטור. ער קאָנצענטרירט אין זיינע נביאות די דערהויבנסטע און הערלעכסטע געדאַנקען, וואָס די נביאות בכלל פאַרמאָגט אין זיך. פון זיין גאַנצן וועזן, פון זיין יידיש־ברענענדיקער נשמה שטראָמט ווי געשטורעמן פון אַ סטיכישן כוח, זיין גאָט־דערקענטעניש, וואָס באַשטייט אין אומענדלעכער גרויסקייט, אַן אין־סוף׳דיקער אייביקייט, העכסטער הייליקייט און אומבאַגרענעצטער אַלמעכטיקייט פון גאָט. די דאָזיקע דערקענטעניש פאַרמירט אויס באַ אים דעם גרונט געדאַנק פון זיין נבואה, און מיט דעם אייביקייטס־געדאַנק און העכסטער הייליקייט, וואָס ער שטעלט

פאר די געטלעכקייט, פארבינדט ער דעם פאלק ישראל און טראגט דאס איי־
בער אפן לאנד פון ישראל.

זיין נבואה זאגט ער ארויס מיט א שלל זעלישער דערהויבנקייט, מיט
א שמחה און ענטוזיאזם אז א ברעג. זיין שפראך, זיין סטיל און פאעטישע
פארם וואס ער באנוצט, זיינען באצויבערנדיק. מיט זיין שיינער רעטאָ־
ריק, מיט זיין נביאישן פאטאס און עקסטאז, טראגט ער אונדז אריבער אין
אן אנדער וועלט. לייענענדיק דעם נביא׳ס רייד, פארגעסן מיר לחלוטין די
וועלט וווּ מיר געפינען זיך און שוועבן אף די פליגל פון זיין רייכער פאנ־
טאזיע, אין א וועלט פון לויטער גייסטיקער דערהויבונג. ער ווייזט אונדז
פרעכטיקע בילדער פון יידישער גאולה, פון יידישער באפרייונג, בילדער
פון אן אויסערארדנטלעכער נאציאנאלער פרייד, גליק און זעליקייט אן א
ברעג.

אט דעם גאולה־אנזאג זינגט ארויס דער נביא מיט אזא שמחה און
נשמה׳דיקן ענטוזיאזם, אז די גאנצע נאטור זינגט מיט מיט אים און פרייט
זיך מיט זיין שמחה. הימל און ערד, בערג און טאלן, וועלדער און פעלדער,
אלץ איז באגייסטערט פון דער יידישער גאולה.

באגלייך מיט אלע נביאים, זיינע פארגענגער, פילט דער נביא א געט־
לעכן כוח אין זיין נשמה, אן אומדערקלערבארע קראפט, טרייבט אים,
צווינגט אים, ער זאל גיין און זארגן פארן המון, וואס ער דענקט און וואס
ער טראכט, און דער נביא טראכט און דענקט נאר פון אמת און משפט,
פון יושר און צדק. ער טראכט פון א נייער וועלט, א וועלט אין וועלכער
עס וועט ניט הערשן קיין אומגערעכטיקייט און פיינטשאפט. א וועלט וואס
וועט זיין פול מיט רעליגיעזער עטישקייט און גייסטיקער דערהויבונג. אין
צענטער פון אט דער וועלט וועט שטיין דאס יידישע פאלק, וואס איז בא־
שטימט פון דער געשיכטע די גייסטיקע דערהויבונג צו פארשפרייטן אף
גאר דער וועלט, דורך דער פארמיטלונג פון הייליקן בארג ציון.

דער גרויסער נאציאנאלער טעמפעראמענט וואס דער נביא ווייזט א־
רויס, האט אף א האר ניט פארמינערט זיין טיפן רעליגיעז־עטישן וועלט
באנעם און זיין ברייטן אוניווערסאלן גאטס באגריף.

דער דאזיקער באגריף זיינער קאמפלעטירט און פערפעקציאנירט דעם

שיינעם בילד פון נביא און רעפלעקטירט זיין גרויסע פערזענלעכקייט אין די הערלעכסטע און פרעכטיקסטע פארבן וואס אונדזערע נביאים האבן פארמאגט.

אין שיינקייט פון זיין שפראך, אין עלעגאנץ פון זיין סטיל, אין זיין פילפארביקע שילדערונג פון נאטור, שטייט ער ניט אפ פון נביא ישעיהו דעם ערשטן. דאס איז טאקע איינער פון די מאטיוון, פארוואס מען האט דעם אנאנימען נביא פארייניקט מיטן נביא ישעיהו דעם ערשטן און אים באצייכנט אלס „ישעיהו דער צווייטער".

---

# די נביאים:
# יואל, חגי, זכריה און מלאכי

# יואל הנביא

## די תקופה אין וועלכער ער האט געווירקט

ווענן דער צייט ווען דער נביא יואל האט געלעבט און איז ארויס־געטראטן מיט זיין נבואה, איז דא א גרויסע חלוקי דעות. אייניקע מפר־שים ווי: בן זאב, רש"י, אברבנאל, און אנדערע ווילן האבן, אז יואל הנביא האט געלעבט און געווירקט אין די צייטן פון בית ראשון. אין דער צייט ווען די רעוואלוציע פון יהוידע הכהן מיט זיינע אנהענגער קעגן דער קעניגן עתליה איז אויסגעבראכן און אלס רעזולטאט פון דער רעווא־לוציע איז געקרוינט געווארן דער זיבן יאריקער קינד יאשיהו אלס קעניג.

אנדערע מפרשים און ביבל קאמענטאטארן ווילן האבן, און מיט זיי האלטן א סך ביבל־פארשער, אז יואל האט געלעבט אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש. ער האט געווירקט אין דער צייט פון די ערשטע עולי בבל, ווען עזרא האט שוין געהאט פולשטענדיק רעסטאווירט דעם נייעם בית המקדש, איינגעשטעלט מיט אן ארדענונג גאט־דינסטן אין בית המקדש און אפגעריכט פולקאם דעם קרבנות קולט אלס העכסטן רעלי־גיעזן אויסדרוק פון יידן. אין ירושלים איז שוין איינגעפונדעוועט גע־ווארן דער איינציקער און העכסטער גייסטיקער צענטער פון מלכות יהודה.

סיי די ערשטע און סיי די לעצטע גיבן אן געגוג ארגומענטן צו זייע־רע מיינונגען. פאר אונדז איז קיין אונטערשייד ניט ווען דער נביא האט געלעבט. מיט דער ארבעט זיינען מיר ניט אויסן פעסטצושטעלן היסטא־רישע אמת'ן. מיר זיינען געניגט צו דער מיינונג, אז יואל האט טאקע געלעבט אין די צייטן פון צווייטן בית המקדש. די השערה קען מען בויען, שטודירנדיק גרינטלעך דעם אינהאלט פון זיין נבואה. דער עיקר אבער פון דער ארבעט איז די פערזענלעכקייט פון נביא און דער מהות פון זיין נבואה.

אז דער נביא יואל געהערט ניט צו דער קאטעגאריע נביאים וואס

זיינען ארויסגעטראטן אין די צייטן, ווען ביידע מלוכות האבן עקזיסטירט. יהודה און ישראל, איז א פאקט. ער דערמאנט ניט מיט איין ווארט אפילו די עקזיסטענץ פון ישראל. ווי עס איז צו זען פון זיינע רייד, איז ער געווען פון ירושלים און געשטאנען גאר אין נאנטע באציונגען צו די כהנים. ער האט זיך געדרייט אין קרייז פון די זקנים, וואס האבן צוזאמען מיט די כהנים אנגעפירט מיטן גייסטיקן לעבן פון פאלק.

יואל'ס נבואה איז ניט קיין פראדוקט פון רעליגיעזער עקזאלטאציע, ער זעט ניט קיין וויזיעס, ער פאלט ניט אריין אין התלהבות פון וועלכע ניט איז נאטור דערשיינונגען. זיין נבואה איז גיכער א דיקטאט פון א טיף פילנדיקער הארץ, פון א ווארעמער יידישער נשמה. זיין נבואה איז פול מיט צארטע געפילן צום פאלק, דערפאר דרינגט זי אריין אזוי טיף אין הארצן און אין דער נשמה פון זיינע צוהערער.

דער נביא יואל איז א פשוטער פאלקס-מענטש, וואס ווייסט גוט און פארשטייט אויסגעצייכנט דעם אינעווייניקסטן פארלאנג פון זיין פאלק. ער פילט זיינע ווייטיקן און שפירט ווו עס ליגט די רפואה דערצו. ער פארשטייט ארויסצוברענגען די פארבארגענע געדאנקען פון די פאלקסמאסן און צוזאמען מיטן פאלק טרוימט ער און האפט, אז די חלומות זאלן וואס גיכער דערפילט ווערן.

ווי מען קען זען פון זיינע נבואות, איז יואל געווען א גרויסער אנ-הענגער פון גייסטיק-רעליגיעזן צענטער אין ירושלים. דער צענטער איז שוין געווען גענוג פאפולער אין פאלק און האט שוין געהאט געשלאגן טיפע ווארצלען אין געזעלשאפטלעך-רעליגיעזן לעבן פון יהודה. ער קעמפט ניט פאר נייע מלוכה-ארדענונגען, ווי די ערשטע נביאים, ער פראטעסטירט ניט קעגן דער געזעלשאפט פאר אירע אפווייכונגען פון ריכטיקן יידישן לעבנס-שטייגער. ער ווארפט ניט פאר דעם פאלק דערפאר, וואס ער דינט צו פרעמדע געטער און אבסארבירט פרעמדע קולטורן. אים אינטערעסירט ניט די סאציאלע סתירות אין דער געזעלשאפט. ער זעט בלויז איין זאך. מלכות יהודה און דאס פאלק ישראל האבן זאך ניט דערגרייכט די גליק-לעכע צייטן, וואס זיי קומט לויט גאטס פארשפרעכן און אין הסכם מיט זייערע העכערע קולטורעלע און גייסטיקע דערגרייכונגען. דעם נביא טוט

ווי, וואס יהודה שטייט נאך ניט אין שפיץ פון אלע פעלקער, וואס דער גאט פון ישראל איז נאך ניט פון אלע פעלקער אנערקענט אלס דער איינ־ציקער גאט.

דער נביא יואל איז א פאלקס־טריבון. זיינע רייד זיינען פול מיט באגייסטערונג. זיינע געדאנקען פריי און פארשטענדלעך. די בילדער וואס ער מאלט זיינען טרעפלעך און צוגעפאסט צום גייסט פון פאלק. זיינע צוקונפט־אידעאלן וואס ער שטעלט פאר באצויבערן דעם לייענער. דער־פאר פילט מען אזא צארטע ווארעמקייט צו אים, און דערפאר ווערט מען אזוי פול מיט עמאציע לייענענדיק זיינע ווערטער.

דער אינהאלט פון זיין נבואה איז זייער קורץ און איינפאך. אלץ קומט ארויס בא אים פאלקסטימלעך. אין זיינע צייטן, ווי עס ווייזט אויס, האט יהודה איבערגעלעבט א שרעקלעכע נאטור־קאטאסטראפע, וועלכע ניט נאך עקאנאמיש שוואך, פאליטיש ניט אינגאנצן זעלבסטשטענדיק, האט די קאטאסטראפע געווירקט צעשמעטערנדיק אפן פאלק.

זי האט פארורזאכט חורבן אין לאנד. דאס פאלק האט שטארק גע־ליטן, דער נביא, אלס פאלקס־מענטש און טרייער דינער פון פאלק, האט פארזוכט זיי אופצומונטערן מיט זיינע רייד. ער האט געוואלט זיי דער־מוטיקן און אנפילן זייער הארץ מיט האפענונג, שטארקן בא זיי דעם בטחון און צוגעבן זיי כוח איבערצוטראגן דעם שרעקלעכן אומגליק.

א געפערלעך גרויסע מחנה היישעריקן זיינען באפאלן יהודה אין די צייטן פון נביא יואל. זיי האבן פשוט הרוב און וויסט געמאכט דאס לאנד. דער היישעריק האט אופגעפרעסן אלע פעלדער און צעגריזשעט אלע וויינגערטנער און פלאנצן, דער הויפט מקור פון זייער חיונה. עס איז ניט געבליבן קיין גרינער גרעזעלע, קיין לעבעדיקער פלאניץ, קיין גאנצער בוים אין לאנד. טאמער איז דאס געווען ווייניק, האט א טריקעניש דער־גענצט דעם חורבן. א פאר יאר האט אנגעהאלטן די דאזיקע נאטור־קא־טאסטראפע און די באפעלקערונג איז אויסגעגאנגען פון הונגער און דורשט.

אין א זעלטן שיינער פארם, פארבנפול, זאפטיק און לעבעדיק, אין א פאעטישן סטיל, אבער פארשטענדלעך און קלאר שילדערט דער נביא

דעם אנקום פון די מחנות היישעריקן, זייער אריינדרינגען אין לאנד, זייער פארשפרייטן זיך איבער די פעלדער און וויינגערטנער, איבער די גאסן און פלעצער, זייער אריינקריכן אין די הייזער און צימערן און קלאגט צוזאַמען מיט דער פאלקסמאסע אף דעם שרעקלעכן חורבן.

מיט פאלגנדיקע ווערטער מאלט ער דעם אנקום פון די היישעריקן:

„א פאלק איז ארוף אף מיין לאנד,
א שטארקער, אן א צאל,
ער האט געמאכט מיין ווייַנשטאק וויסט,
מיין פייגנבוים — א שפענדל,
ער האט אליץ אפגעשיילט און אוועקגעשליידערט,
ווייס האבן זיי געמאכט די טרויבן־צווייגלעך.
קלאג ווי א בתולה, אנגעגורט אין א זאק,
ווי איינע וואס קלאגט אף דעם מאן פון איר יוגנט".

דעם אויסזען פון די מחנות היישעריקן שילדערט ער מיט פאלגנדיקע ווערטער:

ווי פערד זעען זיי אויס,
ווי פלינקע רייטער לויפן זיי,
זיי רוישן ווי רייטוועגענער,
ווען זיי שפרינגען אף די שפיצן פון די בערג,
זיי זשומען ווי א פייער־פלאם וואס ברענט שטרוי,
ווי א שטארק פאלק, וואס איז גרייט אין מלחמה,
עס ציטערן פאר אים פעלקער,
אלע געזיכטער זיינען פארשווארצט פון שרעק.
ווי העלדן באפאלן זיי,
ווי זעלנער קלעטערן זיי אף די מויערן,
יעדער איינער גייט זיין וועג,
פארדרייען זיך ניט אן א זייט,
איינער דעם אנדערן קוועטשט ניט,
זיי מאכן אן א גערוויש אין שטאט,
איבער די מויערן לויפן זיי,

אין די הייזער גייען זיי אריין,
דורך די פענצטער, ווי גנבים, קריכן זיי".

אין יענער צייט, איז שוין די עבודה אין בית המקדש געווען איינגעארדנט אין איר פולן פראכט. די כהנים האבן געהאט די גייסטיקע פירונג איבערן פאלק אין זייערע הענט. דער קרבנות קולט איז געווען אין זיין פולן פארנעם. להיפך צו די ערשטע נביאים, שיינט דער נביא יואל צו זיין א גרויסער סימפאטיזירער פון קרבנות קולט. דאס איז געווען א רעליגיעזע באפרידיקונג פארן פאלק און אלס פאלקס-מענטש פארדריסט דאס אים, וואס דער אומגליק האט געשטערט דורכצופירן דעם פאלקס-קולט, ווי מען איז געווען געוווינט. קלאגט דער נביא אף דעם, וואס איז ניט געבליבן גענוג בהמות צו ברענגען קרבנות, ניט געבליבן גענוג ווייז צו גיסן אפן מזבח.

„עס איז פארשניטן געווארן די מנחה,
און דער נסך פון גאטס הויז,
די כהנים, די דינער פון גאט, טרויערן".

פאר דעם נביא, וואס איז געווען טיף רעליגיעז און געשטאנען אין נאנטע באציאונגען צו די כהנים, איז דאס אויספעלן פון קרבנות געווען א גרויסער אומגליק, מען מוז רעאגירן אף אזא צרה. ווי זשע רעאגירט מען אף א צרה בא יידן? מען פארזאמלט זיך אין גאטס הויז, מען טוט תשובה, מען פאסט, מען וויינט, מען בעט בא גאט ער זאל זיך דערבארעמען, אפשר וועט ווידער ווערן א מנחה און ווייז צו גיסן אפן מזבח.

אט ווי דער נביא רופט די יידן אין גאטס הויז.
„בלאזט מיט א שופר אין ציון,
שאלט אף מיין הייליקן בארג,
זאלן אלע איינוווינער אין לאנד אופציטערן,
קערט זיך אום צו מיר מיטן גאנצן הארצן,
מיט פאסטן, מיט געוויין, מיט יאמער".

באטש דער נביא איז געווען אן אנהענגער פון קרבנות קולט, דאס אויספעלן פון קרבנות האט אים געקאסט געזונט, **פונדעסטוועגן פאר-**

שטייט ער, אַז ניט דאָס איז דער עיקר אין אַן עת צרה. דער עיקר איז געפיל און האַרץ. אונטערשטרייכט ער דאָס אין זיין רופן אין גאָטס הויז:

„צערייסט אייערע הערצער, ניט די קליידער,
און קערט זיך צו אייער גאָט".

דער נביא יואל איז געווען דורך און דורך אַ פאָלקס־מענטש. דאָס פאָלק איז אים געווען ליב און טייער. יעדע קליינינקייט, וואָס האָט גע־קענט פאַרשאַפן פאַרדרוס דעם פאָלק האָט אים ווי געטאָן. אפילו דאָס אויספעלן ווייַן צום טרינקען האָט אים פאַרדראָסן. ער באַדויערט די פאָלקס־מאַסע וואָס עס פעלט זיי אויס וויין צום טרינקען.

„אויף דעם בעכער וואָס איז פאַרשניטן פון מויל,
קלאָגט איר שיכורים,
וויינט איר וויין טרינקער".

יואל הנביא האָט ליב געהאַט זיין פאָלק ווייל ער האָט באַטראַכט דאָס פאָלק ישראל פאַר אַ קולטורעלע און גייסטיקע נאַציע. ער האָט גע־האַלטן, אַז די מיסיע פון פאָלק ישראל איז, פאַרשפּרייטן ליכטיקייט און קולטור אין דער וועלט. זיין לעבנס־ווונטש איז געווען, זען דעם אופבלי פון יהודה אַלס נאַציאָנאַל־רעליגיעזע היים פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל. זיין טרוים איז געווען, יהודה באַזעצט פון אַלע יידן. ירושלים האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלס גייסטיק־רעליגיעזער צענטער אויף אַלע אייביקייטן.

יואל הנביא איז באַאיינפלוסט פון די גרויסע נביאים, זיינע פאָר־גענגער. אויסער דעם קרבנות קולט איז ער פּונקט ווי זיי אוניווערסאַל. ער דערוואַרט, אַז גאָט וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר דער גאַנצער וועלט, ניט נאָר פאַר יידן אַליין, נאָר אויך פאַר אַנדערע פעלקער. ער איז משיחיש געשטימט ווי זיי. ער רעדט אויך פון אַ גליקלעכער צוקונפט, ווען דער שלום וועט זיך אויסשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט און מען וועט די שווערדן איבערשמידן אויף סערפּעס און די שפּיזן אויף שניידמעסערן. פּונקט ווי יחזקאל הנביא, זיין פאָרגענגער, זעט ער אויך די ליכטיקע צוקונפט וואָס דערוואַרט זיין פאָלק ישראל. ער גלייבט אויך אין „טאָג פון גאָט", ווען גאָט וועט דורכפירן אַ משפּט איבער אַלע פעלקער, וואָס וועלן זיך פאַרזאַמלען מלחמה האַלטן מיט יהודה און פאַרזוכן זי צו

אונטערברעננגען. נאַטירלעך, אונטער אַלע פעלקער מיינט ער אין דער ערשטער ריי, די היסטאָרישע שונאים פון די יידן, די נאָנטסטע שכנים זייערע. גאָט וועט זיי פאַרזאַמלען אין טאָל פון יהושפט און דאָרטן וועלן זיי באַזיגט ווערן פון יהודה. אין דעם טאָג וועט דער כבוד פון גאָט אַנטפּלעקט ווערן אין זיין גאַנצער פּראַכט און גרויסקייט. גאָטס נאָמען אַלס גאָט פון ישראל וועט קלינגען איבער דער גאַנצער וועלט. (אַ מערק־ווירדיקע נבואה, וואָס איז אַזוי גוט ווי מקוים געוואָרן אין אונדזערע טעג).

דער נביא יואל, ווי עס איז צו זען, האָט באַגלייך מיט די נביאים פאַרגענגער, געלייגט פיל געוויכט אויף דעם „טאָג פון גאָט", וואָס מוז קו־מען און וועט קומען און דער טאָג וועט אינגאַנצן ענדערן דעם מצב פון ישראל. נאַטירלעך, איז אַזאַ טאָג אויסערגעוויינלעך, העכער פון דער נאַ־טור. די נאַטור אפילו וועט ענדערן איר געוויינלעכע דערשיינונג.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַלס אָנפאַנג פון „דעם טאָג פון גאָט" וואָס קומט באַשטראָפן די וועלט פאַר איר אומגערעכטיקייט. דער הייזעשע־ריק וואָס איז באַפאַלן יהודה, דערנאָך די גרויסע טריקעניש, איז די שטראָף פאַר דער וועלט. וועמען זשע זוכט גאָט צו באַשטראָפן? ניט שוין זשע דאָס פאָלק ישראל? ישראל איז שוין אַזוי אויך געווען באַשטראָפט. זיין לאַנד איז קליין, שוואַך, אָפּהענגיק פון אַ גרויסער מאַכט, וואָס וויל זי אינגאַנצן איינשלינגען, עקאָנאָמיש רואינירט. קלאָר, אַז די שטראָף איז באַשטימט פאַר ישראל'ס שכנים, וואָס טוען זיי שלעכטס. די קאַטאַסטראָ־פע איז אַ לעבעדיקער צייכן, אַז אַנזאָג פון גרעסערע און שרעקלעכערע קאַטאַסטראָפעס, וואָס קומען אַן. פאַר דאָס פאָלק פון ישראל איז די שטראָף שוין די לעצטע. פון דעם טאָג אָן, וואָס קומט, וועט פאַרן פאָלק ישראל קומען אַ גליקלעכע און ליכטיקע צוקונפט. דער נביא שילדערט דאָס אויף זיין שטייגער, פול מיט לעבן, בילדעריש און שיין מאָלט ער די משיחישע צוקונפט, וואָס וועט קומען פאַר דעם פאָלק ישראל. אין לע־בעדיקע און זעלטן שיינע פראַזן רעדט ער, זיינע רייד זיינען אַזוי אַקטועל, גלייך ווי אַ מיניסטער פון ישראל רעדט דאָס היינט:

„ירושלים וועט זיין הייליק,

פרעמדע וועלן דארטן ניט קומען,
אין יענעם טאג,
וועלן די בערג טריפן מיט וויין,
פון די הויכעניש וועט פליסן מילך,
אלע טאלן וועלן זיין פול מיט וואסער.
מצרים וועט זיין וויסט,
ארום וועט זיין גלייך צום מדבר,
פאר דעם רויב וואס זיי האבן גערויבט פון יהודה,
פאר דעם אומשולדיקן בלוט וואס זיי האבן פארגאסן,
יהודה וועט זיין אייביק באזעצט,
און ירושלים אף אייביקע דורות,
איך וועל אויסראמען די פארגיסער פון אומשולדיק בלוט,
וואס איך האב ביז איצט ניט אויסגעראמט,
און גאט וועט רוען אין ציון".

דער נביא איז אויסערגעוויינלעך פארליבט אין זיין פאלק ישראל. עס טוט אים וויי דאס אומשולדיקע בלוט, וואס שונאים האבן פארגאסן. ער וויל זיי טרייסטן, אופמונטערן, גלעטן זיי איבערן קאפ. מיט זיין טיף רעליגיעזן געפיל און ווארעם יידיש הארץ טרייסט ער זיי:

„גאט וועט באשיצן זיין פאלק,
און ער וועט זיין די פעסטונג פון ישראל".

דער נביא גלויבט אין דעם אופלעב פון דער יידישער קולטור און אופבלי פון יידישן גייסט. ער גלויבט, אז אין דער גליקלעכער צייט, ווען דאס פאלק ישראל וועט דערלעבן צו דער גליקלעכער צוקונפט, וואס דער־ווארט איר, וועט דעמאלט ישראל ווערן דער וועג ווייזער פאר גאר דער וועלט. ישראל וועט ווערן דער ליכטיקער פאקעל פאר דער גאנצער וועלט. אלע אין ישראל וועלן זיין וויטזעעוודיק מיט א חוש פון א נביא:

„אייערע זין און טעכטער וועלן נביאות זאגן,
אייערע אלטע וועלן טרוימען און זיין וויזיאנערן,
אפילו אף די קנעכט און דינסטן וועט זיין אויסגעגאסן
**מיין גייסט".**

דער נביא שטעלט זיך פאר, אז די גרעסטע גליקזעליקייט פון דער מענטשהייט וועט זיין דעמאלט ווען דער ייד וועט דערגרייכן צום העכסטן שטאפל פון גייסטיקער אנטוויקלונג. אזוי קען ריידן נאר א נביא וואס איז פארליבט אין זיין פאלק, בא וועמען דאס יידישע פאלק, זיין גייסט, זיין קולטור, זיין עטישער וועלט באנעם, איז דאס העכסטע אינעם וועלט־באשאף.

---

# חגי הנביא

די קייט פון די נביאים האט זיך געצויגן קווער דורכן יידישן פאלקס־לעבן דורך דעם גלות נבוא יחזקאל. נאך אים האט געצויגן די קייט דער שפאלטן אין צוויי מלוכות. זי איז אריינגעצויגן געווארן אזש אין גלות־לעבן דורך דעם גלות נביא יחזקאל. נאך אים האט געצויגן די קייט דער אנאנימער נביא, וועמען די ביבל־קאמענטאטארן באצייכענען מיט דעם נאמען „ישעיהו דער צווייטער".

אין דער תקופה פון דער צווייטער מלוכה אין ארץ ישראל, שוין נאכן גלות בבל, האבן א געוויסע צייט אנגעהאלטן די נביאים קייט די לעצטע דריי נביאים: חגי, זכריה און מלאכי. זייער נביאישער טאן איז שוין אבער געווען שוואכער ווי בא די ערשטע נביאים, ס'מערקט זיך ניט אין זייער נבואה דער לײדנשאפטלעכער פראטעסט קעגן סאציאלע און געזעלשאפט־לעכע אומגערעכטיקייט ווי בא די ערשטע נביאים, עס מערקט זיך ניט בא זיי ניט די דרייסטקייט ניט די אומדערשראקנקייט און ניט דער מוט מיט וועלכע די ערשטע נביאים זיינען ארויסגעטראטן קעגן מלכים און הארן, קעגן אריסטאקראטיע און קעגן המון, ווען זיי האבן באדארפט זאגן דער אמת. בא די לעצטע נביאים איז שוין אויך, ניט צו מערקן דער אוניווערסא־ליזם און גאט־באנעם ווי בא די ערשטע. די באטאנונג פון דער רעליגיע־זער עטיק אין דער ריינער יידישער אמונה, אז דער עיקר איז עטיק, מאַ־

ראַל, יושר, אמת און אופריכטיקייט, און ניט די אויסערלעכע צערעמאָ־
ניאַלן און פּראַכט אין גאָטס־דינסט. אפילו די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטישקייט
וואָס עס האָט זיך געמערקט בײַ די ערשטע נביאים אין שייכות מיט דער צו־
קונפט פון ישראל איז שוין אויך אַ סך בלאַסער בײַ די לעצטע נביאים.

חגי הנביא איז געווען דער ערשטער פון די לעצטע דריי. זיין וויר־
קונג אַלס נביא איז געווען קורץ, סך הכל איניקע חדשים. ווער דער נביא
איז געווען, ווער זיין משפחה איז, פונוואַנען ער שטאַמט ווערט אין
תנ"ך ליטעראַטור ניט באַצייכנט. מיר ווייסן אפילו ניט אויב זיין נבואה
איז דערגאַנגען צו אונדז גאַנץ און פול, ווייל די נבואה פון חגי הנביא
איז אונדז איבערגעגעבן דורך אַן אַנדערן אין זיין נאָמען.

אין אַ טרויעריקער צייט פאַרן יידישן פאָלק איז אויסגעפאַלן די וויר־
קונג פון חגי הנביא. עפּאָכע מאַכנדיקע פּאָליטישע געשעענישן זיינען פאַר־
געקומען אין זיין צייט און חגי הנביא פאַרבינדט די דאָזיקע געשעע־
נישן דירעקט מיט דער אַנטוויקלונג פון דעמאָלטדיקן יידישן לעבן.

חגי הנביא איז געווען איינער פון די גרופּע ערשטע עולים, וואָס
האָבן פאַרלאָזן בבל, באַלד ווי כורש, דער הערשער פון פּרס און מדי,
האָט דערלויבט די יידן זיך אומצוקערן צוריק קיין ארץ ישראל און ווי־
דער אופבויען דעם גייסטיק־רעליגיעזן צענטער אין ירושלים. אין זייער
אויסגעבענקט האַריץ, האָט אין דער שטיל געטליעט אַ האָפענונג צו זען
ווידער אין דעם הייליקן לאַנד אַ יידישע מלוכה אין איר פולער זעלבסט־
שטענדיקייט. זיין נבואה איז קורץ, איינפאַך, פּראָזאַיש און מאַכט דעם
איינדרוק ווי אַ היסטאָרישע פאַרצייכעניש ניט ווי אַ פּאָעטישע נבואה־
רעדע.

די יידן וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין ארץ ישראל זיינען געווען
צו ערשט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ששבצר, שפּעטער אונטער דער
אָנפירערשאַפט פון זרובבל און יהושע הכהן. ווען זיי האָבן זיך גענומען
צו דער אַרבעט אופצולעבן דאָס לאַנד, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף
גרויסע שוועריקייטן בײַ דער אַרבעט. זיי האָבן געפונען דאָס לאַנד אין אַ
שרעקלעך־פאַרלאָזענעם צושטאַנד. דעם צפונדיקן טייל, וווּ עס האָט פריער
עקזיסטירט די מלוכה פון ישראל, האָבן זיי געפונען באַזעצט פון די אַזוי

געראפענע שומרונים. דאָס איז געווען אַ געמיש פון פרעמדע עלעמענטן מיט די רעשטלעך וואָס איז דאָרטן פאַרבליבן פון די ישראל'שע שבטים. אין מערבדיקן טייל האָבן געלעבט רעשטלעך פון די אַמאָליקע פלשתים. אין מזרח זייט די עמונים און אין דרום די אייביקע שונאים פון ישראל — די מואבים. פאַר די צוריקגעקומענע יידן איז פאַרבליבן אַ קליין ווינקל —ירושלים און איר אומגעגנט. דער קליין ווינקעלע איז געווען מוראדיק פאַרלאָזן, וויסט און ווילד.

נאַטירלעך, איז די ערשטע אַרבעט פון די עולים געווען רעסטאַווירן דעם גייסטיק-רעליגיעזן צענטער אין ירושלים. אונטער דער אָנווייזונג פון יהושע הכהן האָבן זיי צו ערשט אָנגעפאַנגען מיטן אופבוי פון אַ פּראָוויזאָרישן מזבח, אויף וועלכע זיי זאָלן קענען ברענגען זייערע קרבנות.

די וואָס האָבן געהאַט באַזעצט דאָס לאַנד, באַלד נאָכן חורבן, האָבן צו ערשט ניט געשענקט קיין גרויס אופמערקזאַמקייט די צוריקגעקומענע. שפּעטער אָבער, ווען די עולים האָבן גענומען מאַכן צוגרייטונגען און האָבן זיך פאַרמאָסטן אופבויען פון דאָס ניי דעם בית המקדש, האָבן די דאָזיקע געזינטלעך זיך גענומען ערנסט פאַרטראַכטן איבער דעם פּראָבלעם.

דער פּראָבלעם האָט זיך געשטעלט פאַר זיי אין זיין גאַנצער שאַרפקייט. אין בבל האָבן יידן פיל אופגעטאָן אויף דעם געביט פון קריסטאַליזירן דעם ריינעם יידישן גייסט און פאַר דער קאָנסערוואַציע פון דער ריינער יידישער אמונה. אין בבל האָט מען געשענקט פיל אופמערקזאַמקייט דעם שטודיום פון דער תורה און אויספילן דעם לעבן גענוי נאָך אירע פאַרשריפטן. פאַרקערט, אין פיל זאַכן האָבן זיי פאַרטיפט און אויסגעברייטערט די ריינע יידישע אמונה נאָך מער ווי די תורה פאָדערט דאָס. קומענדיק אין ירושלים האָבן זיי געהאַט די אַבזיכט אופבויען דעם בית המקדש און איינפירן דעם ריינעם יידישן קולט אין זיין גאַנצער שטרענגקייט. דאָס האָט אָפּנים ניט געשמעקט די אַרומיקע שכנים.

פון איין זייט האָבן די באַזעצטע געזען אין דעם אַ געפאַר פאַר זייער אייגענער עקזיסטענץ. די עולים רעסטאַווירן דעם בית המקדש שפּעטער קען זיך זיי פאַרוועלן אויך רעסטאַווירן די מלוכה. די יידישע מלוכה וועט זיי אַרויסוואַרפן פון זייערע נחלות, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט און זיי צווינגען איינגאַנצן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זיי האָבן גענומען קוקן

קרום אַף די אַרבעט פון די עולים און געשטערט די אַרבעט מיט אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט.

פון דער אַנדער זייט האָבן נאָך געלעבט אין די ערטער רעשטלעך פון דער פאַרן חורבנדיקער יהודה און פון ישראל. זיי האָבן זיך ביז איצט געהאַלטן פאַר די אמת'ע יורשים פון די פריערדיקע מלוכות. זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר די לעגיטימע יידן, וועמען עס קומט די בכורה אַנצופירן מיט דער באַוועגונג פון אופלעבן דעם גייסטיקן צענטער אין ירושלים. אויסערדעם האָבן די דאָזיקע רעשטלעך יידן זיך צונויפגעשמאָלצן מיט די פרעמדע איינוווינער און האָבן אַזוי אַרום געבילדעט אַ שיכט פון האַלבע אָדער גאָר פערטל יידן. די דאָזיקע יידן זיינען באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „שומרונים”. זיי האָבן זיך אויך באַצויגן מיט פיינטשאַפט צום אופבוי פון אַ בית המקדש.

כדי אַריינצוקריגן אין זייערע הענט די באַוועגונג פונעם בוי, האָבן זיי צו ערשט פאָרגעשלאָגן, אַז זיי ווילן זיך באַטייליקן אינעם בוי באַגלייך מיט די אַנדערע עולים. זרובבל און דער כהן יהושע האָבן אָבער פאַרשטאַנען זייערע כוונות און האָבן געזען צו וואָס עס קען פירן אַזאַ ניט גלייכע שותפות, האָט מען זיי אָפּגעזאָגט. אין אַנבליק דערפון האָבן זיך די שומרונים פאַראייניקט מיט די אַלע פרעמדע און מען האָט אַנגעטאָן די עולים די גרעסטע נגישות. מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פון מסירות צום קעניג פון פּרס, אונטער וועמענס מאַכט די לענדער פון יהודה איז צו יענער צייט געלעגן.

דערצו מוז נאָך געזאָגט ווערן, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם הויפּן עולים איז געווען ביז גאָר אַ טרויעריקע. ניט געווען קיין מסחר אינעם ברעקל לאַנד. די ערד, וואָס איז סיי ווי ווייניק צוגעפּאַסט פאַר אַגריקול־טור, איז געווען פאַרלאָזן. הייזער וו צו וווינען איז ניט געווען. בהמות איז געווען קנאַפּ. די עולים זיינען געווען פאַראָרימט, הונגעריק און נאַקעט. נאַטירלעך, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן, האָט זיך באַ זיי די הענט ניט געהויבן עפּעס צו טאָן. מען איז אַרומגעגאַנגען פאַרטרויערט און פאַר־צווייפלט, אנטוישטע און פאַרביטערטע. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע מאָ־מענטן האָט ניט געפעלט קיין פּראָטעסטן און מורמלרייען אַלס אויסדרוק

פון אומצופרידנקייט צו די פירער, און אגיטאציע צו פארלאזן דאס לאנד.

דער פאליטישער הימל איז אין פרס אויך ניט געווען גאר ריין. כורש דער „משיח־קעניג" פון פרס, ווי ישעיהו דער צווייטער באצייכנט אים, וועלכער האט געגעבן דעם באפעל, מען זאל דערלויבן יידן זיך אומקערן צוריק קיין ארץ ישראל און זיי זאלן קענען בויען דעם בית המקדש. נאך מער, ער האט נאך געהייסן מען זאל זיי העלפן פינאנציעל פון דער מלוכה־קאסע. דער כורש איז שוין געווען טויט. זיין זון, דער יורש פון טראן איז געווען א משוגענער טיראן, א גרויסער מאכטגיריקער און ניט קיין פאליטיקער. דער יינגערער זון איז דערמארדעט געווארן בשעת דער עלטע־רער ברודער האט זיך געפונען מיט זיין ארמיי אין מצרים. עס האט זיך אפילו געפונען אן אוזורפאטאר, וואס האט פארכאפט דעם טראן פאר זיך, אין נאמען פון יינגערן זון, וועמענס מארד מען האט אויסבאהאלטן פון פאלק. שפעטער האבן זיך איינגעפונען הויכע רעגירונגס־לייט, וואס האבן דערמארדעט דעם אוזורפאטאר און געקרוינט פאר א קעניג דריוש'ן.

נאטירלעך, האבן די אלע אונטערווארפענע פעלקער און לענדער אויסגענוצט דעם אומרואיקן מאמענט. איינע נאך די אנדערע האבן גע־מאכט אופשטאנדן און רעוואלוציעס. אונטער אזעלכע אומשטענדן, האט זיך שטארק א וואקל געטאן די זיילן פון דער גרויסער מלוכה, וואס האט זיך געהאט אויסגעשפרייט לענגאויס דעם גאנצן מיטלענדישן ים און האט דערגרייכט, אזש ביז די וויסטענישן פון עטאפיע. פון „הודו ביז כוש", ווי דאס ווערט באצייכנט אין אונדזער אלטער ליטעראטור.

אט אין דעם אומרואיקן מאמענט האט זיך באוויזן דער נביא חגי. דער צענטראלער געדאנק פון זיין נבואה איז געווען — דער אופבוי פון גאטס הויז.

די פאליטישע מהומות וואס זיינען אנטשטאנען אין דער גרויסער מלוכה פון פרס איז געווארן דער אויסגאנגס־פונקט פון זיין נבואה. אין די אויערן פון פאלק האט נאך אפגעקלונגען דער הילכיקער קלאנג פון גלות־נביא יחזקאל. די באגייסטערטע צוקונפט אידעאלן פון טרוימערישן גאולה־נביא, ישעיה דער צווייטער, איז נאך אלץ געווען דער חלום פון יעדער יידן. בא חגי דעם נביא האט זיך צעגליט דער נאציאנאלער פונק.

די האפענונג וואס איז געווען טיף אין הארצן פון די גלות יידן, צו. זען מלכות יהודה אז אופגעריכטעט און דעם בית המקדש צוריק אף זיין אלטן פלאץ, האט אופגעלעבט אין הארצן פון אלטן מאן. ער האט גע־גלויבט, אז דער „טאג פון גאט״, דער טאג, וואס אלע פריערדיקע נביאים האבן פארויסגעזען איז שוין געקומען. אין דער צעטרייסלונג פון דער מעכטיקער פערסישער מלוכה האט ער געזען דעם „טאג פון גאט״. בא אים איז דער „טאג פון גאט״ ניט געווען קיין טאג פון שטראף, נאר א טאג פון פרייד. שוין, דער טאג ווען יהודה וועט צוריק אופגעבויט ווערן איז שוין געקומען. די הייליקע שטאט ירושלים דארף שוין ווידער פארנעמען איר פלאץ אלס דער רעליגיעז־גייסטיקער צענטער פון פאלק.

מיט פאלגנדיקע ווערטער דריקט זיך אוים דער נביא חגי איבער די געשעעניש:

„אזוי האט גאט געזאגט. נאך א קליין ביסל וועל איך אופשטור־רעמען הימל און ערד, דעם ים און די טריקעניש. איך וועל אופשטורעמען אלע פעלקער. די שענסטע פון די פעלקער וועלן קומען אין ציון. איך וועל אנפילן דאס דאזיקע הויז מיט כבוד״.

כדי אבער צו זיין גרייט צו דעם טאג, ווען די אלע האפענונגען וועלן דערפילט ווערן, מוז מען אופבויען דעם בית המקדש. אז בית המק־דש האט דער נביא חגי ניט געזען די פולקאמע גאולה, אף וועלכע מען ווארט מיט אזא בענקעניש. די דערווארטע מלכות יהודה וועט ניט זיין גאנץ, אויב עס וועט פעלן דער הייליקער טעמפל. און חגי אגיטירט און פאדערט צו פארשנעלערן דעם בוי פון בית המקדש.

חגי זעט שוין אפילו דעם „משיח״ וואס דארף פארווירקלעכן זיין גאולה געדאנק. דער פרינץ זרובבל, דער פירער פון די עולים, איז א די־רעקטער אפשטאמלינג פון דוד׳ס דינאסטיע. זיכער, אז ער, ניט קיין אנדערער איז באשטימט צו ווערן דער קעניג פון דער באנייטער מלכות יהודה און חגי רעדט שוין פון דעם „משיח״ ווי פון א געשעענעם פאקט.

„אין יענעם טאג, אזוי זאגט גאט, וועל איך דיר נעמען, זרובבל דער זון פון שאלתיאל איך וועל דיר מאכן ווי א זיגל, ווייל דיך האב איך אויסגעקליבן״.

אין דעם זין האט חגי גענומען ריידן צום פאלק און אופמונטערן

אים ניט צו זיין געפאלן בא זיך. מיט מער ענערגיע און מער מוט זיך גע־
מען צו דער ארבעט פון אופבוי. ער האט אין זיין נבואה דערקלערט, אז
די ארעמקייט פון פאלק איז בשום אופן ניט קיין בארעכטיקונג צו ווערן
אנטוישט און אפהענטיק אין דער ארבעט. פארקערט, האט דער נביא ארויס־
געבראכט, די ארעמקייט איז א רעזולטאט פון זייער גלייכגילטיקייט צום
הייליקן חוב. זיין אגיטאציע און אופמונטערונג האט געפונען דעם גע־
העריקן אפקלאנג אין די הערצער פון די עולים. מען האט זיך ווידער
גענומען צו דער ארבעט.

חגי האט אויך ענערגיש רעאגירט קעגן א טייל פון די עולים וואס
זיינען אונטערגעהעצט געווארן פון דעם הייפל יידן, וואס זיינען געווען
קעגן בויען פון בית המקדש. דער דאזיקער הייפל קעגנער האבן מאטי־
ווירט זייער קעגנערשאפט דערמיט, וואס דער דאזיקער בית המקדש וועלכן
מען בויט איז סיי ווי גארניט ווערן קעגן דעם וואס איז פארברענט גע־
ווארן. ער איז ארים, נישטיק, קליין, ער האט ניט דעם פראכט, וואס
יענער האט געהאט. דער אופגעהעצטער טייל האט ניט איינמאל אויסגע־
דריקט זייער אומצופרידנקייט מיט דעם בוי.

דער נביא ווענדעט זיך צו די אומצופרידענע און זאגט:

„ווער פון אייך האט געזען דעם ערשטן בית המקדש אין זיין
גאנצער פראכט? איר זאגט אזוי, דער איצטיקער איז ווי גאר־
ניט קעגן יענעם אין אייערע אויגן. אבער זאל אייך ניט ארן,
זאל זרובבל זיך נאר שטארקן. זאל זיך שטארקן יהושע דער
כהן, זאלן זיך שטארקן אלע מיט זיי. איך גאט בין מיט אייך,
מיין גייסט איז מיט אייך, האט ניט קיין מורא. איך וועל פול
מאכן דעם הויז מיט כבוד, זאגט גאט. קוקט ניט וואס דאס הויז
איז ארים. מיר געהערט דאס זילבער און דאס גאלד. דער פראכט
פון דעם הויז וועט נאך זיין גרעסער פון ערשטן. אזוי זאגט
גאט".

דאס פאלק האט גוט גענומען אין אכט די רייד פון נביא חגי און
דער בוי איז אנגעגאנגען מיט א שטארקערן טעמפ ווי ביז אהער. לײדער
האט דער נביא חגי ניט דערלעבט צו זען די פרוכט פון זיין נבואה. ער

האט ניט געזען די פארענדיקונג פון בית המקדש. ער איז געשטארבן פריער.

---

## דער נביא זכריה (דער ערשטער)

דער נביא זכריה פונקט ווי זיין פארגענגער חגי, איז אויך געווען א נביא, וואס האט געווירקט אין דער ערשטער גרופע עולים פון בבל, זכריה איז אבער געווען יינגער פון חגי און איז ארויסגעטראטן שפעטער פון אים.

עס מוז דא אונטערגעשטראכן ווערן, אז עס ווערט דא גערעדט בלויז פון דעם נביא זכריה, ווען די תנ״ך קאמענטאטארן באצייכענען אלס דעם ערשטן זכריה. זיינע נביאות פארנעמט בלויז די ערשטע אכט קאפיט־לען פון ספר זכריה. די לעצטע זעקס קאפיטלען פונעם זעלביקן ספר שרייבן די קאמענטאטארן צו, צו אן אנאנימען נביא אדער זכריה דער צווייטער, וואס האט גאר געלעבט אין אן אנדער תקופה. וועגן יענעם נביא וועט זיין די רייד שפעטער.

ביידע נביאים, חגי און זכריה, האבן זיך געשטעלט אין שפיץ פון דער באוועגונג, וואס האבן געשטרעבט דעם אופלעב פון דער יידישער מלוכה, אין די צייטן פון דער ערשטער רעסטאווראציע פון יידישן לעבן, נאכן אומקערן זיך פון בבל. אין דער ערשטער ריי אבער איז געשטאנען בא זיי דער אופבוי פון א נייעם בית המקדש. מיט דער באפעסטיקונג פון א גייסטיק־רעליגיעזן צענטער אין ירושלים, האבן זיי געזען דעם ערשטן טריט צו דער מלוכה.

דער אויסגאנגס־פונקט פון זכריה׳ס נבואה איז געווען, פונקט ווי בא חגי — די צעטרייסלונג פון דער גרויסער פערסישער מלוכה איז דער „טאג פון גאט״. די מעכטיקע מלוכה, וואס האלט אין איר מאכט יהודה, האלט באם פאלן. עס וועלן אנטשטיין מהומות צווישן די אלע קליינע מלוכות, וואס זיינען איר אונטערטעניק. דאס וועט זיין דער אנפאנג פון

„טאָג פון גאָט". די גלענצנדיק־גרויסאַרטיקע מלוכות וועלן אונטערגיין, יהודה וועט איבערלעבן און עס וועט מקויים ווערן די רייד פון די פריערדיקע נביאים, וואָס זיי האָבן פאָרויסגעזען די צוקונפט פון יהודה. צו דער מלוכה פון יהודה וועט זיך אומקערן דער גאַנצער פּראַכט פון אַמאָל. די מלוכה פון יהודה וועט שיינען און שטראַלן און מיט איר ליכטיקייט וועט זי באַשטראַלן די גאַנצע וועלט.

נאַטירלעך פאַלט שוין אַריין זכריה אין משיחישן טאָן פון די ערשטע נביאים. ער גייט נאָך ווייטער. פאַר אים איז שוין משיח געקומען. אין דער פּערזאָן פון פּרינץ זרובבל, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער באַוועגונג און איז אַ דירעקטער אָפּשטאַמלינג פון דוד'ס הויז, האָט זכריה געזען דעם געקומענעם משיח.

בכלל איז די נבואה פון זכריה די זעלביקע ווי פון חגי. ער האָט אויך געזוכט אויפצומונטערן די עולים, שטאַרקן בא זיי דעם נאַציאָנאַלן געפיל, אָנפילן זייערע הערצער מיט האָפענונג און מוט, באַלויכטן פאַר זיי די צוקונפט פון מלכות יהודה אין דעם פּראַכט און גלאַנץ ווי זיי האָבן דאָס אויסגעטרוימט אין זייערע הערצער נאָך זייענדיק אין גלות בבל. זכריה האָט אויך געזוכט די גייסטיקע דערהויבונג פון די עולים פּאַראַלעל מיטן עקאָנאָמישן אויפשטייג.

אין איין זאַך אונטערשיידט זיך דער נביא זכריה פון זיין פאָרגענגער חגי. זכריה פאַרטיפט מער און ברייטערט אויס דעם געדאַנק פון זיין נבואה. פאַר אים איז טאַקע זייער וויכטיק דער בוי פון בית המקדש. אין בית המקדש זעט ער אַ שטאַרקן פאַקטאָר, וואָס איז בכוח צו פאַראייניקן אַלע יידן און זיי גרופּירן אַרום איין מלוכה. דאָס איז אָבער פאַר אים נאָר אַן אויסערלעכער רעליגיעזער צערעמאָניאַל. זכריה פאָדערט פון יידן אַן אינערלעכע צוגרייטונג צו דינען גאָט. ער וויל אויפהייבן דעם רעליגיעזן ניוואָ פון די צוריקגעקומענע און זיי שטעלן אויף דער עטיש־רעליגיעזער הויך, וואָס די פריערדיקע נביאים האָבן געוואָלט. זכריה וויל אויך, אַז דער יסוד פון געזעלשאַפטלעכן לעבן בא די צוריקגעקומענע יידן זאָל זיין: יושר, אמת און שלום. אין דעם זין זאָגט דער נביא צו די עולים: „משפּט אַז אמת'ן משפּט, חסד און מיטגעפיל זאָל באַווייזן

איינער צום צווייטן. די אלמנה און יתום, דעם ארימען און פרעמדן אונטערדריקט ניט, טראכט ניט קיין שלעכטס אף אייער ברודער".

זכריה האט געהאלטן דעם צערעמאניאל אין בית המקדש און אפ־ריכטן גאטס־דינסט פאר זייער וויכטיק, אף אזוי פיל, אז וויפל דאס קען דינען דער פארשטארקונג פון נאציאנאלן געפיל און די גייסטיקע דער־הויבונג פון פאלק. זכריה האט געלעבט אונטער דער השפעה פון די ערשטע גרויסע נביאים. אלע נביאים האבן געוואלט זען, אז די אופגעלעבטע מל־כות יהודה זאל זיין פאריייניקט פון אלע שבטים. דער בית המקדש און דער גייסטיקער צענטער אין ירושלים איז דער בעסטער פאקטאר פאר אזא פאריייניקונג. אבער איינמאל איז די מלוכה אופגעלעבט, מוז זיין איר יסוד די עטישע יסודות וואס יענע נביאים האבן מיט אזא ברען און באַ־גייסטערונג געזוכט בא יידן.

נאך א שטריך מערקט מען אין דער נבואה פון זכריה, וואס אונ־טערשייד אים פון זיין פארגענגער חגי און וואס שטעלט אים אף א ני־דעריקערן נבואה־שטאפל ווי די ערשטע נביאים. די אינספיראציע פון די ערשטע נביאים איז געווען א דירעקטע. זיי האבן אין זייער פארטיפונג און נביאישער עקזאלטאציע געפילט אין זיך גאט. זיי האבן מיט דעם כוח פון זייערע וויזיעס, זיך באהאפטן דירעקט מיט גאט און זייער געשריי, זייער פראטעסט, זייער פאדערונג צום פאלק איז געווען ווי א געטלעכער כוח.

זכריה זעט אויך וויזיעס אבער ניט קיין דירעקטע. ער זעט א מלאך, וואס פארמיטלט אים מיט גאט. זיינע נביאות זיינען אינספירירט פון מלאך, ניט פון א דירעקטער באהעפטונג מיט דעם כוח פון גאט. מען זעט שוין, אז די ליכט פון דער נבואה ווערט שוין טונקעלער, זי האלט שוין באם אויסלעשן זיך. ער איז שוין איינער פון די לעצטע, וואס שלעפן די לאנגע נביאים קייט. ער שאפט שוין ניט מער קיין נייעס אין דער נבואה. אפילו די אגיטאציע פון אופבוי דעם בית המקדש איז אויך ניט ניי. זיין פארגענגער חגי האט דאס שוין געטאן פאר אים. זיינע צוקונפט בילדער פון יהודה'ס אופלעב זיינען דירעקט גענומען פון די ערשטע נביאים.

דער אויסגאַנגס־פּונקט פון זכריה׳ס נבואה איז געווען די מהומות, וואָס זיינען אנטשטאַנען אין דער גרויסער פּערסישער מלוכה. אין יענע מהומות האָט ער געזען דעם „טאָג פון גאָט" און דעם אָנפאַנג פון יהודה׳ס אופלעב, אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכה. אין פּרינץ זרובבל האָט ער געזען דעם מלך המשיח. דאָס איז אָבער געווען אין אָנפאַנג פון זיין נבואה. אין דער צווישנצייט איז געלונגען דעם מלך דריוש פון פּרס איינצו־שטילן די מהומות. ער האָט די מלוכה ווידער באַפעסטיקט און געשטאַרקט. דאָס הייסט, אַז דער „טאָג פון גאָט" וועט נאָך אַזוי גיך ניט קומען און דער אופלעב פון מלכות יהודה איז ווידער געשטעלט אונטער אַ פראַגע צייכן. בייט שוין טאַקע זכריה אין סוף פון זיין נבואה זיין טאָן. פריער איז זיין נבואה געווען אין דער ריכטונג פון יהודה׳ס פּאָליטישן אופלעב. ער האָט געזונגען און געשריגן:

„זינג, פריי דיך טאָכטער פון ציון, ווייל איך קום און וועל אין דיר. פיל פעלקער וועלן זיך אָנשליסן אָן דיר".

צום לעצט רעדט דער נביא וועגן דער צוקונפט פון יהודה אין אַ ריין רעליגיעזער ריכטונג:

„און פיל פעלקער, מעכטיקע נאַציעס וועלן קומען בעטן בא גאָט אין ירושלים, אין יענע צייטן וועלן מענטשן אָנכאַפּן די פּאָלע פון אַ ייד און וועלן אים זאָגן, מיר גייען מיט אייך ווייל מיר האָבן געהערט, אַז מיט אייך איז גאָט".

ער דערמאָנט שוין ניט מער דעם נאָמען פון זרובבל, מעגלעך, אַז ער איז אין צווישן געשטאָרבן אָדער ער איז אַראָפּ פון דער סצענע. ער טרייסט בלויז די עולים און ווינטשט זיי גוטס.

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט, אַזוי ווי איר זייט געווען דער סימ־באָל פון קללה צווישן די פעלקער, יהודה און ישראל, אַזוי וועל איך אייך העלפן און איר וועט ווערן דער סימבאָל פון ברכה. אָט וואָס איר דאַרפט טאָן, רעדט איינער צום אַנדערן בלויז אמת. אמת, משפט און פרידן זאָלט איר משפט׳ן אין אייערע שטעט. טראַכט ניט אין אייער הארצן קיין שלעכטס שווערט ניט פאַלש, ווייל דאָס אַלץ האָב איך פיינט, אַזוי רעדט גאָט".

דאָס געזאָגטע באַציט זיך נאָר אויף די ערשטע אַכט קאַפּיטלען פון ספר זכריה. וועגן די לעצטע זעקס קאַפּיטלען איז דאָ אַ גרויסע מיינונגס־פאַרשידנהייט, וואָס איז שייך דער נביא וועמען זיי געהערן.

אין דעם זיינען אַלע איינפאַרשטאַנען, אַז דאָס געהער ניט צו דעם זכריה, וואָס האָט געשריבן די ערשטע אַכט קאַפּיטלען. צו דער מיינונג ווערט אָנגעגעבן פאָלגנדיקע וואָגיקע אַרגומענטן: ערשטנס, די פאָרם איז אַ גאַנץ אַנדערע. בשעת די ערשטע אַכט קאַפּיטלען ווערט באַצייכנט גע־נוי די צייט ווען דער נביא האָט דאָס געזאָגט, ווערט אין די לעצטע זעקס קאַפּיטלען די צייט קיינמאָל ניט דערמאָנט.

צווייטנס. דער סטיל אין ערשטן טייל איז אינגאַנצן פּראָזאיש, דער־ציילעריש. זעלטן ווו מען טרעפט אַ פּראָזע אין פּאָעטישער פאָרם, בשעת אין צווייטן טייל איז דער סטיל אינגאַנצן פּאָעטיש און ווערט געהאַלטן אין טאָן פון די ערשטע גרויסע נביאים.

דריטנס. אין ערשטן טייל האָבן מיר צו טאָן מיט וויזיאָנערישע ביל־דער. אין צווייטן טייל איז פון אַזעלכע בילדער קיין זכר ניטאָ.

פערטנס, און גאַנץ באַזונדערס ליגט אַ גרויסער אונטערשייד אין אינ־האַלט פון דער נבואה. דער ערשטער טייל באַזירט זיך אויף היסטאָרישע פאַקטן און פיגורן. די נעמען פון זרובבל, יהושע הכהן זיינען היסטאָרישע פיגורן. דער בוי פון בית המקדש איז אַ היסטאָרישער פאַקט. די אַלע גע־שעענישן פון יענער צייט זיינען קאָנקרעטע. אינעם צווייטן טייל ווערט ניט דערמאָנט ניט די פּערזאָנען און ניט די פאַקטן. עס רעדט זיך דאָרטן נאָר וועגן געשעענישן אַבסטראַקטע, ניט גענוי באַצייכנטע. אַלץ איז דאָרטן באַשריבן אַלעגאָריש, נעמען סימבאָלישע, געשעענישן פאַרשטעלטע.

אַ גרויסע מיינונגס־פאַרשידנהייט איז דאָ איבער דער צייט ווען די לעצטע נביאות זיינען געזאָגט געוואָרן. אַ טייל מפרשים און קאָמענטאַטאָרן ווילן האָבן, אַז דאָס איז זכריה בן יברכיהו, וואָס האָט געלעבט אין די צייטן פון ישעיה דעם ערשטן און איז טאָקע דערמאָנט אין ספר ישעיה.

אַ טייל ווידער ווילן האָבן, אַז די נבואה באַציט זיך אויף אַ סך אַ שפּעטערע צייט. מען נעמט אַרויס פון דער נבואה, אַז דאָס איז שוין גאָר געווען אין די צייטן פון אנטיוכוס־עפּיפאַנוס און אין די חשמונאים צייטן.

אַנדערע ביבל פאַרשער ווילן האָבן, אַז די דאָזיקע קאַפּיטלען זיינען פראַגמענטן געפונענע אַז דעם נאָמען פון נביא. און האַלטנדיק אין שליסן די זאַמלונגען פון די נביאים כדי זיי צו קאַנאַנירן, האָט מען זיי פשוט און פּראָסט צוגעטשעפּעט צום ספר זכריה. אַזוי אַרום אַפּצוהיטן דאָס, פון פאַרלוירן ווערן.

# דער נביא מלאכי

וועגן דעם לעצטן פון די נביאים, וואָס איז אונדז באַקאַנט פון דער מסורה — דער נביא מלאכי זיינען די ביבל קריטיקער און קאָמענטאַטאָרן אויך מחולק. עס איז ניט קלאָר אויב מלאכי איז דער ריכטיקער נאָמען פון נביא אָדער דאָס איז נאָר אַ סימבאָלישער נאָמען. אין תלמוד ווערט געבראַכט א סברה, אַז דאָס איז גאָר געווען עזרא הכהן. די מאָדערנע ביבל־קאָמענטאַטאָרן האַלטן, אַז דאָ האַנדלט זיך דורכויס פון אַן אַנאָנימען נביא, וועמענס ריכטיקער נאָמען איז פאַרבליבן אומבאַקאַנט פאַר אונדז. איינס איז קלאָר, אַז דער נביא האָט געווירקט אין דער צייט פון עזרא און נחמיה און נאָכן אויפבויען דעם בית המקדש.

אורטיילנדיק נאָכן אינהאַלט פון דער נבואה, האָט דער נביא מלאכי געלייגט דעם הויפּט געוויכט פון זיין נבואה אויף דריי פּונקטן. ווי עס שיינט איז דער נביא געווען זייער אַ געלערנטער מאַן און דערצו האָט ער שטאַרק רעספּעקטירט די רעליגיע. ער איז גוט באַהאַוונט אין תורת משה און דאָס האָט אים געדינט פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט צו זיין נבואה. ווי מען קען אורטיילן פון זיינע פאָדערונגען צום פאָלק און צו די כהנים, איז ער געווען איינער פון די וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט עזרא און נחמיה אין די רעליגיעזע רעפאָרמען, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין יידישן לעבן.

דאָס ערשטע וואָס דער נביא מלאכי וויל, איז די ליבע פון ישראל צו גאָט. דער נביא אַנטוויקלט אַ געדאַנק, אַז גאָט ליבט דאָס פאָלק ישראל

ווי א פאטער זיין קינד. אויב מיר זיינען אין דער מדרגה ווי קינדער צו גאט, דארפן מיר זיך באציען צו גאט ווי קינדער צו א פאטער. מיר דארפן ארויסווייזן אונדזער ליבע צו אים און גאנץ באזונדערס דארפן מיר לעבן צווישן זיך ווי קינדער פון איין פאטער. עס מוז הערשן א קעגנזייטיקע פריינטשאפט און ברידערלעכקייט אין די באציונגען פון איינעם צום אנדערן. טענה׳ט טאקע דער נביא:

„מיר האבן דאך איין פאטער, איין גאט האט אונדז אלעמען באשאפן, פארוואס זשע זאלן מיר זיין אומטריי איין ברודער צום אנדערן און פארשוועכן דעם בונט פון אונדזערע אבות?"

דאס צווייטע אף וואס דער נביא שטעלט דעם טראפ איז די משפחה ריינקייט בא יידן. דער נביא באטראכט די הייראט פון א מאן מיט א פרוי ווי א הייליקער בונט פון גאט. ער באצייכנט די חתונה צווישן א מאן מיט א פרוי מיט פאלגנדע ווערטער:

„גאט איז דאך אן עדות צווישן דיר און דיין יוגנט פרוי, און דו ביסט איר אומטריי, בשעת זי איז דיין חבר׳טע און דיין שותפ׳טע".

דער נביא האלט די יידישע פרוי פאר א פולקאמע ותפ׳טע אין פאמיליען־לעבן. ער ברענגט ארויס די גלייכבארעכטיקונג פון דער פרוי מיטן מאן אין זייער היים און פאמיליע. גאט אליין איז אן עדות אין זייער חתונה אפמאך. זיין אומטריי צו דער פרוי, ווער רעדט נאך צערייסן דעם פאמיליען בונט צווישן מאן און ווייב, איז א פארברעכן קעגן גאט. פאר אזעלכע פארברעכנס שטראפט גאט. ס׳ קען פארוואנדלען זיין ליבע אין א שנאה און דאס פירט צו א שלעכטן און געדריקטן לעבן.

דאס דריטע וואס דער נביא ברענגט ארויס איז די היסטארישע מי־סיע פון יידישן פאלק. ער לייגט א סך געוויכט אף די אנדערשקייט פון יידישן פאלק. דער נביא האלט, אז יידן דארפן זיין אפגעזונדערט פון אנ־דערע פעלקער. יידיש לעבן דארף זיך אויסצייכענען אין אלע הינזיכטן. גייסטיק, קולטורעל און סאציאל העכער פון אל־ פעלקער, ווייל גאט האט זיי געמאכט פאר א הייליק פאלק „א פאלק פון כהנים" יידן דארפן דינען ווי א ליכט, וואס זאל באלויכטן דאס לעבן פון אנדערע פעלקער. דאס

אויסמישן זיך מיט פרעמדע פעלקער ווישט אָפּ די יידישע אַנדערשקייט און דעם יידישן פּרצוף אין לעבן.

דעם נביא טוט שטאַרק וויי. דער פאַקט, וואָס אין זיין תקופה האָט זיך געמערקט אַ גרויסע אַסימילאַציע צווישן יידן און די דאָזיקע אַסימילאַציע איז געקומען פון הייראַטן פרעמד־שטאַמיקע. די יידן וואָס האָבן זיך דעמאָלט איינגעאָרדנט אין ירושלים, נאָכן קומען פון בבל, זיינען געשטאַנען פאַר דער געפאַר פון פולקאָמען גייסטיקן אומקום. און די קליינע, עקאָנאָמישע שוואַכע, קולטורעל אָפּגעשטאַנענע יידישע געמיינדע זיינען אריינגעדרונגען אַ סך פרעמדשטאַמיקע עלעמענטן. פיל פון די געצנדינערישע שכנים, וואָס האָבן געלעבט דאָרטן נאָך פון פריער, נאָך פאַר דער צייט ווען בבל האָט חרוב געמאַכט יהודה, האָבן גענומען פאַמיליעס זיך אויסמישן מיט די געקומענע יידן. אונטער די דאָזיקע אומשטענדן איז אנטשטאַנען אַ משפחה־קרובה׳שאַפט צווישן יידן און פרעמדשטאַמיקע. יידישע פאַמיליעס האָבן אריינגענומען טעכטער און זין פון פרעמדע פעלקער. צוזאַמען מיט זיי איז אויך אריינגעדרונגען אין די יידישע היימען זייערע קולטן, זייערע געוווינהייטן און זייער לעבנס־שטייגער.

דער פּלאָג איז געוואָרן אַזוי געפערלעך און האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז יידן האָבן גענומען אָפּגעבן זייערע יידישע פרויען און חתונה געהאַט מיט פרעמדשטאַמיקע. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די באַוועגונג חתונה צו האָבן מיט די שומרונים, וואָס זיינען געווען פאַרעכנט פאַר האַלבע יידן, האָבן אָבער געפירט אַ פולשטענדיק ניט יידיש לעבן. די געמישטע חתונות האָבן זיך פאַרשפּרייט סיי אין די העכערע שיכטן פון פאָלק און סיי אין די נידעריקערע. די געפאַר איז געווען גרויס. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז יידן זאָלן פאַרלירן זייער ראַסן־ריינקייט און עס זאָל פאַרשווינדן אינגאַנצן דער יידישער רעליגיעזער לעבן. דאָס דעמאָלטדיקע יידישע לעבן האָט זיך גענויטיקט אין אַ רעליגיעזער אינזעקציע אין קעגן־פאַל איז אים פאַרגעשטאַנען די באַלדיקע סכנה אונטערצוגיין און ווערן אָפּגעשווענקט פון אויבערפלעך. קעגן דער דאָזיקער סכנה האָבן זיך מאָביליזירט די בעסטע כוחות פון דער געזעלשאַפט און מלאכי איז געווען דער וואָס האָט די כוחות אַרויסגערופן און באַוועגט.

דעם צערעמאָניאַל פון גאָט דינען און דעם רעליגיעזן חוב דערפילן מיט גאָט דינען. אויב דאָס פאָלק וויל קרבנות טאָ זאָל זיין קרבנות. ער האָט ניט אויסגעלאכט די קרבנות און זיי ניט נעגירט. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז דינען גאָט זאָל מען מיט רעספּעקט און יראת הכבוד. ניט גרינג שעצן דעם צערעמאָניאַל פון גאָט־דינען און דעם רעליגיעזן חוב דערפילן מיט דער געהעריקער ערנסטקייט. אין דער הינזיכט איז דער נביא מלאכי געווען קאָנסעקווענט. ער האָט אָנגעגריפן די כהנים און די לויים, וואָס אין יענער צייט זיינען זיי געווען די גייסטיקע פירער פון פאָלק און די פּאָליטישע וואָרט־זאָגער. ער האָט זיי פאַרגעוואָרפן, אַז זיי באַציען זיך צו זייער הויכן אַמט צו לייכט, צופיל מאַטעריאַליסטיש זיינען זיי. זיי האָבן ניט דעם געהעריקן רעספּעקט צו זייער הויכן באַרוף. מען נעמט באַם עולם אַ גוט שעפּסל צו ברענגען אַלס קרבן און מען פאַרבייט זי אויף אַ קראַנק שעפּסל, די גוטע באַהאַלט מען פאַר זיך. מען ווייזט אַרויס אַ גרינגשעצונג צום מזבח. די כהנים קלערן ניט אויף דעם עולם די אמתע פּרינציפּן פון דער יידישער רעליגיע, מען האַלט דעם עולם אין דער פינצטער. מען באַלויכט ניט פאַר זיי דעם עיקר פון אַ ריינעם און אַן אמת׳ן יידישן לעבן. מיט פאָלגנדיקע ענערגישע ווערטער רעדט דער נביא צו די כהנים.

„עס וועט קומען דער טאָג ווען גאָט וועט זיך אַנטפּלעקן. ווער וועט קענען אויסהאַלטן דעם טאָג פון זיין קומען? ווער וועט זיך קענען באַווייזן פאַר אים? ער וועט לייטערן מיט אַ פייער. ווי מען וואַשט מיט נאַטראַן וועט ער וואַשן. ער וועט לייטערן און רייניקן די לויים ווי מען לייטערט זילבער און גאָלד. ערשט דעמאָלט, אויסגעלייטערטע און גערייניקטע וועלן זיי זיין ראוי צו ברענגען אַ קרבן צו גאָט און דעמאָלט, וועט זיין אָנגענעם פאַר אים די מנחה פון יהודה און ירושלים".

גאָט זאָגט, איר כהנים, שענדן מיין נאָמען איר וועט דאָך געוויס פרעגן מיט וואָס שענדן מיר? איר ברענגט אויף מיין מזבח שמוציק ברויט, איר ברענגט אַ בלינד און אַ קראַנק שאָף אפן מזבח. איר רעדט זיך איין, אַז אין דעם שטעקט ניט קיין שלעכטס".

„פּרובירט ברענגען אַזוינס צו אייער פּחה (רעגירונגס־פאַר־שטייער) וועט ער פון אייך אַזוינס אָנעמען?".

און דער נביא פירט אויס:

הלואי וואָלט איר בעסער פאַרשלאָסן די טירן פון מיין הויז און ניט אָנגעצונדן אומזיסט קיין פייער; איך פאַרלאַנג ניט פון אייך גאָרניט. די מנחות וועל איך ניט באַוויליקן פון אייערע הענט. מיין נאָמען איז פאַרכטיק צווישן אַלע פעלקער".

דער נביא איז אַזוי אופגעבראַכט אַף די כהנים פאַר זייער גרינגשע־צונג צו גאָט, אַז ער שטעלט זיך ניט אָפּ אַפילו פון שעלטן זיי:

„איר כהנים, אויב איר וועט ניט האָרכן, אויב איר וועט ניט טאָן מיטן גאַנצן האַרצן, וועל איך שיקן אַף אייך אַ קללה — זאָגט גאָט.

„מיין בונט מיט די לויים איז געווען — לעבן און פרידן, דאַרפן זיי מיין נאָמען האַלטן מיט מורא און רעספּעקט. זייער מויל דאַרף ריידן נאָר אמת, ווייל די ליפּן פון די כהנים דאַרפן היטן די וויסנשאַפט. פון זיין מויל זוכט מען צו הערן די תורה, דאַרף ער זיין גלייך צו אַ מלאך, און איר פאַרדרייט די תורה און דערמיט שטרויכלט איר אַלעמען. דערפאַר ווערט איר בזוי־דיק און דערנידעריקט באַם פאָלק".

פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אַף דעם וואָס ער טאַדלט אַזוי די כהנים און די גייסטיקע פירער, פאַר זייער ניט אופריכטיקייט און גרינגשעצונג צו דער רעליגיע, פאָדערט אוף דער נביא דעם עולם, אַז דער עולם זאָל טאָן זיינס, ער מוז געבן אין בית המקדש אַריין די מעשר און די תרו־מות לויט דעם אָנזאָג פון דער תורה, ווייל די כהנים און די לויים מוזן דאָך אויך לעבן. ער קומט צום אויספיר, אויב די כהנים וועלן טאָן זייערס אופריכטיק און אין נאָמען פון גאָט און דאָס פאָלק וועט טאָן זיינס, רעס־פּעקטירן די געבאָטן פון דער תורה, וועט גאָט העלפן און ער וועט שיקן זיינע ברכות און דאָס גאַנצע פאָלק וועט לעבן גליקלעך.

צום סוף אַפּעלירט דער נביא צום גאַנצן פאָלק, מען זאָל געדענקען די תורה פון משה'ן און מען זאָל אָפּהיטן אַלע אירע געזעצן. דער נביא

זעט דעם יסוד פון יידיש לעבן אין דער אפהיטונג פון דער תורה און
אירע דינים. ער רעדט אויך פון דעם „טאג פון גאט" אבער ער רעדט
פון אים אין אן אנדער פארם. ער דערמאנט בלויז, אז בעפאר דער „טאג
פון גאט, דער שרעקלעכער און דער גרויסער" וועט קומען „וועט זיך באַ־
ווייזן די לעגענדארע פערזענלעכקייט פון אליהו הנביא — דער סימבאָל
און קעמפער פון א נייעם יידישן לעבן און גלויבן אין איינציקן גאט".

---

**נעמען פון אינסטיטוציעס און פערזאָנען וואָס האָבן מאַטעריעל און מאָראַליש מיטגעהאָלפן דאָס אַרויסגעבן פון „נביאים - געשטאַלטן״:**

ייִדישע קהלה אין מאָנטעווידעאָ.
פאַרבאַנד פון יידישע סוחרים און אינדוסטריאַלן.
ציוניסטישע פעדעראַציע.
ערשטע יידישע האנדלס - קאָאָפעראַטיווע.
הילפספאַרבאנד פון ליטוויש-לעטישע יידן אין אורוגוויי.
שולע ד״ר הערצל.

אליהו האָפשטעטער
יעקב גאָלובאָוו
יוסף גוראָוויטש
שמואל קאָברין
לעאָן וויצמאַן
גרעגאָריאָ גימעלפארב
יואל בערנשטיין
יצחק שאַפּיראָ
מרדכי שאַפּיראָ
זלמן שאַפּיראָ
מרדכי ליבערמאַן
שבנא אייזענבערג
וואָלף ביסטער
ראובן בוקשטיין
סימאָן בורקאטאָווסקי
יצחק ערדמאַן
דוד האַנדעלמאַן
ישראל יוראָווסקי
בנימין מיאָדאָוניק
איסר סטריאַקאָווסקי
הערש ראַזענבאַך
עליאַס מעיעראָוויטש

פנחס שאַפעל
משה מיליעס
יצחק רויטמאַן
איסידאָראָ קוניך
יעקב רויף
אַברהם טענענבוים
נאַטאַן פערבער
דוד טוגענדער
איסר זאַמוניסקי
ראָבערטאָ מיטניק
בערנאַרדאָ עלפערן
הערמאַן שפיטאַלניק
עקיבא סטריקאָווסקי
בנימין און ראובן גלעזער
חיים באָנדא
גמליאל עפשטיין
כואַן קאַץ
משה ניסעלקאָווסקי
אליעזר שאַרף
אַריה שלאפראק
יוסף וויסאָקיקאַמיען
יעקב בלעכמאַן

אַ הארציקן יישר כח אַלע אויבנאויסגערעכנטע.

פון מחבר.

איך האלט פאַר מיין חוב מיט מיין גאַנצער אויפריכטיקייט, אויסצודריקן אַ האַרציקן יישר כוח דעם היגן באַקאַנטן דרוקער און פאַרלעגער, פריינט ר׳ ב מ ר ג ל י ו ת פאַר זיין ווערטפולע הילף.

פריינט מרגליות האָט אויסגענוצט זיין טיפע ידיעה אין תנ״ך און זיין שרייבערישע האַביטאַליטעט מיר צו העלפן באַ דער קאָרעקטור פונעם דאָזיקן ווערק. איך ווינטש אים אַריכת ימים און הצלחה אין זיין אונטערנעמונג.

ד ע ר מ ח ב ר.